אברהם קאַראַלניק

# שריפטען

דריטער באַנד

## שטימונגען און בילדער

(רייזע איינדרוקען)



אַרויסגעגעבען פון
קאַראַלניק פאַרלאַג קאָמיטעט
ניו יאָרק, 1940

# פון דעם „קאַראַלניק פאַרלאַג קאָמיטעט"

דאָ לעגען מיר פאַר פאַר די פאַרעהרער פון דעם באַרימטען שריפטשטעלער, אברהם קאַראַלניק, אַ באַנד פון זיינע רייזע ביל־דער און שטימונגען.

אויסשעפּען דעם גאַנצען אוצר פון קאַראַלניק׳ס רייזע־איבער־לעבונגען און רייזע־איינדרוקען, דעם דאָזיגען אוצר פון געפיהלען, געדאַנקען און בילדער, איז לעת־עתה אוממעגליך — מיר וואָלטען באַדאַרפט אַרויסגעבען עטליכע בענדער אַזעלכע, ווי דער, וואָס ווערט דאָ פאָרגעלעגט. די אַלע וועלטען, ווייטע און נאָהענטע, וואָס דר. קאַראַלניק פיהרט אַזוי מייסטערהאַפט דורך פאַר אונזערע אויגען; זיין בליצאַרטיקעס באַלייכטען פון די פאַרבאַרגענסטע ווינקעלאַך פון די וועלטען; די ברייטע האָריזאָנטען — לאַנד־שאַפטליכע און געדאַנקליכע — וואָס עפענען זיך פאַר אונז אין זיינע רייזע־באַשרייבונגען; ענדליך, די באַצויבערענדיגע אַט־מאָספער פון צאַרטקייט און אינטימקייט, וואָס ער שאַפט אַרום דעם אמת שעהנעם און קינסטלערישען אין דער וועלט — דאָס אַלץ איז אַזוי ווערטפול און באַרייכענדיג, אַז עס וואָלט זיך ניט געוואָלט אַרויסלאָזען קיין איין אַרטיקעל פון זיינע וואַנדערונגען.

אברהם קאַראַלניק האָט אָנגעהויבען וואַנדערען פון 13 יאָהר אָן — פון דעם יאָהר, ווען ער איז דאָס ערשטע מאָל אַרויסגעפּאָה־רען פון זיין עלטערען׳ס היים, פון רוסלאַנד קיין עסטרייך, וואו ער איז אָנגעקומען אין אַ דייטשער גימנאַזיע, און פון דעמאָלט אָן האָט ער שוין פון קיין רוה ניט געוואוסט. געטריבען כסדר פון אַן אומגעהויערער ליבע צו וויסען, זעהן און פאַרשטעהן; גע־טריבען פון אַ געוואַלדיגען נשמה־דראַנג צום סודות׳דיגען, צום ווייטען, צום פון פשוט׳ען אויג פאַרהוילטען, האָט ער אייגענטליך זיין גאַנץ לעבען געוואַנדערט און געזוכט. זאָט איז געוואָרען זיין אויג, אַלע עקען פון דער וועלט האָט עס אויסגעקוקט און אויס־געזעהן — זאָט און פול מיט ליכט און שאָטען; אָבער זיין האַרץ האָט זיך ניט געקאָנט אָנזעטיגען. יעדעס מאָל האָט עס פונ׳סניי אויפגעציטערט — ביי יעדען ניואַנס פון יעדער פאַרב, ביי יעדען קנייטש פון יעדער פאָרם.

אָט דעם ציטער פון דר. קאַראַלניק׳ס נשמה האָבען מיר אין זין געהאַט ביים אויסקלייבען פון רייכען אוצר די אַרטיקלען פאַר דעם באַנד, וואָס זיינען דאָ פאָרגעלעגט; און פאַר דעם אויסוואַהל פון די אַרטיקלען קומט אָנערקענונג מאַדאַם ליזאַ לעסטשינסקי, אַ שוועסטער פון קאַראַלניק. אויך קומט אַ דאַנק דר. יהושע בלאָך און א. בערגער פאַר זייער מיטווירקונג און לייסטונג אין דער אַרבייט.

# אינהאַלט



IV



V



VI

# צווישען הימעל און וואַסער

1

אויפ׳ן וואַסער. פריי. צווישען הימעל — און אַן אַנדער הימעל. בלויז איין הימעל איז ווייט — ניט אַזוי ווייט ווי אויף דער ערד, און דערפאַר רוהיג און פרעמד און אומבאַוועגליך. דער אַנדערער — מיר רופען איהם אַן „ים״ — איז אונטער מיר, עטליכע ברעטער צווישען מיר און איהם, נאָהענט, און דערפאַר אַזוי לעבעדיג, אַזוי שייכות׳דיג.

מען האָט אויף מיר אַמאָל פאַראיבעל געהאַט, וואָס איך האָב קריטיקירט דזשאָזעף קאָנראַד׳ס „ים־בילדער״. עס קאָן זיין, אַז מיין קריטיק איז געווען אַביסעל סוביעקטיוו. די פערזענליכקייט פון קאָנראַד, זיין סטיל, זיין אַנגליזירטע סלאַווישע היסטעריע, זיין כלומר׳שטע טיפקייט, וואָס איז ניט מעהר ווי ליטעראַטור — זיי זיינען מיר אַלע אומסימפּאַטיש. ס׳קאָן זיין, אַז די וואָס האָבען פּראָטעסטירט קעגען מיין קריטיק — זיי זיינען אויך געווען סוביעקטיוו: די סימפּאַטיע צו פוילען האָט באַאיינפלוסט זייער ליטעראַרישען געשמאַק; אָבער וואָס מעהר איך קוק זיך איין אין דעם ים, אַלץ מעהר זעה איך, אַז ער פּאַסט ניט פאַר „ליטעראַטור״. ווייל ליטעראַטור איז באַציהונג, מענשליכע פאַרבונדענקייט. ליטעראַטור איז — פאַרגלייכען און אורטיילען. וואָרים וואָס איז „באַשרייבען״, „אויסמאָלען״, אַנאַליזירען, א. אַז. וו., אויב ניט פאַרגלייכען? און פאַרגלייכען קאָן מען צו עפּעס וואָס איז אונז נאָהענט, וואָס איז אַנדערש, ד. ה. מען פאַרגלייכט אַלצדינג — מיט זיך.

אָבער דאָס איז דאָס אייגענטימליכסטע, דאָס גרויסאַרטיגסטע אין דער ערשיינונג „ים״, וואָס איז אויסער יעדען פאַרגלייך.

איהר לעצטער עלעמענט איז באַוועגונג. בלויז באַוועגונג — ניט מעהר. און אָהן אַ תכלית.

ערד האָט אַ צוועק. הימעל האָט אַ צוועק אין אונזער לעבען. זיי האָבען אַ שייכות צו אונז. ים איז פאַר זיך. ווייסט פון אונז גאָרניט. און מיר ניט פון איהם. בלויז אַ וועג — און באַוועגונג — און דערוועקונג.

אָבער וואָס איז מיר אייגענטליך די נפקא מינה? קאָנראַד און

ליטעראַטור, און קריטיק, און חקירה וועגען, איבער און פון דעם ים אָדער פון דער ערד און הימעל און מענש ?

אַ מערקווירדיג געפיהל פון פרייהייט. פיער ווענט — ברעטער פאַרקלאַפּט מיט אייזערנע באַלקען, אָבער דאָך פרייהייט. קאָנסט אין ערגיץ ניט געהן, קאָנסט ניט אַריבערשפּאַנען די מחיצה, אָבער ווילסט אויך ניט. מיט אַמאָל אַלצדינג אָפּגעטאָן. דאַרפסט גאָר־ניט. טראַכסט פון גאָרניט. ביזט אַליין — אַ פרעמדער צו אַלע־מען. אפילו צו זיך.

ביזט „דיזקאָנעקטעד”.

אַ טאָג פאַר מיין אָוועקפאָהרען פון ניו יאָרק האָב איך אָנגע־קלונגען דער טעלעפאָן קאָמפּאַניע זי זאָל אָפּשטעלען מיין טע־לעפאָן. „ווען ?” „מאָרגען, צוועלף אַזייגער”. „אָל־ראַיט, סער”, האָט געענטפערט אַ קול.

און אויפ'ן צווייטען טאָג, אַ פּאָר שעה איידער איך האָב זיך געזעצט אויפ'ן שיף, האָט פּונקט צוועלף אַזייגער אַ קלונג געטאָן דער טעלעפאָן אין מיין וואוינונג, און אַ הייזעריגער, ווי פון מרחקים־קומענדער קול האָט אָנגעזאָגט: „יו אַר דיזקאָנעקטעד” — איהר זייט אָפּגעבונדען. און עס איז געוואָרען שטיל. דער אַפּאַראַט איז געשטאַנען אויף זיין פּלאַץ, אָבער ער איז געווען טויט.

איך ווייס ניט פאַרוואָס, אפשר דערפאַר וואָס דאָס קול איז געווען אַזאַ הייזעריגס, אַזאַ ריבאַייזענדיגס, אָבער עס קלינגט מיר נאָך אַלץ אין אויער — און דאָס וואָרט „דיזקאָנעקטעד” זינגט אין מיין מוח. אָפּגעבונדען. אָט נאָר וואָס געווען פאַרבונדען מיט דער גאַנצער וועלט. אַ קוועטש געטאָן אַ קנעפּעל, און פעדים האָבען זיך אָנגעהויבען צו ציהען. קול צו קול, נשמה צו נשמה. ליבע, צאָרן, גלייכגילטיגקייט, פאַרכאַפּטקייט, מידקייט, ווילען, גאָרען נאָך ווּעלען, געבען און נעהמען — די גאַנצע סקאַלאַ פון לעבען האָט געטאַנצט אויף דעם פאָדים. קיינער זעהט זיי ניט, אָט די פאַר־באָרגענע פעדים, אָבער זיי זיינען שטאַרקער, ווי אייזערנע קייבעל־שטריק. מען קאָן זיי ניט צעשניידען.

און פּלוצלינג — אָפּגעבונדען. שטיל, אַליין.

און אַזוי, דאַכט זיך, ווען דער לעצטער מאָמענט קומט. ווייל צוריק — אַ פאַרבונדענער, אַ צוגעבונדענער, אַ געבונדענער. און מיט אַמאָל אַ שטימע פון דער אַנדערער זייט — פון די ווייטע, ווייטע פרעמדקייטען: „יו אַר דיזקאָנעקטעד, סער” — און פריי,

און שטום און מען רופט עס טויט. איז דאָס דאָס פּאַסענדסטע וואָרט?

איך וואָלט בלויז געוואָלט וויסען, צי דאָס קול, דאָס לעצטע קול איז אויך אַ הייזעריגס. צי האָט עס, ווי די פאַנטאַזיע פון די לעבעדיגע מאָלט עס זיך אויס — אַ זיסען, האַרפען־קלינגענדיגען, הלל׳דיגען שירה־טאָן?

אפילו סער אָליווער לאָדזש, וואָס ווייסט אַזוי פיל וועגען דעם וואָס עס טוט זיך „דאָרט״ און „דערנאָך״, האָט עס אונז אויך קיינ־מאָל ניט אַנטפּלעקט. עס ווייזט אויס, אַז דער עצם פון ווערען „דיזקאָנעקטעד״, איז — פאַרלירען דעם חוש פאַר טאָן־קוואַליטעט. אַלע טענער ווערען גלייך—אין דער אומענדליכקייט פון שטילקייט.

## 2

## „רייזע־בילדער״

איך בין אָוועקגעפאָהרען, ווי די צייטונג האָט געמאָלדען, צו באַקומען איינדרוקען און שרייבען רייזע־בילדער. און ווען אַ צייטונג שרייבט, מוז עס דאָך זיין אמת.

עס איז זיכער ניט קיין נאָווינע. ניט צום ערשטען — און זיכער ניט צום לעצטען — מאָל פאָהרען מענשען איבער אַלע זיבען ימים, קלעטערען אויף די העכסטע בערג, וואַנדערען איבער אייז־פאַרקאָוועטע סטעפּעס און זאַמד־דערטרונקענע הייסע מדבריות, כדי צו „זאַמלען איינדרוקען״ און „שרייבען רייזע־בילדער״. און אפילו ביי מיר איז דאָס ניט דאָס ערשטע — און לאָמיר האָפען, ניט צום לעצטען מאָל.

אייגענטליך איז מיין גאַנץ לעבען געווען אַ זאַמלען פון איינ־דרוקען. און אפשר איז דאָס דאָס לעבען פון יעדען שריפטשטע־לער. מען זאַמעלט איינדרוקען אין דער גרויסער, ברייטער, וויי־טער וועלט, אָדער אין זיין קליינעם, ענגען ווינקעל, מען פאָהרט, ווי פיער לאָטי, אין דעם לאַנד פון כריזאַנטעמען אָדער אין דעם לאַנד פון דעם לאָטוס, פון לאַנד צו לאַנד, פון איין אַוואַנטיורע צו דער צווייטער, אָדער, ווי זשאַזעף דע מעסט, מאַכט מען אַ „רייזע אַרום דער וועלט״ אין אַ מעת־לעת אין זיין אייגענעם חדר׳ל. מען יאָגט נאָך עלעפאַנטען און טיגערס, אָדער נאָך געדאַנקען און שטימונגען, שווערער, געפעהרליכער, ווי אַ יאַגד אין די אַפריקאַ־נישע דזשונגלען — און דאָס אַלץ צוליב וואָס?

דר. א. קאָראַלניק

דער יעגער שטעלט איין זיין לעבען, שיסט אַ טיגער אָדער כאַפּט אַן אַליגאַטאָר, ציהט איהם אַראָפּ די פעל און שטעלט איהם דערנאָך אויס אין אַ מוזיי, כדי די וואָס ריהרען זיך ניט פון זייערע ערטער, די וואָס שטעלען גאָרניט איין, וואָס ריזיקירען ניט, זוכען ניט, כדי זיי, די רוהיגע, די אומגעשטערטע זאָלען האָבען אויף אַ ווייל אַן אילוזיע פון אַוואַנטיורע. דער באָטאַניקער זאַמעלט בלו־מען, זעלטענע פּלאַנצען, רייסט זיי אויס פון זייער לעבעדיגען שורש, און קלעפּט זיי אויף אין אַ „הערבאַריום" — אין אַ פּאַפּירענעם בוך — ווידעראַמאָל, כדי אַנדערע, די וואָס האָבען ניט געהאַט קיין געלעגענהייט, זאָלען באַקומען אַ בילד פון דער רייכקייט און פאַר־ביגקייט פון דעם לעבען.

און אַלע מענשען לויפען איבער דער וועלט — יעדער אויף זיין אופן, יעדער אין זיין שטח — צו זאַמלען איינדרוקען, און דער־צעהלען זיי, שענקען זיי צו אַנדערע.

שענקען זיי — הייסט אייגענטליך שענקען זיך. מען שענקט זיך אַוועק, ווען מען רעדט, ווען מען שרייבט, ווען מען דערצעהלט. מען שענקט זיך אַוועק, ווען מען געהט אַרויס פון דער אייגענער טיפקייט.

און פאַרוואָס ניט? סוף־כל־סוף שענקען מיר אַלע — גיבען מעהר, ווי מיר נעהמען. מיר פּראָדוצירען אַלע „מעהר־ווערט". אָבער ווער נוצט איהם אויס? מען דאַרף זיין מעהר ווי אַ מאַרקס — אין דער פּסיכאָלאָגיע — אָדער איז דאָס פּסיכאָלאָגיע און ניט עפּעס מעהר, מעטאַפיזיק, קבלה, ווייס איך? — כדי אויסצוגעפינען די פאָרמולע?

מאַרקס! ער האָט דאָך אפילו אין אַזאַ פּשוט'ער זאַך, ווי עקאָ־נאָמיע, ניט געקאָנט געפינען די ריכטיגע פאָרמולע! און ווער קאָן?

איך געה, הייסט עס — אַזוי זאָגט די צייטונג — שרייבען רייזע־בריף פון לענדער און מענשען, וואָס איך קען, וואָס זייגען אַ שטיק פון מיין לעבען — און דערפאַר טאָקע אַזוי רעטענישדיג אומבאַקאַנט — און פון לענדער און מענשען, וואָס איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געזעהן, און ווייזען זיך מיר אויס דערפאַר אַזוי פּשוט, אַזוי פאַרשטענדליך.

וואָס נעהנטער — אַלץ פרעמדער; וואָס ווייטער און נייער — אַלץ פּשוט'ער. ביז מען קומט ניט צו זעהר נאָהענט — און דעמאָלט קומט ערשט די גרויסע פרעמדקייט. מען געווינט דיס־

טאַנץ. און דאָרט הויבט זיך ערשט אָן — דאָס פאַרשטעהן, אויב מען קאָן בכלל עפּעס פאַרשטעהן אין לעבען.

אָבער פּרואווען וויל איך זיך — דערווייטערען דאָס נאָהענטע, דערנעהנטערען דאָס ווייטע. אפשר . . .

אַ „הערבאַריום” — טרוקענע בלעטער אין אַ פּאַפּירענעם אַלבום — אָבער אָן אָפּשטראַל פון זוניגקייט שימערירט נאָך אויף די טויטע בלעטער. זיי דערוועקען אַ בענקעניש. און וואָס איז דען מעהר דער צוועק פון שרייבער?

3

## דער „ליבער לעזער”

עס שאָקעלט די שיף און עס בלאָנדזשעט די פּען. און דאָך ווילט זיך נאָך פאַרענדיגען די פּאָר באַמערקונקען מיט אַ וואָרט וועגען אַ לעזער, אַ גוטען לעזער. איך שרייב זעלטען פאַר און צו דעם לעזער. איך טראַכט קיינמאָל ניט וועגען איהם. פאַרוואָס זאָל איך עס? קיינער שרייבט ניט פאַר דעם לעזער — אויב ער שרייבט בכלל, אויב ער מיינט עפּעס מיט זיין שרייבען. קיינער שרייבט אויך ניט פאַר זיך אַליין. מען שרייבט צוליב שרייבען. פּונקט ווי מען שפּילט צוליב שפּילען. מען זעצט זיך פאַר דער פּיאַנאָ און — מען אימפּראָוויזירט. זיצט איינער דערביי, געפעלט עס איהם — גוט; געפעלט עס איהם ניט — האָט מען ניט פאַר איהם געשפּילט.

און דאָך הערט דער, וואָס זיצט ביי דער זייט, און פּיהלט־מיט, און לעבט איבער אויף זיין שטייגער די עמאָציעס פון דעם, וואָס שפּילט; ווערט אַ מין קרבות, צווישען דיביידע, גיסען זיי זיך אויף אַ ווייל צונויף.

און עס בענקט זיך אָפט נאָך אַזאַ צוהערער, נאָך אַזאַ „גוטען לעזער”. ווי זאָגט דאָרט מאַנטען: „דעם גוטען פאַרשטעהער, מיין גרוס”.

אַ פּאָר לעזער האָבען פאַר מיין אַוועקפאָהר זיך געזעגענט מיט מיר — בריפליך, בלומליך און נשמה׳דיג, און מיט אַ ליבער צוגעבונדענקייט.

הייסט עס, עס זיינען דאָ אַ פּאָר פאַרשטעהער — דערהעַרער — אַ פּאָר נאָהענטע? הייסט עס, ניט אַלצדינג, ניט תמיד אומזיסט? עס טראָגט דער ווינט די קערענדלאַך, ערגעץ וואו שפּראָצען זיי אויף — הלואי!

יוני 5, 1926

# שלום!

1

די נאַכט איז פאַרביי. אַ הייסע, אַ שלאָפלאָזע נאַכט. ווי קאָן מען גאָר שלאָפן — ווען מען פאָהרט — איבער דעם מדבר סיני? ווי קאָן מען זי פאַרגעסען אויף איין אויגענבליק — ווען די ווייסע, זילבערנע לבנה שטראַלט איבער דעם ווייסען זאַמד־ים?

מדבר. וואָס איז דאָס דען? שטרעקעס זאַמד, ניט מעהר. איך בין שוין געפאָהרען איבער מדבריות — און בין באַלד מיד געוואָרען פון זיי, ווי מען ווערט מיד פון דעם ים, — פון אַלץ וואָס איז תמיד גלייך, וואָס איז בלויז זיין.

אָבער דאָ — דאָ האָב איך ניט געקאָנט צומאַכען קיין אויג, ניט געקאָנט אָפרייסען קיין אויג — ביז צו מידקייט, ביז צו פיזישער אויסגעמאַטערטקייט.

איך בין ניט סענטימענטאַל. און איך האָב ביי זיך אָפגעמאַכט לכתחילה—ניט נתפעל צו ווערען, ניט אַריינצופאַלען אין התפעלות, אין חומש־ענטוזיאַזם און געשיכטליכער פאַר׳כשופ׳טקייט. קיהל דער קאָפּ — רוהיג דאָס אויג. זעהן — ווי עס איז, דאָס וואָס איז — און ניט דורך די געפאַרבטע גלעזער און שויבען פון דער פאַנ־טאַזיע. אָבער עס העלפט ניט. מען מאַכט ביי זיך אָפּ — און דאָס „עפּעס" אין אונדז לאַכט זיך אויס. „עס" פאַרלאַנגט זיין רעכט. עס וויל באַגייסטערט ווערען, עס וויל התעוררות. עס בענקט.

וואָס איז מיר — אין פלוג — מדבר סיני? איבערגעלעבט דעם נאַאיוועז גלויבען. די ביבלישע ערצעהלונג — זי איז שוין בלויז אַ שעהנע לעגענדע. ווער ווייסט דאָס ניט? סיני — אַן אַלטער וואולקאַן — אַרום איהם אַ ציקל פון מעשיות, צונויפגע־פלאָכטען, צונויפגעוועבט, איבערגעאַרבייט.

ווער ווייסט דאָס ניט? יעדער פאַרשער וועט עס אייך דער־צעהלען. יעדער ביבעל־קריטיקער, יעדער רעליגיע־היסטאָריקער וועט עס אייך באַשטעטיגען. לייענט פרייזער׳ס „גאָלדענער צווייג" — איהר וועט דאָרט געפינען אַזויפיל לעגענדען פון דעם אייי־גענעם נוסח ווי די סיני׳שע.

און דאָך — און פּאַרט.

אַט פאָהר איך איבער דעם סיני־מדבר און קאָן ניט תופס זיין דעם געדאַנק. איך — איך דער וויטער, דער צפון׳דיגער, איך דער שפּעטער, אַזוי פאַרשפּעטיגטער יורש פון דעם סיני־באַרג, פאָהר עס דאָ, מאַך דורך דעם וועג וואָס די ערשטע, די אָבות, די גרינדער האָבען דורכגעמאַכט ? מיט זייערע שטעקענס און זייער זאַק — מיט שאָף און רינדער — אַלט און יונג — האָפּענדיג, פאַרצווייפּלענדיג, פאַלענדיג און ווידער זיך אויפהויבענדיג — איבער דעם מדבר.

פונקט ווי איך — פון מצרים קיין כנען, פון דעם „יאור" — דעם ניל — צום ירדן, פון דער פלאַך צו די בערג. און צו דער וועלט־געשיכטע.

וואָס איז מיר דער סיני ? און פאַרוואָס ציהט ער מיך אַזוי ? איז מיין נשמה אויך געשטאַנען ביים באַרג — ווען ער האָט געדונערט און געבליצט ? בין איך אויך צווישן די וואָס האָבען צוגעזאָגט טריישאַפט אויף אייביג — אויף אַלע דורות וואָס וועלען קומען — ביז צום סוף פון די צייטען ?

יאָהרענלאַנג האָב איך געזאָגט, ניין. גענוג סיני. גענוג לעגענדע. זאָלען די טויטע די טויטע באַגראָבען. מיר זיינען היינטיגע — מאָרגענדיגע.

און דערנאָך געקומען דער ספק. היינטיגע — פון מאָרגען — נו, און דער נעכטען ? וואָס איז מיר דער מאָרגען ? וואָס וויס איך פון איהם ? וואָס בין איך איהם ? דער נעכטען אָבער איז מיט מיר צונויפגעקייט און פאַרוואַקסען. איך בין זיינער — און ער איז מיינער. דער נעכטען — און דער אייערנעכטען — און צוריק — ווייט־ווייט צוריק — ביז צו דער צייט, ווען מען האָט נאָך געגאָסען חלב — פאַר ליכט . . .

און מיט יעדען טאָג וואָס פאַרגעהט, פיהל איך אַלץ שטאַרקער דעם נעכטען. באַלד־באַלד וועט ער ווערען אינגאַנצען „איך" — און דער „היינט" וועט שוין ווערען אַ שאָטען.

זיינען דאָס מדבר־סיני־שטימונגען ? איז דאָס אַ מיראַזש ? ווער איך אויך אַ סילועט, ווי אָט די קעמלען־סילועטען דאָרט, העט־העט — אָדער איז עס געהויבען — ערגעץ ביים ברעג פון דעם מדבר ? קעמלען, איך, נאַכט — אין שוואַרצע געשטאַלטען,

— —טונקעל אויף ווייסען זאַמד אונטער דעם זילבערנעם ליכט, — קניען זיי?

זעה איך זיי געהן — די וואַנדערער צו דעם וועלט־טראַגישען גורל? נאָך אַלץ — שאָטענס פון ערגעץ קיין ערגעץ, פון פלאַך צו באַרג — פון וואַסער צו וואַסער, — און אין צענטער דער שרעקליכער סוד פון דעם ברענענדיקען, פייערדיקן דאָרן?

* * *

עס שימערירט אויף טאָג, דער מדבר האָט זיך געענדיגט. אומבאַמערקט — גראָד ווייל איך האָב עס אַזוי ליידענשאַפטליך געוואָלט באַמערקען — זיינען מיר אַריינגעפאָהרען אין פאַלעסטינע. עס ווייזען זיך בערג אויף דעם האָריזאָנט — קליינע סטאַנציעס אויפ'ן וועג. העברעאישע אויפשריפטען — גרינע פעלדער, וויינ־גערטנער — קאָלאָניעס. איך קוק זיך איין אין די נעמען און לייען: „רחובות", און לייען „באר יעקב", און לייען און לייען — און עס ווירקט ניט. צו שטרענג איז געווען די מדבר־נאַכט. צו גרויסאַרטיג, צו דערהויבענדיג. עס גלויבט זיך כמעט ניט: דאָס איז עס? דאָס איז — ארץ־ישראל?

און פלוצלינג דערהער איך אויף איינער פון די סטאַנציעס — —אַ יונגע מיידעל־שטים, אַ זיסען, מאַרגענטוי־זילבער־טראָפען—גלעקעל־טאָן. אַ יונג מיידעל שטעהט ביי דער סטאַנציע — ווינקט מיט דער קליינער, ברוינער האַנט אַ נאָר־וואָס אָנגעקומענעם — און זאָגט „שלום!" („שאַליאָם") מיט אַזאַ ווייכען, אַזאַ צאַרטען „ל", ווי איך האָב נאָך אויף מיין לעבען ניט געהערט.

און ווי אַ טוי איז דאָס וואָרט געפאַלען אויף מיר — און האָט מיך דערפרישט, און האָט מיך אויפגעוועקט.

שלום! טויזענטער מאָל האָב איך געהערט דאָס וואָרט. פון דעם „שלום עליכם" וואָס איין איד גיט אָפּ דעם צווייטען ביז דעם „שלום עליכם מלאכי השרת" — דעם גרויסען מיסטישען ליד וואָס דער איד זינגט צו דער וועלט. און האָרט האָט עס מיר תמיד גע־קלונגען אין די אויערען. צי עס האָט געקלונגען ווי „שולעם" — ווי מען זאָגט ביי אונז אין דרום־רוסלאַנד, צי „שאָלעם", ווי אין ליטע, אָדער אפילו „שאַלאָם" — ווי די ספרדים — דער קלאַנג איז געווען היימיש, וואָכעדיג, פּראָזאאיש.

און צום ערשטען מאָל האָב איך דערהערט, דערפיהלט די

## שלום!

מעלאָדיע פון דעם וואָרט — זיין אינוועניגסטע, זיין פאַרבאָרגענע מוזיק.

ווייך און מילד און מיט אַזאַ תמימות'דיגקייט האָט זיך דער „שלום" צעגאָסען אין דער פרישער פריהמאָרגענדיגער לופט פון ארץ־ישראל. גלייך ווי מען וואָלט מיך געמיינט, גלייך ווי די אַלטע מוטער וואָלט זיך דערפרעהט איבער מיר, דעם אַהיים־געקו־מענעם — און מיר מיט שטילער, טרערען־געשטיקטער פרייד, אָפּ־געגעבען דעם ערשטען שלום.

און איך האָב איהר אַנטקעגען־געררופען — מיט אַ שטים, וואו עס האָבען אויך געקעמפט און געציטערט טרערען: שלום! שלום צו דיר, מיין ליבע; שלום צו דיר, ערד פון מיין וויג; שלום צו דיר ארץ־ישראל!

שאַליאָם — שולמית האָט מיך באַגעגענט אויף די פעלדער פון יהודה — און האָט מיך מיט איהר קול געקושט. טיף איז איהר קול אַריינגעדרונגען אין מיין נשמה — און האָט אין איהר אַריינ־געפלאַנצט פרייד.

איך דאַנק דיר — דו אומבאַקאַנטע. דו יונגע, דו ברוינע שולמית, פאַר דיין שלום־גרוס. איך דאַנק דיר — מוטער ארץ־ישראל — פאַר דער גרויסער פרייד.

איך בין געשטאַרקט. איך בין גרייט אַזש צו אַלעמען. לאָז דאָרט, וויטער, אין דער ווירקליכקייט, אין די שטעדט און אויף די בערג, אין די טאָלען פון פאַלעסטינע, זיין וואָס עס וויל — איך בין געפאַסט אויף יעדער אַנטוישונג, איך בין געפאַנצערט.

שלום — אַ געפיהל פון פרידען און פון רוה איז געקומען איבער מיר. רוה און באַרוהיגונג.

און איך פאַרשטעה דעם גרויסען, דעם הייליגען אידען ר' נחמן בראַצלאַווער, וואָס האָט מיט גרויס מיה און נויט און מסירת־נפש עולה־רגל געווען אין ארץ־ישראל — און כמעט נאָך אַ פאָר טעג צוריקגעפאָהרען צו זיך אין דעם קליינעם שטעדטעל אין אוקראַינע. עס איז איהם געווען גענוג. ער האָט אָפּגעגעבען שלום צו דער מוטער — ער האָט מקבל שלום געווען פון איהר. און דאָס אי־בעריגע — דאָס ווייטערע — איז דען ניט איין נאַכט אין ארץ־ישראל גענוג אויף אַ גאַנץ לעבען?

איך ווער סענטימענטאַל? עס קאָן זיין. און אפילו ווען יאָ, אַרט עס מיך ניט. איך שעם זיך ניט פאַר זיך אַליין. ווייל—שלום...

דר. א. קאָראַלניק

# די נעכט פון כנען

אַ טאָג אין ירושלים. אַ גאַנצן טאָג אַרומגעגאַנגען איבער די האַרטע, גרוי־שטיינערנע גאַסן — איבער די אַלטע און די נייע. אומעטום אויסגעווען. ביי אַלע אַלטע קברים, ביי אַלע אַלטע מצבות און געדעכענישען פון דער אַזוי ווייטער — אַזוי נאָהנטער פאַרגאַנגענהייט. געגאַנגען אָהן אַ סדר, אָהן אַ פּלאַן, ניט ווי אַ טוריסט וואָס באַקוקט, נאָר ווי אַן אייגענער, אַ היימישער, אַן איינ־געבוירענער, וואָס איז צוריקגעקומען נאָך אַ צייט אין דער פרעמד. די „צייט" האָט געדויערט אַ פּאָר טויזענט יאָהר, אָבער וואָס מאַכט עס אויס ? עס זיינען דאָ ערטער — וואו איין טאָג איז ווי טויזענט יאָהר — און טויזענט יאָהר ווי איין טאָג. צייט איז ניט מעהר ווי אַ קאַסטען אָנגעפּילט מיט איבערלעבונגען. און עס זיינען פאַראַן קאַסטענס, מאַגישע קעסטלאַך. אַזאַ קאַסטען איז ארץ־ישראל, איז ירושלים. אַ קליינער שטח — און דער אינהאַלט פון אַ וועלט. אַלע צייטען טרעפען זיך דאָרט. נעכטען און היינט — און מאָרגען, אפשר אויך מאָרגען. אַלע ווערען דאָס איינס. צו־נויפגעגאָסען, צונויפגעשמאָלצען אין איין גרויסער, אומענדלעכער בענקשאַפט.

פון דער פריהער מאָרגען־שעה אַרומגעגאַנגען ביז צום שפּע־טען אָוועט. אונטער דער ברענענדיגער מיטאָג־זון געקלעטערט אויף די חורבות פון דעם „מגדל דוד" — דערנאָך געגאַנגען די וועגען פון די אַלטע „שומרים" — אויף די ווענט פון ירושלים, אויף די ווענט וואָס נעהמען אַרום די „שטאָדט", ד. ה. דאָס שטיקעל אַלטע שטאָדט, אַלט־ירושלים, וואָס איז פאַרבליבען פון אַמאָליגע צייטען. אויף דער אייגענער „חומה" — אָדער אויב ניט פּונקט דער אייגענער, אויב אפילו אויף אַ באַנייטער, אָבער דאָ איז זי דאָך געשטאַנען, פון אַזעלכע שטיינער איז זי דאָך געבויט געווען — זיינען אַרומגעגאַנגען צו ישעיה׳ס צייטען די היטערס — און אי־בערגערופען זיך אין דער נאַכט. „שומר מה מליל" — היטער, וואָס ברייגנט די נאַכט ?

איך בין זיי נאָכגעגאַנגען. פאַר מיר דער הר הזיתים, אונטער מיר דער עמק יהושפט, דער שלוח, דער קבר פון זכריה, „יד אבשלום". פאַר מיר — דער הר הבית, מיט דעם מסגד־עומאַר.

שלום !

וואוהין איך קעהר זיך, וואוהין איך קוק — געשיכטע — אומ־פאַרשטענדליכע, ווייל אַזוי נאָהנטע. רעטענישדיג — ווייל אַזוי ריזען־גרויס — אין איהר פערספעקטיווע אַזוי קליין, באַשרענקט אין איהר ממשות׳דיגקייט.

אַ גאַנצען טאָג אַרומגעגאַנגען. און צום אָוונט־צו זיך אָוועק־געזעצט אָפּרוהען אין מיין חדר — ביי דער גרעניץ פון דער אַל־טער שטאָדט, אַקעגען דעם מגדל־דוד.

אַ פּאָר יונגעלייט האָבען מיך באַגלייט. מיר האָבען ווייניג גערעדט. וועגען אַרכעאָלאָגישע און היסטאָרישע איינצעלהייטען האָב איך ניט געקאָנט רעדען מיט זיי — צו ווייניג האָבען זיי גע־וואוסט דערפון. און גלאָט אַזוי רעדען — אין דער וועלט אַריין, אויף אידישען שטייגער—דאָס לאָזט ירושלים ניט צו. אַ שטרענגע האַרין איז זי, און פאַרלאַנגט רעספּעקט.

זיי האָבען מיר געזונגען אַ ליד. ריכטיגער — דאָס ליד, וואָס ארץ־ישראל זינגט איצט. אַ לאָדזער דיכטער האָט איהם אָנגע־שריבען, אימיצער אין ארץ־ישראל האָט צוגעגעבען צו איהם די מעלאָדיע — אַ פּשוט־אַראַבישען ניגון מיט אַ אידישען זיפץ.

איך ווייס ניט, אויב איך ציטיר ריכטיג די ערשטע סטראָפע פון דעם ליד — מעהר איז מיר ניט פאַרבליבען אין זכרון — אָבער וואָס איז דער חילוק ? דאָס וואָרט צו אַן אַנדערס — דער עיקר איז דער מערקווירדיגער קלאַנג — און ווידערקלאַנג.

„יפים הלילות בכנען,
צוננים הם ובהירים,
והדממה פלטה שיר
ונפשי עונה בשירה".

„שעהן זיינען די נעכט אין כנען — קיהל זיינען זיי און קלאָר — און די שטילקייט גיט אַרויס אַ ליד — ענטפערט די נשמה מיט מיין ליד".

טרויעריג־זיס, מזרח׳דיג־פאַר׳חלומ׳ט האָבען זיך געטראָגען די קלאַנגען אין מיין חדר. און זיינען געבליבען באַהעפט אין דער נאַכט.

עס איז געוואָרען שפּעט. מיינע געסט זיינען זיך צעגאַנגען.

און איך בין געבליבען איינער אַליין מיט דער זילבער־ווייסער לבנה־נאַכט, דער נאַכט פון כנען.

צוגעשמידט האָט מיך ירושלים צום פענסטער. פאַר מיר — דער גרויסער. דער איינציגער אויסבליק. פאַר מיר: דער זין פון ירושלים. דער הר־הזיתים, דער הר־הצופים, און דער שווע־רער, גרוי־בלויער קופּאַל פון דעם האַראַם־שעריף, פון דעם באַרג וואו דער בית־המקדש איז געשטאַנען.

קיהל די נאַכט און קלאָר. אַ הימעל מיט שטערען — גרויס ווי דימענטען, פון אַ בלויקייט, ווי מען קאָן זיך גאָר ניט פאָרשטעלען ביי אונז אין מערב אָדער אין צפון. ביי אונז אין דער וועלט פון וואָכעדיגקייט, שטערען — און שטיינער. הימעל און חורבות. חורבות? רואינען? זיי זיינען ניטאָ אין ירושלים. חורבות זיינען פאַראַן אין מצרים. רואינען זיינען פאַראַן אין רוים — דער „פאָרום ראָמאַנום", די אַלטע מאָנומענטען, קאָלאָנען. ברונעמס, רעשטלאַך פון דער אַמאָליגקייט — אין ירושלים זיינען ניטאָ קיין רואינען. דאָרט איז עס — לעבען וואָס איז אויף אַ צייט פאַר־גליווערט געוואָרען. דאָרט איז אַ גאַנצקייט וואָס איז ניט צע־שטערט געוואָרען.

ירושלים האָט מיך צוגעשמידט. פון צוועלף ביינאַכט ביז — ביז עס האָט אָנגעהויבען שימערען אויף טאָג, בין איך געזעסען אין אָפענעם פענסטער און געקוקט, ניט אָפּרייסענדיג דאָס אויג. אַלץ דאָס אייגענע: די ווייסע שטיינער פון דעם הר־הזיתים, די גרויע סילועטען פון די הרי יהודה — די קופּאַלען און די דעכער פון אַלט־ירושלים.

פון צייט צו צייט האָט עס זיך אין מיר געפרעגט: וואָס זעהסטו דאָרט? וואָס זוכסטו דאָ? און עס האָט זיך דערויף גע־ענטפערט: דאָס וואָס יעדער מענש מוז געפינען איינמאָל אין לעבען.

רופט עס אָן „התעוררות", עקסטאַז, אָדער אַנטפּלעקונג פון זיך אַליין צו זיך אַליין, רופט עס אָן ווי איהר ווילט — וואָס איז די נפקא־מינה? דו ביזט זיך טובל אין אַ הייליגען וואַסער און געהסט אַרויס אַ געריינעגטער.

פאַרוואָס גראָד דאָ? ווידער אַמאָל בית־אל? אַ גאַנצע נאַכט איך ראַנגעל זיך מיט גאָט? און זאָג, „געוויס, דאָ איז דאָ גאָט"? פאַרוואָס גאָר אויף דער ערד און ניט אויף קיין אַנדערער? מיט

שלום !

וואָס זיינען די שטיינער פון דעם הר־הבית הייליגער, סודות׳דיגער, רעטענישדיגער פון אַנדערע און אַנדערע ערטער, אויף אַנדערע בערג ?

ווייל — אָבער מוז זיין אַ „ווייל״ ? מוז איך מיר אַלצדינג ערקלערען ? איך האָב זיך געפרעגט : לאָמיך זיך אויסמאָלען אויף אַ מינוט, אַז איך בין ניט קיין איד, אַז איך האָב ניט איינגע־זאַפּט אין מיר פון דער וויג די מתיקות און די האַרבקייט פון ד׳עם אידענטום, אַז עס זיינען ניט געשטאַנען מיר צוקאָפּענס אברהם אבינו מיט אַלע אמהות — וואָלט מיר אויך דעמאָלט ירושלים גע־וואָרען אַ ברונעם פון התלהבות, אַזאַ דערוועקערין פון אייביג־קייטען ?

און טאַקע דאָ און נאָר דאָ דער „סוד״ — אָדער איז ער דאָ ווייל — אין מיר ?

און איך האָב געמוזט שמייכלען איבער מיין אייגענער נאַאיווי־טעט. „וואָלט־זאָלט״ — וואָס זיינען דאָס פאַר נאַרישע, השכלה׳־דיגע, בויך־סברה׳דיגע פראַגעס ? ווי קאָן מען בכלל שטעלען אַזעלכע קלאָץ־קשיות ? געוויס ווען איך וואָלט ניט געווען קיין איד — ווען די גאַנצע צוויי טויזענט יאָהר וואָלטען געווען פאַר־גאַנגען אָהן אַ שום השפעה, ווען עס וואָלט ניט געווען ניט קיין אידענטום ניט קיין אייראָפּע ניט קיין קריסטענטום, ווען מיר וואָל־טען געווען ניט מיר — וואָלט אפשר ירושלים אויך געווען ניט מעהר ווי אַ קליין אָריענטאַליש באַרג־שטעדטעל מיט קרומע געסלאַך און אַלטע קברים.

אָבער — ווען קלעאָפּאַטראַ׳ס נאָז וואָלט געווען אַביסעל לענ־גער אָדער קירצער — וואָלט אפשר ניט געווען קיין אייראָפּע און אויף די סטעפּעס פון אַמעריקע וואָלטען זיך געווען געפּאַסעט עד־היום בופעלאָקסען מיט רויטע אינדיאַנער.

אַלע „ווענס״ און „וואָלטס״ האָבען ניט קיין זין. עס איז דאָ בלויז אַן „אַזוי״. אָט אַזוי האָט אונז דאָס לעבען געמאַכט, דאָס זיי־נען מיר און ווייל איך בין אַזוי ווי איך בין — אַ יורש און אַן אייניקעל, זעה איך אַזוי ירושלים. און ווייל איך זעה זי אַזוי — איז זי עס אויך — איז זי.

שעהן איז געווען די נאַכט אין כנען, און שוין דערפאַר אַליין,

וואָס דאָס איז כנען, אַלט און פאַרשפינען מיט אַ גאָלד־זיידענער נעץ פון זכרונות, ווייל אַ געהייליגט לאַנד.

געדענקט איהר דאָס ליד פון ביאַליק? „מען זאָגט, אַז עס איז פאַראַן אין דער וועלט ליבע, וואָס איז ליבע?" איך האָב זיך געפרעגט אַן אַנדער קשיא: מען זאָגט, אַז ערגעץ איז פאַראַן קדושה, אַז עס איז דאָ עפעס אַזוינס, וואָס מען קאָן אָנרופען „הייליג" — וואָס איז דאָס „הייליג", וואָס איז דאָס „קדוש?"

די נאַכט פון כנען האָט מיר געענטפערט: אָט דאָס איז הייליגקייט! און דאָ! און ניט דערפאַר וואָס מען האָט אַ פאָר טריט פון דאַנען, פון מיין חדר, וואו איך זיך אַזוי פאַרוויגט אין דעם לבנה־שיין, ווייל מען האָט דאָ „געשאָכטען קעלבעלעך" אויף דעם מזבח, און ניט דערפאַר, ווייל אויף דעם אייגענעם אָרט וואו איך זיך איצט איז אַמאָל אפשר געזעסען ישעיהו הנביא, און ניט דערפאַר וואָס דאָרט „אויבען", אויפ'ן באַרג, אַקעגען מיר, האָט ישו פון נצרת צום לעצטען מאָל געדאַוועגט אין דעם גאָרטען פון בית־שמן — צווישען די אוילבירטען, — און ניט דערפאַר און ניט פאַר אַ סך אַנדערע היסטאָרישע, אין האַרצען איינגעבאַקענע טעמים — נאָר מחמת — מחמת נשמה־טייכען האָבען זיך דאָ צעגאָסען, ווי ניט אויף קיין שום אַנדער ערד — און מחמת אונטער דער ערד רינען נאָך די קוואַלען.

קיהל איז די נאַכט פון כנען — און קלאָר און ציכטיג און רייניגענדיג. אַלצדינג פאַלט אַראָפּ פון דיר, אַלצדינג וואָס איז אָנגעוואַקסען פאַר אַ גאַנצען לעבען, ווערטער און ווערטען, און דו שטעהסט ווידער פריי און ווייס — ווייס ווי די נאַכט, און שטיל ווי זי.

עס איז פאַרגאַנגען די נאַכט. דער ערשטער זונען־שטראַל האָט מיך צוריקגעפיהרט צו דער ווירקליכקייט. און איך האָב זיך כמעט דערשראָקען פאַר דעם ליד פון דער נאַכט. איך בין דאָך אַ מין „שליח ציבור". געקומען צו זעהן און אויסצופאָרשען, וואָס זאָגט דער טאָג, די קלאָרע, העלע, פּראָזאַאישע ממשות פון ארץ־ישראל. וויל מיך די נאַכט פאַרנאַרען? וויל מיך דער סוד פאַר־כשופ'ען?

אָבער — בין איך טאַקע געפאָהרען אָט דעם לאַנגען, לאַנגען וועג, איבער אַלע ימ'ען, צוליב סטאַטיסטישע אויספאָרשונגען?

שלום!

איז דען אימיצער ווען־עס־איז געפֿאָהרען קיין ירושלים מיט אַזאַ כונה? פֿאָהרט ניט יעדער, ווער עס זאָל ניט זיין, צו די טיפֿע־נישען פֿון דעם עמק־יהושפט, אפשר וועט ער דאָרט — אפשר — אויפשטעהן תחית המתים — יעדער אויף זיין שטייגער? איז ניט דער גאַנצער ציוניזם אַ „ממעמקים קראתיך" — איך רוף פֿון דער טיף — צו דער טיף — ווייל דאָס לעבען איז אַזוי פֿלאַך און אָהן זין?

אַ גאַנצע נאַכט — האָב איך גערופֿען אין דער טיף — פֿון דער טיף — און געבעטען: ענני! ענטפֿער מיר! ענטפֿערט מיר, איהר ניט צו דערגרייכענדיגע טיפֿקייטען פֿון ירושלים!

און זיי האָבען געענטפֿערט. שטיל, שטיל, עס איז אַ סוד, צווישען מיין נשמה און דעם טאָל פֿון יהושפט.

סעפּטעמבער 23, 1926

# אין ירושלים

## צווישען גרויע שטיינער און אייביגקייטען

פרייטאָג געוועזן — אַ וואָך נאָך מיין אָנקומען קיין ירושלים — און ווידער אַמאָל אַ טאָג אָהן וואַסער. דאָס צווייטע מאָל אין איין וואָך. גאָר ניט אַזוי הייס אין ירושלים; זיכער ניט הייסער, ווי אין ניו יאָרק אַרום דער צייט; אָבער וואַסער איז קנאַפּ. די וואַסער־אינספּעקציע גרייט זיך צו אַ הייסערער וואָך און צו אַ טריקעניש, און ראַציאָנירט דאָס וואַסער.

עפּען דעם קראַן — ניט קיין טראָפּען. עס ווערט אומגעמיט־ליך. „מיט וואָס וואַשט מען זיך ביי אייך?" איך פּרואוו צו זיין גוטמוטיג, אָבער אין מיין טאָן דערהערט זיך, הפּנים, אַ נאָטע פון אומצופרידענקייט. דער מוטער'ס אויער הערט איהם אַרויס און זי זאָגט מיר, טרייסטענדיג: „וואַרט אויס אַ מינוט, מיין קינד, האָב געדולד אַ ווייל, באַלד וועט זיין וואַסער". זי פיהלט זיך כמעט ווי שולדיג וואָס אין ירושלים איז ניטאָ קיין וואַסער, און זי זוכט צו פאַרענטפערען ירושלים: „זי איז דען שולדיג?" און דער טאַטע לייגט־צו: „דו מיינסט, מיר האָבען דאָ ניט קיין וואַסער? עס איז דאָ גענוג, די והותר; מען דאַרף נאָר גראָבען, מען דאַרף נאָר ליידען. האָבען זיך שוין ניט איינמאָל אונטערגענומען אידישע אינזשענירען צו שאַפען וואַסער פאַר דער שטאָט ירושלים. ערשט מיט אַ פּאָר חדשים צוריק האָט זיך געבילדעט אַ געזעלשאַפט „גאולת המים", פון דייטש־אידישע אינזשענירען. זיי זיינען גע־קומען צו דער רעגירונג מיט אַ פּראָיעקט צו ברענגען וואַסער אין שטאָט אַריין, צו שאַפען אַ סיסטעם פון וואַסער־רערען. וויל די רעגירונג ניט. זי טענה'ט, אַז זי וועט אַליין דורכפיהרען די אַר־בייט, אָבער אַזוי, אַז דאָס וואַסער זאָל צוניצקומען דער גאַנצער סביבה אַרום ירושלים, און דאָס הייסט — דער אַראַבישער דאָרף־באַפעלקערונג. און דאָס וועט נאָך געדויערען אַ היבש ביסעל יאָהרען. דערווייל אָבער..."

„דערווייל", איז די מאַמע ווייטער מליץ־יושר — „דערווייל זיינען נאָך פאַראַן קרעניצעס און לאָגלען, און יהודא, דער דזשור־זשי, וועט באַלד ברענגען וואַסער. און מען טאָר זיך ניט קלאָגען.

די אידען אין דער מדבר האָבען געהאַט ערגערע צייטען, און גאָט האָט זיי געהאָלפען״.

אין איהר קול אַזויפיל תחנונים. זי בעט אַזוי פאַר דער מוטער ציון, אַז איך מאַך שלום מיט דער טריקעניש און וואַרט געדולדיג אויף יהודא, דעם דזשורזשי.

איך וואַרט. אַ ברירה האָב איך? און אָט דערהערט זיך באַלד יהודא׳ס אָריענטאַלישער קול: „כד מים! כד מים!״ אַן איינגעבויגענער איד, ניט צו אונטערשיידען פון אַן אַראַבער, קומט מיט צוויי שווערע לאָגלען אויף די פּלייצעס. עס דערהערט זיך דער פּליעסק פון וואַסער, ווי עס גיסט זיך אַריין אין אַ טרוקענעם פאַס. און עס ווערט פרעהליכער אין שטוב.

„וואַסער! וואַסער!״ עס ווערט אַ שמחה. מרגליתא, די נינוה׳ריץ, אַ דינסט, גרויס ווי אַ געניץ און איינגעדאַרט ווי אַ „קיקיון דיונה״, קומט אַריין פון דער קיך אַ שטראַלענדע און זאָגט אויף איהר מערקווירדיגען העברעאיש־אַרמייאיש: „מימא״.

„מרגליתא״, פרעג איך זי, „פון וואַנען ביזטו?״ איך ווייס, אַז זי איז פון נינוה, אָבער איך וויל עס הערען נאָך אַמאָל. עס קומט ניט אויס יעדען טאָג אין דער וואָך צו רעדען מיט אַ מענשען, וואָס קומט פון נינוה.

„מנינוה — עיר של יונה — נביא יונה״, שטראַלט די „מרגליתא״, די „פּערל״ פון אשור. „געדענקסט איהם נאָך?״ פרעג איך זי ווייטער. זי פאַרשטעהט מיך ניט און לאַכט בלויז מיט איהר שוואַרצען מויל.

נינוה, יונה, מאָנומענטען, לעגענדעס, חזיונות און גרויסאַר־טיגער עפּאָס, און, דער לעצטער עפּאָס איז די איינגעהויקערטע „פּערל״, די מרגליתא פון דער קיך.

איך געה אַרויס אין גאַס. געה צו די ברונימער, וואו מען שעפּט וואַסער. שורות פון ווייבער מיט לאָגלען — אידישע און אַראַבישע. בלעכענע, צינערנע, ליימענע קענדלאַך אויסגעשטעלט אויף דער ערד. די זון הויבט שוין אָן צו ברענען. די פרויען אָבער שטעהען געדולדיג און וואַרטען. „ווען גיט מען שוין וואַ־סער?״ „מען זאָגט, אַז צוויי אַזייגער״. אידענעס זיפצען. ערב־שבת. קינדער אין דער היים און אין דעם פעסעל ניט קיין טראָ־פּען. זיפצען זיי און וואַרטען, ווי מען קאָן נאָר וואַרטען אין די מזרח־לענדער.

און עס דערמאָנען זיך מיר די טראַגישע ווערטער פון ירמיהו (י״ד): „אבלה יהודה ושעריה אומללו קדרו לארץ וצוחת ירושלים עלתה. ואדיריהם שלחו בעוריהם למים. באו על גבים לא מצאו מים, שבו כליהם ריקם בשו והכלמו וחפו ראשם״. ירושלים דאַרשט פון אייביגע יאָהרען. אין ירמיהו׳ס צייט און אין אונזערער. אַ שטאָדט פון דאַרשט, אַ שטאָדט פון געדולד.

און אַ דאַרשט קומט אויף מיר. אַ דאַרשט נאָך ירושלים און איהרע ליידען. ירושלים אין איהר אומענדליכען פּאַטאָס.

און איך לאָז זיך געהן איבער ירושלים.

מיר געהען באַלד זאַלבעדריט. איינער פון מיינע באַגלייטער, אַ ירושלים׳ער תושב, פאַרליבט אין דער שטאָדט, אין יעדען שפּעלטעלע און אין יעדען שטיין. ער קען זי, ווי מען קען אַ געליבטע. אין דעטאַלען — און דאָך ווי דורך אַ שלייער. זעהט אין איהר שעהנקייטען פאַרבאָרגענע, פאַרשלייערטע, באַפאַרבט און באַמאָלט אין זיין פאַנטאַזיע, וועבט אַרום איהר אַ גאָלדענעם שלייער פון פּאָעזיע און לעגענדע.

און דער צווייטער — אַן אורח, ווי איך, אַ דאָקטאָר פון פילאָ־זאָפיע, האַלב־ציניקער, האַלב־מיסטיקער, מיט אַ מערקווירדיג־ריי־כען וויסען און דער עיקר, אַ וויסען פון גאַנץ אומניצליכע זאַכען. זאַמעלט אידישע פאָלקסלידער, שרייבט פּאָעזיע, דערצעהלט אַר־טיסטיש אידישע וויצען און איז אין דער אייגענער צייט אַ שטיק מקובל; קען דעם הימעל, ווי די גאַסען פון זיין געבורט־שטאָדט, און לייגט אין איהם אַריין סודות און כונות, און לאַכט אַליין איבער זיך און זיין מיסטיק.

„לאָמיר געהן איבער ירושלים״, שלאָג איך פאָר מיינע פריינט.

„יאָ, מיט דעם גרעסטען פאַרגעניגען, אָבער צוערשט לאָמיר פאַר־קירעווען אין דער קרעטשמע״, זאָגט דער דאָקטאָר מיט אַ שמייכעל.

איך ווייס שוין וואָס ער מיינט. די „קרעטשמע״ איז דער „קאָפע וויען״, וואָס האָט זיך געעפענט אין ירושלים ניט לאַנג צוריק. „אַזוי פריה?״ — פּרואוו איך זיך צו וועהרען. עפּעס גלוסט זיך מיר ניט אָנהויבען מיין טאָג אויף דעם וויענערשען אופן מיט אַ קאָפע־הויז. וויניג געקאָפּעוועט אויף מיין לעבען — דאָ אויך נאָך?

„איך האָב אַ כלל״, ענטפערט מיר דער דאָקטאָר, „מען טאָר

ניט „משנה מעשה בראשית״ זיין. און מיט וואָס איז ירושלים ער־גער פון וויען ?״.

טאָקע, מיט וואָס ? און מיר גערהען אַריין אין דער „קרעטשמע״. עס איז נאָך פריה, אָבער דאָס לעבען איז שוין דאָרט אין פולען גאַנג. טישלאַך, טישלאַך, צווישען די טישלאַך לויפט אַרום „משה״, דער קעלנער ; משה, מיט דעם אַקצענט אויף דער „ה״ און עס הערען זיך שטימען „משה, כוס של קאווע עם עוגות !״ „טוב, תיכף״, ענטפערט משה. „משה !״ רופט מען פון אַן אַנדער טישעל : „סטאַקאַן טשאַיו, סקאַרעיע !״ „כאַראַשאָ, סעיטשאַס !״ „משה״ רופט איינער פון אַ טישעל, מען זעהט ניט זיין פּנים, עס איז פאַרדעקט מיט אַ גרויסער פלאַכטע „האַמבורגער פרעמדענבלאַט״, „ביטע, איין קאַפע מיט שלאַג־זאַהנע !״ „זאָפאָרט, ביטע !״ און אויף אַ סאָפקעלע, באַלעבאַטיש, זיצט איינער פון מיינע אַלטע פריינט, אַ פרינציפּיעלער העברע־איסט אָבער בטבע אַן אידישיסט. „משה, לאָמיר טאַקע זעהן אַ טעפּעלע קאַווע מיט עפּעס אַ פּוטערקיכעל !״ און משה שמייכעלט אונטער : „מיט דעם גרעסטען כבוד, פּאַניע !״ אויף אַלע שפראַ־כען, אָבער שטענדיג משה, מיט דעם אַקצענט אויף דער „ה״.

אַ גרופּע אינטעליגענטען שפּילען שאַך, אַנדערע שמועסען פּאָ־ליטיק, בויען פּלענער פאַר ארץ־ישראל און פאַר דער גאַנצער וועלט. אין דעם צענטער זיצען די „גולי גרמניה״, די דייטשע פּליטים, אויף אַ מייל צו דערקענען, אין אַ רעדעל, די קעפּ צונויפ־גערוקט און לייענען מיט תאוה די „ציריכער צייטונג״ און די „נייע פרייע פּרעסע״. זיי לאָזען ניט דורך קיין איין שורה, קאָמענטירען יעדען זאַץ אָבער שטיל, בסוד. זיי זוכען, די אָרימע, נייעס פון דער היים. זוכען אַ ליכט־שטראַל אַ האָפנונג. ווער ווייסט : אפשר קאָן מען שוין פאָהרען צוריק ?

„זיי די דייטשוקעס״, קלאָגט זיך האַלב אין שפּאַס מיין אידי־שיסטישער פריינט, „זיי האַלטען אַלץ אין איין פּאַלמעסען זייערע דייטשע צייטונגען ! אַ רחמנות אויף זיי. פרעמדע אפילו אין דער היים. זיי קאָנען זיך ניט אַסימילירען מיט אידען״.

„איהר מיינט, אַז עס איז אַזוי גרינג ?״ פרעגט מיין מיס־טישער דאָקטאָר, און שלאָגט פאַר שפּילען אַ שאַך. „נו, און ירושלים ?״, פרעג איך איהם. „וועט ניט אַנטלויפען. אַזאַ טבע האָט שוין די בת־ציון — זי האָט ליב צו וואַרטען אויף איהרע

קינדער, בפרט ווען זי וויסט, אַז זיי זיצען ביי אַ טאַסע קאַווע און שפּילען אַ שאַך".

אָפּגעשפּילט אַ שעה־צוויי, אָפּגעקיבעצט אַן אַנדער שעה. און מיר לאָזען זיך אין וועג אַריין. איבער די גאַסען פון ירושלים.

שווער צו געהן בייטאָג איבער ירושלים. די זון גליהט. שאָ־טען זעלטען. די פּאָר בוימער, וואָס זיינען געווען, האָט מען שוין אויך אויסגעהאַקט. און די גאַסען זיינען אַזוי גרוי־שטיינערדיג, האַרט און שווער, בפרט די גאַסען פון דער נייער שטאָדט.

מיר וואַנדערען אָהן אַ ציל, איבער דעם נייעם „מרכז המסחרי", דעם האַנדעל־צענטער, וואָס איז אויסגעבויט געוואָרען נאָך דעם פּאָגראָם פון 1929, ווען די אידישע סוחרים האָבען זיך אַרויסגע־צויגען פון דער אַלטער שטאָדט. די פיהרענדע ראָלע נעהמט איבער אונזער ירושלימ'ער תושב. ער ווייזט, ער דערקלעהרט: „אָט אין דעם הויז האָט הערצל געוואוינט, ווען ער איז געקומען קיין ירושלים". „אין דעם הויז?" און איך מאָל זיך אויס הערצל'ן אויף דעם גאַניק פון דעם צוויי־גאָרענדיגען הויז, ווי ער שטעהט און קוקט אויף דער שטאָדט פון זיין חלום, זיין געשיכטע־שאַפענ־דער פאַנטאַזיע. פּרואוו זיך דערמאָנען אין דער אַזוי גוט מיר באַ־קאַנטער הערצל'ישער פיגור: דעם שעהנעם, הויכען, שטאָלצען, קעניגליך־געשטאַלטיגען מאַן מיט די וואונדערבאַרע ברוינע אויגען — אויגען, וואָס האָבען געקוקט אין די טיפענישען פון אַן אומרע־אַלער וועלט. וויל זיך דערמאָנען אין דעם ווירקליכען דר. הערצל, ווי איך האָב איהם געקענט, ווי איך האָב איהם געזעהן, ווען ער איז צוריקגעקומען פון ארץ־ישראל. אָבער איך קאָן זיך ניט דער־מאָנען. די געשטאַלט ווערט אין מיין זכרון ווי צעשוואומען, וועבט זיך אַריין אין די לעגענדאַרישע געשטאַלטען פון אַמאָל, נעהמט־אָן די קאָנטורען פון דער ביבעל, און איך טרייסעל זי אָפּ פון זיך, וויל זיך ניט לאָזען פאַרוויגען אין חלומות, וויל ווירקליכקייט.

אונזער פיהרער ווייזט און דערקלעהרט: „דאָס איז אַן אַלטער קלויסטער, און דאָס איז אַ ניי הויז". „וועמעס?" „אַן אַראַביש". און אויף יעדען טריט: נייע הייזער, ווייסע, שעהנע. מזרח־סטילישע. „וועמעס?" אַן אַראַביש הויז. אידען וואוינען דאָרט, אָבער דער באָדען איז אַראַביש, דער אַרכיטעקט אַן אַראַ־בער, דער סטיל אַראַביש.

אָקטאָבער 5, 1933

## 2

מיר קומען נאָך רחביה. נייע הייזער. קליינע, גרוי־שטיינער־דיגע. דער נייער אידישער קוואַרטאַל. אידישע אינטעליגענץ און האַלב־אינטעליגענץ וואוינט דאָרט. איך האָב שוין ניט דעם מוט צו פרעגען, האָב מורא פאַר דעם אייגענעם ענטפער: אַראַבישע באַלעבאַטים, אַראַבישע אַרכיטעקטען.

„ווי קומט צו די אַראַבער געלט און קענטעניש?" „געלט פון די אידען. קענטעניש? די אַראַבער זיינען אויך ניט געבליבען שטעהן. מיט דעם געלט איז געקומען דער שכל. זיי שיקען די קינדער לערנען. זיי האָבען שוין אַ גאַנץ היבשע אינטעליגענץ".

און אָט אַ נייע, וואונדערבאַרע גאַס. פּאַלאַצען, ווי געבויטע, פּראַכט־בנינים. און ווידער אַמאָל: אַראַביש, קריסטליך, ניט־אידיש. דער נייער „וואַי־עם־סי־העיטש", אַ בנין, וואָס איז איינציג אין זיין סטיל, גרויסאַרטיג, אין פאַרנעם, שטאָלץ אין זיין אָריענ־טאַליזירטער גאָטיק.

„פאַרוואָס זאָלען אידען ניט האָבען אַ שוהל פון אַזאַ גרויס־אַרטיגקייט?" פרעג איך מיין באַגלייטער. און דער דאָקטאָר פאַר־לויפט איהם דעם וועג: „אַ שוהל? צו וואָס? אָט קוקט!" און איך זעה, אין דער ווייטענס, מאַסיוו, גיגאַנטיש, דער קופּעל פון דעם „מסגד עומאַר" אויף דעם הר־הבית. „ווי קאָן מען אין ירושלים בויען אַ שוהל, ווען עס איז דאָ אַ הר־הבית? לאָז כאָטש בלייבען איין בענקעניש נאָך דער „ירושלים של מעלה", און אַ טיר אָפען פאַר דעם חלום פון פאַרצייטענס".

און אָט אַן אַנדער שטאָלצער בנין, דער „קינג דייוויד" האָ־טעל. „פאַרוואָס עפּעס „קינג דייוויד" און ניט „דוד המלך"?" פרעג איך אונזער פיהרער. „פאַרוואָס? דערפאַר, וואָס אידישע קאַפּיטאַליסטען פון ענגלאַנד און אַמעריקע האָבען אינוועסטירט אין איהם קאַפּיטאַלען און סער וואַילי קאָהען איז דער פּרעזידענט, און דער דירעקטאָר איז אַ שווייצאַרישער דייטש, וואָס נעהמט ניט צו קיין אידישע דינער און האָט בכלל ניט קיין גרויסע ליבע צו אידען. איהר פאַרשטעהט?".

איך פאַרשטעה. ווי וואָלט דען מעגליך געווען אידיש לעבען אָהן פּאַראַדאָקסען און אַבסורדען?

און מיר וואַנדערען ווייטער, פון רחביה אַרונטער, אין שטאָדט און געהען ווידער אַרויף ביז תלפיות, וואו די גרויס־אינטעליגענץ האָט זיך געפלאָכטען איהר נעסט, די „יהדות ואנושיות׳דיגע״ אינטעליגענץ, מיט פרעטענזיעס און אידעאַלען.

אַ פּאָר באַזוכען. עטליכע שעה רעדען העברעאיש, און איבער הויכע ענינים. און מיין פריינט, דער דאָקטאָר, ווערט מיד.

„לאָמיר געהן אין דער אַלטער שטאָדט״, שלאָגט ער פאָר. „איבער די שוהלען?״ „יאָ, איבער די אַלטע קלויזען און בתי־מדרשים״.

און מיר לאָזען זיך ווידער אַמאָל אַראָפּ, און אויף קרומע ווע־גען, אויף שיפּע וועגען קומען מיר אַריין אין דעם לעצטען ווינקעל פון אידישער פאַרביגקייט, אין אַן אַלטער, הייליגער שטאָדט ירושלים.

ערב־שבת. און שבת־מלכה שטראַלט איבער די ברייטע שטיי־נער פון די שמאָלע געסלאַך, לאַבירינטען, פאַרוואָרפענע ווינקלען, פאַרגעסענע דורות. אין יעדען געסעל אַן אַנדער וועלט. אַ גרופּע אידען אין געלע כאַלאַטען און בורנוסען, און קאַלאַשען איבער די שטיוועל, רעדען צווישען זיך. איך וויל זיך איינהערען — עס קלינגט מיר ווי טאָטעריש. „דאָס זיינען בוכאַרער״, דערקלעהרט דער פיהרער. אַ גאַס ווייטער שפּילען זיך קינדער, און איך הער: אַניטאַ, כאַימע, מאָזע, על פּאַדרע דיסע, א. אַז. וו. אַלט־קאַסטיליע קלינגט פון קינדערשע מיילער איבער די שטיינערנע געסלאַך.

דזשורדזשישע ווייבער אַנגעטאָן ווי ציגיינערקעס; קורדישע אידען, תימנ׳ע, פּוילישע, אונגאַרישע — דער גאַנצער אידישער „גלות״ דורכגעמישט און דאָך ניט אויסגעמישט. יעדער ווינקעל מיט זיין אינדיווידואַליטעט, און אַלע אינאיינעם פאַראייניגט צו באַגעגענען די „מלכה — די מלכה־שבת״.

„שבת שלום״, באַגריסען אונז זקנים. איך האָב נאָך, דאַכט זיך, אין ערגיץ ניט געזעהן אַזויפיל זקנים, שעהנע, אימפּאָנירענדע, ווי אין די אַלטע געסלאַך פון אַלט־ירושלים. און מיר געהען זיי נאָך, אין דער שוהל. אין דער „חורבה״ — צוערשט; אָבער דאָרט איז נאָך צו־פריה. אַ פּאָר אידען דרעהען זיך אַרום אַזוי באַלעבאַטיש און פיהרען אַ ויכוח. אינגלאַך לערנען די סדרה, שאָקלען זיך און אַ יונגערמאַן אין אַ ווייסער, אַטלאַסנער זשופּיצע איז זייער פאַרשאָקלער.

„ווילט בלייבען אויף מעריב?", — פרעגט דער שמש. „אַ דאַנק, שוין אָפּגעדאַווענט". „שוין?", פרעגט ער סקעפּטיש און אומפריינטליך.

מיר גערען נאָך די קלאַנגען. פון ערגיץ־וואו דערהערט זיך אַ מערקווירדיגער, אָריענטאַלישער קול. און טאַפּענדיג דעם וועג נאָך דער שטימע קומען מיר אַריין אין דער קלויז פון ר׳ יוחנן בן זכאי. מען דאַווענט פון אַלע זייטען. אַ מנין אין איין ווינקעל, אין אַ צווייטען. אַ יונגערמאַן, אַנגעטאָן ווי אַ משרת פון אַ קלייט, לויפט גיך מיט דער עברי, און זיין קול און זיין אויסשפּראַך קלינ־גען צו־פרעמד, אַזיאַטיש, מזרח׳דיג, פאַר מיינע אויערען. די מלכה־שבת רוקט זיך אָפּ פון מיר. איך הויב־אָן מורא צו האָבען, אַז זי איז אויך ניט מעהר ווי אַן אַלט־אָריענטאַלישע, פאַרשלייערטע שעהנקייט, פרעמד־געוואָרען פאַר דעם מענשען פון צפון.

און מיר גערען ווייטער נאָך דעם קול פון שבת. „לאָמיר גערן צו די מקובלים", שלאָגט־פאָר אונזער פיהרער. אַ פּאָר געסלאַך אין אַ זייט, אַ פּאָר טרעפּלאַך אַרויף, אַן אָפענע טיר, און פאַר מיינע אויגען דאָס מערקווירדיגסטע בילד, וואָס איך האָב ווען עס איז געזעהן. אַ קליין חדר׳ל, אַרום די ווענט דיוואַנען, אָרימע, פּראָס־טע, באַדעקט מיט רויטען טוך, און אויף די דיוואַנען שטעהען זקנים, צעהן אידען מיט ווייסע בערד, אין ווייסע מלבושים, אין די הענט סידורים; שטעהען און ריהרען זיך ניט אפילו, די ליפּען זיינען אומבאַוועגליך.

אין דעם צענטער פון דעם חדר אַן עמוד. אַ זקן, דער קאָפּ פאַרדעקט מיט אַ טלית, שטעהט און דאַווענט. איך הער ניט כמעט קיין איין וואָרט, איך דערקען ניט קיין איין תפילה, און הער בלויז איין לאַנג־געצויגענעם קלאַנג: „אַדוני — אַי — אי — אי". אַ שמש דערלאַנגט מיר אַ סידור. איך שטעה ביי דער וואַנט און האָב מורא זיך אַ ריהר צו טאָן. וויל אָנטאָן די ברילען, און קאָן זיך ניט אַנטשליסען. איך זעה, קיין איינציגער פון די זקנים טראָגט ניט קיין ברילען, און ווייס ניט: אפשר טאָר מען עס ניט ביי די מקובלים.

עס איז דער סידור פון דעם אר״י, מערקווירדיג געדרוקט. אויף יעדען בלאַט דער „שם", געדרוקט אויף דעם קבלה נוסח:

דר. א. קאַראַלניק

„יהוה
הוה
וה
ה״

און צוריק. ווי אַ בעכער, ווי אַ בוים מיט פאַרפּלאָנטערטע צווייגען.
אַ וואָרט־אַרכיטעקטאָניק פון דעם וועלטען־סוד.

און עס שטעהט אין דעם סידור: ווען מען זאָגט אויס דאָס וואָרט „אדוני״, מוז מען ציהען אַזוי לאַנג ביז דער אָטעם וועט אויסהאַלטען. און דער חזן ציהט. ציהט אַזוי לאַנג ביז ער הויבט־אָן צו כאָרכלען, ביז דער אָטעם געהט־אויס. און דערנאָך אויפ׳סניי.

די זקנים אָבער שווייגען. זיי קוקען אין דעם סידור און בלויז זייערע אויגען דאַוונען. זייערע ליפּען זאָגען נאָר: אָמן.

בלויז איינער איז געזעסען, אָדער האַלב־געשטאַנען. אין זיינע הענט אויך אַ סידור, ער האָט אָבער ניט געקוקט. די אויגען צוגעשלאָסען, דאָס מויל פאַרזיגעלט. איז ער אַ בלינדער? איז ער אַ הייליגער שווייגער? אויף דעם פּנים אַ שלייער פון אַ וועלט, וואָס איז פאַר מיר פאַרשלאָסען. אַ נשמה אָהן אַ טיר, אָדער אַ געהיימע טיר, וואָס פיהרט — פיהרט וואוהין?

און מיין פריינט, דער מיסטישער דאָקטאָר, ענטפערט אויף מיין פראַגע, ווען מיר זיינען אַרויסגעגאַנגען אויף דער גאַס: „און אַזוי זאָגט ער, דער זוהר הקודש: „בזו טנרא תקיפה רקיעה טמירא, אית היכלה חדא דאקרא היכל אהבה״ — אין דעם פאַרבאָרגענעם הימעל איז פאַראַן איין היכל, און ער הייסט דער מלך השמים, הקדוש ברוך הוא און פאַראייניגט זיך מיט די הייליגע נשמות „בנשיקין דרחימו״, „מיט קושען פון ליבע״. און דאָס איז דער קוש, וואו די נשמה פאַראייניגט זיך מיט דעם גרונט. „דביעותא נפשא בעיקרא״.

„איהר פאַרשטעהט, דאָ, אין דעם קליינעם חדר, האָבען מיר געזעהן די גרויסע, זעלטענע מיסטעריע פון דער וועלט: די פאַראייניגונג פון דעם מענשען מיט דעם עיקר פון דער וועלט; דאָס צערונען ווערען פון דעם חומר, דעם פיזישען מענשען אין דעם וועלט־סוד. און אין דעם בלינדען מקובל איז דער שליסעל צו אומבאַקאַנטע, צו רעטענישדיגע וועלטען״.

„איהר מיינט עס ערנסט?״.

„איך ווייס ניט. פרעגט ניט. קומט אין „קאַפע וויען" מקבל שבת זיין".

און ווידער — שאַך, קאַפע, די „ציריכער צייטונג" און משה.

עס ווערט שפּעט. פינסטער און שטיל אין גאַס. „עס איז די צייט צו געהן צום כותל". שלאָגט־פאַר מיין פריינט. און מיר געהען אויפ׳סניי אין דער אַלטער שטאָדט.

אַראָפּ, אַראָפּ, איבער אוראַלטע טרעפּען, איבער ביינער פון דורות, איבער שפּורען פון טויזענטער יאָהרען — אַראָפּ ביז צו דער וואַנט. אַן ענגלישער סאָלדאַט באַטראַכט אונז און באַגריסט אונז: „גוד איווינינג, דזשענטעלמען!".

ציוויליזאַציע רוקט זיך אָן, רוקט זיך ווידער אָפּ — מיר זייענען ביים כותל. שטאָק־פינסטער פאַר דער וואַנט. און ענג, און אומהיימליך. די וואַנט שווייגט, מיין נשמה אויך. איך טאַפּ אַרום די שטיינער. מיין האַנט דערפיהלט אַ פּאַפּירל. איך ציה איהם אַרויס. איינס, צוויי, אַ גאַנץ פּעקעל. אין יעדען שפּעלטעלע פּעקלעך. תפילות, פּשוט׳ע, אָרימע, פּראָזאאישע נשמות, וואָכעדיגע געמיטער האָבען דאָ געבעטען — פאַר זייער קליאַטשיקען לעבען — ביים אומענדליכען סוד.

בעט אַ שוחט פאַר זיין „שחיטה" אַז דער חלף זאָל גוט קוילען און אַז זיין קאָנקורענט זאָל איהם ניט אַוועקנעהמען די פרנסה. בעט אַ איד פאַר זיין טאָכטער, זי זאָל באַלד חתונה האָבען.

„קוויטלען" — די וואַנט ווערט אַ פּאָסט־אַמט. און איך הויב זיך אָן צו וואונדערען: איז טאַקע נויטיג אַזויפיל צו קעמפען פאַר דער קוויטעל־וואַנט? הכותל כותלנו" אין 1929 — אין בלוט?

איז דאָך אַזוי שטיל דאָרט, ביי די מקובלים. און וואו איז אידישקייט—אין די גרויע שטיינער, אָדער אין דער שווייגענדיגער טיפקייט?

און ווייטער — איבער געסלאַך. וויאַ דאָלאָראָזאַ — דער וועג פון דעם ליידען, — דעם ליידען, וואָס מיר מענשען האָבען זיך געוואָלט אויסמאָלען, כדי פּטור צו ווערען פון דעם חוב אַליין צו ליידען. און מאָנומענטען, און קלויסטערס, און...

אונזער פיהרער איז אין זיין עלעמענט. ער דערצעהלט וועגען שטיינער און וועגען שטויב, וואָס איז פאַרפלויגען.

פּלוצלינג עפענט זיך דער ענגער וועג. מיר דערגעהן צום

דר. א. קאַראַלניק

„שער האריות", און עס אַנטפּלעקט זיך פאַר אונז ירושלים — די פריי־רוימיגע. און דער ברייט־באַשטערענטער הימעל איבער אונז. דער דאָקטאָר בלייבט שטעהן: „זעהט, דאָ איז סיריוס, דער זילבער־ווינקענדיגער; און דאָרט איז „אַראַ", דער מזבח; און דאָרט . . . „העי, הערט מיר אויף צו רעדען וועגען שטיינער און געשיכטע, און לעגענדע! וואָס איז שוין געשיכטע? צוויי טויזענט, פיר טויזענט, צעהן טויזענט יאָהר, און איבער אונז אייביגקייטען". זיין קול ווערט ווי פאַרשלייערט: „ניט צוריק־קוקען, ניט דאָס שטויב־געוואָרענע! אַרויף, אין דער הויך, שאו מרום עיניך! דאָרט איז דער סוד, דאָרט איז ירושלים של מעלה! דאָרט און אין דעם בלינדען שווייגען אין דעם מקובלים־שטיבעל!".

און טיף איז געווען דער שלאָף פון ירושלים ווען איך בין געקומען אַהיים, אין די „שערי צדק", וואו איך האָב געוואוינט.

פון שערי־אריות, דעם לייבען־טויער, דעם טויער פון גבורה, ביז שערי־צדק: דער מיסטישער וועג פון ירושלים — אין דאָרשט.

אָקטאָבער 6, 1933

# דער שטיין

צום צווייטען מאָל ביי דער „וואַנט" — ביי דער איינציגער וואַנט, וואו אידען קאָנען זיך אָנלעהנען. אַזוי האָט געקאָנט בלויז פּאַסירען ביי דעם אומפאַרשטענדליכסטען פון אַלע פעלקער: פאַר־לירען אַלצדינג וואָס האָט אַ יסוד אין דער ערד, — אַלצדינג וואָס איז פעסט און פּשוט, — אויסבייטען די קליינע, ענגע אָבער זיכערע ממשות׳דיגקייט אויף אַ ווייטער, ברייטער, רעגענבויגען־קאָלירטער און אַזוי אומרעאַלער וועלט פון מעגליכקייטען, — אַלצדינג פאַר־לירען אַחוץ אַ וואַנט — דעם „כותל מערבי". די איינציגע וואָס איז אָהן אַ ספק. וואָרים סוף־כל־סוף אַלע איבעריגע זכרונות און רואינען — אפילו זיי זיינען דאָך מעהר פאַנטאַזיע ווי היסטאָרישער אמת. מיר ווייסען דאָך, ווי אַזוי די פאַרשיידענע קברים און מאָ־נומענטען זיינען מפורסם געוואָרען. אַראַבישע פאַנטאַזיעס, אידישע חלומות. שטעהט אויף איין שעהנעם פריהמאָרגען דער אר״י הקדוש און זאָגט, אַז מען האָט איהם „מן השמים" געוויזען אין חלום וואו דער תנא איז באַגראָבען און וואו אַן אַנדערער — און די אידען האָבען געגלויבט. די אָרטיגע אַראַבער האָבען — פון קינ־דישקייט אָדער מיט כיטרער אויסרעכענונג — געשאַפען זיך אַן אייגענע היסטאָרישע געאָגראַפיע פון ארץ־ישראל. ווייזען דאָך די אַראַבער עד־היום דעם אָרט, וואו נח׳ס תיבה האָט זיך אָפּגעשטעלט און געמאַכט אַ לאָך אויף אַ באַרג־שפּיץ. עס איז זיי ניחא, אַז דער באַרג אררט איז צווישען די הרי יהודה. און זיכער געפינען זיך גענוג אידען וואָס זיינען אפילו ניט מסופק, אַז עס איז אַזוי.

בלויז איין מאָנומענט איז זיכער, ניט אָפּהענגיג פון קיין שום פאַנטאַזיעס: די וואַנט. אַ וואַנט — אויף אַ פונדאַמענט, וואָס דאַרף מען אייגענטליך האָבען מעהר? נאָך ניט קיין הויז, אָבער תמיד אַ פאַרטיגער אָנהויב. מען דאַרף בלויז ווייטער בויען — אויף דעם אייגענעם יסוד.

צום צווייטען מאָל ביי דעם כותל. דאָס ערשטע מאָל איז גע־ווען שפּעט ביי דער נאַכט — עטליכע שעה נאָך מיין אָנקומען אין ירושלים. אַריינגעלאָזט זיך אין דער „אַלטער שטאָדט", דורך דעם

ענגען, טרעפּענדיגען געסעל. טרעפּ נאָך טרעפּ, שטיל און פינסטער און ווי פאַר׳כשופ׳ט. די אַלטע שטאָדט איז געשלאָפען. די הייזער נאָך שוואַרצער, נאָך מעהר סוד־פאַרשפּונען ווי בייטאָג. פון אַלע זייטען פינסטערע לעכער, ווי גריבער, ווי קברים, ווי אָפענע מיילער. קלייטלאַך, יאַטקעס, מאָ־נאַסטירען, קוזניעס, מיהלכלאַך וואו קעמלען דרעהען רעדער און מאָהלען מעהל פאַר ירושלים, און אינמיטען צווישען זיי, אָט צווישען די קעלערען און קרעמלאַך, דער מערקווירדיגסטער בנין וואָס די וועלט פאַרמאָגט: אַ קבר וואָס איז ליידיג, וואָס איז תמיד געוועזען ליידיג, אַן אוממעגליכער קבר פון אַן אוממעגליכער אידייע: דער קבר פון „דעם האַר״, פון ישו.

און ווייטער, טיפער, אַלץ אַראָפּ די טרעפּ. עס הילכען די טריט אין דער שטילער נאַכט. אַחוץ די אייגענע טריט ניט קיין שאָרך. און פּלוצלינג ענדיגט זיך דער טרעפּען־וועג. איך שטעה אין אַ שמאָל ענג געסעלע — און פאַר מיר דער „כותל״.

איינער אַליין ביי דער וואַנט. איך וואַרט — ביז זי וועט רעדען. זי שוויגט. עס שווייגט אין מיר. שווער און מעכטיג ליגען די גראַניט־שטיינער איינער אויף דעם צווייטען. קוואַד־ראַט־בלאָקען מיט אַ שטיינערנעם טאַשמע. די אויבערשטע גלאַט און פּאָלירט, צו אונטען צו ווי צעקנאַטען און אויסגעריבען. דורות האָבען זיי באַריהרט און געקושט און מיט זייערע טרעהרען באַ־נעצט. געזאַלצענע טרעהרען, ביטערע, נאַגענדע טרעהרען.

איך האָב געהערט — מען וויינט ביי דעם כותל. ניט בלויז פרומע אידען, וואָס טוען אויס חוב, פאַר מצוה, נאָר אפילו אַזעלכע וואָס האָבען שוין ניט מעהר די נאַאיוויטעט פון גלויבען. מען האָט מיר דערצעהלט פון אַן אַמעריקאַנער אידען, אַ רעדאַקטאָר פון אַ צייטונג וואָס האָט אַ קנאַפּע שייכות צו אידישער התלהבות און צו דער וואַנט, פון אַ אידען וואָס איז גאָר אָפיציעל אַ סאָציאַ־ליסט — אַז ווען ער איז צוגעקומען צום כותל האָט ער זיך פאַ־נאַנדערגעוויינט.

און דאָ שטעה איך, וואָס האָב — ווי עס האָט זיך מיר אויס־געדוכט — מעהר שייכות צום גאַנצען ענין — און פיהל גאָרנישט. קאַלט ווי דער שטיין — האַרט ווי ער. און מיר שטעהען זיך איינער אַנטקעגען דעם צווייטען — דער שטיין און איך — און פרעגען זיך: וואו איז דער קוואַל פון טרעהרען?

און פאַרוואָס אויך וויינען? זי לעבט נאָך — די וואַנט. ער שטעהט דאָך פעסט — דער שטיין. ער וואַרט. ער האָט צייט, און מוטה. פאַרוואָס־זשע וויינען?

און צום צווייטען מאָלביים כותל.

דאָס מאָל בייטאָג, ווען אידען קומען. ווידער דער אייגענער וועג. איצט שוין לעבעדיג, רעש׳יג, אָבער ניט וויי־ניגער, אפשר מעהר נאָך — פאַנטאַסטיש. אינדערפריה שחרית־צייט. אַלערליי געשטאַלטען געהען דעם אייגענעם וועג. תימנ׳ער אידען וואָס זעהען אויס פונקט ווי אַראַבער, אַ מין בעדואינער מיט געגריי־זעלטע, דיקע פאות — בוכאַרער אידען און אידענעס אין כאַלאַטען און קאַלאַשען איבער די שיך — נאָך דעם טאַטערשען אופן, ספרדים מיט רויטע פעסקעס, פוילישע און אונגאַרישע אידען מיט שטריימלאָך, טוריסטען, רוסישע יונגעלייט און מיידלאָך, וואָס רע־דען האַלב־העברעאיש און האַלב־רוסיש — מיר געהען אַלע צו דער וואַנט.

און אָט איז שוין דאָס געסעל. פון אַלע זייטען בעטלערס. אַזעלכע קבצנים וואָס אייראָפּע האָט גאַר ניט געקאַנט אפילו זיך אויסמאָלען. בעטלערס וואָס באַלאַנגען דוכט זיך, צו אַן אָרדען, אַ סעקטע, מיט אייגענע געהיימע סימנים און אָפּצייכענס. אַזאַ העסליכקייט, אַזאַ אָרימקייט, אַזאַ פאַרקריפּעלטקייט קאָן גאָר ניט וואַקסען אויף גאָט׳ס ערד — דאָס איז אַ קונסט־פּראָדוקט. ניטאָ קיין קראַנקהייט וואָס זאָל דאָרט ניט זיין פאַרטראָטען, קיין מום וואָס זאָל דאָרט ניט שטאָלצירען און פּיהלען זיך היימיש. אַזוי — דורך די פּאָר געסלאָך וואָס פיהרען צו דער וואַנט — און ביז צו דער וואַנט אַליין.

דאָרט — דאָס בילד וואָס איך האָב שוין אַזוי אָפט געזעהן אָפּגעמאָלט און באַשריבען. אידען — פון אַלע קאָלירען און ניואַנסען שטעהען, זיצען ביים כותל און דאַווענען. איינער — אַ ברייט־בויכיגער, אַ ברייט־באָרדיגער, מיט אַ לוסטרינענער קאַ־פּאָטע, פּיהלט זיך זעהר היימיש. ער איז אַן אונגאַרישער און אַ תושב פון דער אַלטער שטאָדט. ער האַלט דעם סידור — אָבער ער קוקט ניט אַריין אין איהם. ער קען אַלצדינג אויף אויסוועניג. ער שמועסט זיך באַלעבאַטיש מיט אַ פּאָר אַנדערע אידען — דער־נאָך געהט ער צו צו אַ שטיין — ער האָט שוין, ווייזט אויס, זיין שטיין, טוליעט זיך צו צו איהם און רעדט אַריין אין איהם אַ פּאָר

תפילות. לעבען איהם אַ ספרד׳ישער איד — אַ פּראָסטער, אַ האָרעפּאַשניק. ער דאַווענט הויך — מיט אַ חברה וואָס איז שווער צו פאַרשטעהן. ווער ווייסט פון וואַנען ער קומט — אפשר פון פּערזיע, אָדער פון מאַראָקאָ. ער לאָזט ניט אָפּ דעם שטיין, גראָבט אַריין דעם קאָפּ אין איהם און זאָגט — און זאָגט.

אידענעס זיצען אויף בענקלאַך און וויינען. אַלטע און יונגע, צווישען זיי אויך זעהר מאָדערן געקליידטע, אויך אַמעריקאַנישע טוריסטקעס. זיי זאָגען — איך ווייס ניט וואָס. ווייל די ווערטער קומען אַרויס פאַרטרונקען פון דעם געוויין. נאָך, נאָך אַ פּאָר קלאַנגען וואָס האָבען זיך אַרויסגעראַטעוועט פון דעם טרעהרען־מבול, האָב איך דערקענט די אַלטע, היימישע תחינה. זיי רעדען שוין ניט מעהר צו דער וואַנט — זיי שרייען אַריין אין די שפּעלט־לאַך צווישען די שטיינער — ווי דורך אַ פאָרהאַנג. ווייל דאָרט — דאָרט — הינטער די שטיינער — וואָס איז דאָרט? איז „עס" דאָרט?

און ווידער שטעה איך קאַלט — נאָך קעלטער ווי דאָס ערשטע מאָל. איך קאָן ניט גלעטען דעם שטיין און קושען איהם, ווי אַ יונגער איד, מיט אַ בלאָנד בערדעל און אַזעלכע נאַאיווע אויגען — מיר דאַכט זיך, עס איז איינער פון די נייע פּוילישע „עולים". איך האָב ניט וואָס אַריינצושרייען און אַריינצוזיפצען אין דער וואַנט אַריין. מיר שטעהען ווידער איינער אַנטקעגען דעם צווייטען: די פאַרגליווערטע ווירקליכקייט און דער ווילען ניט פאַרגליווערט צו ווערען, און פרעגען זיךביידע: וועלען אונזערע וועגען זיך צוזאַמענטרעפען? מיר צעגעהען זיך אויפ׳סניי. זי בלייבט היטען דעם אוצר פון זכרונות, איך געה — צו דעם אוצר אַליין.

איך געה צו דעם הר־הבית, צו דעם אָרט וואו דער בית־המקדש איז געשטאַנען. פון דער מחיצה צו דעם צענטער.

* * *

פון אַלע זייטען און עקען פיהרען טויערען און טירען צו דעם „אל־האראם־אל־שעריף", ווי די אַראַבער רופען־אָן דעם הר־הבית, אָבער פאַר אונז „אומגלויביגע", פאַר אידען און פאַר קריסטען, איז דאָ בלויז איין טויער, איין אַריינגאַנג, און אויך אין באַשטימטע

שטונדען — פון האַלב־אַכט ביז האַלב־צוועלף — און דאָס אויך ניט פרייטאָג.

אויך אַן איראָניע פון דער געשיכטע. דער גאַנצער כבוד, די גאַנצע קדושה איז צוליב אונז — און מיר זיינען דאָרט בלויז געדולדעטע געסט. און אפילו זיי — די קריסטען — האָבען דאָך פאָרט מעהר שייכות צו דעם דאָזיגען באַרג ווי די מחמד׳אַנער. אָט דאָ — און אויף דעם באַרג אַנטקעגען האָט זיך דאָך אָפּגע־שפּילט זייער גאַנצע גייסטיגע געשיכטע. דאָ איז דאָך זייער מקור. נעהמט אַוועק פון אונז דעם הר־הבית און דעם הר־הזיתים — עס בלייבט נאָך דער סיני. וואָס בלייבט ביי זיי?

און דאָ קומען אַראַבער, וואָס האָבען ניט געפּאַקט און ניט געמאָזעלט, וואָס האָבען בכלל ניט קיין שום באַציהונג צו ירושלים — און פאַרשפּאַרען דעם וועג און האַלטען דעם שליסעל פון דעם אוצר.

פּופּצעהן פּיאַסטער, אַ בילעט, אַ בייזער קוק פון דעם אַראַבער מיט דער רויטער פעסקע, וואָס פאַרקויפט די בילעטען — און עס עפענט זיך דער „פאָרהאַנג״. די גרעסטע סצענע פון דער וועלט־געשיכטע ווייזט זיך דעם אויג.

אַ באַרג, וואָס איז אָפּגעזעגט געוואָרען ביים שפּיץ, אַזוי אַז ער איז געוואָרען אַ מין עסטראַדע. ווייסע טרעפּען פיהרען אַרויף. אַרקאַדען פון ווייסען און בלויליך־גרויען מירמעלשטיין פון אַלע זייטען. גראַציעזע, שלאַנקע, חנ׳עוודיגע זיילען, צוועלף אין צאָהל. לויט דער טראַדיציע שטאַמען זיי פון בית־המקדש. זעלבסט־פאַרשטענדליך — ניט פון שלמה׳ס — פון איהם איז שוין לאַנג ניט געבליבען קיין זכר — נאָר פון הורדוס׳ס. אַביסעל העכער און אין דעם צענטער פון דער באַרג־עסטראַדע די „מאָסקע פון עומאר״ — דאָס שעהנסטע, דאָס וואונדערבאַרסטע מחמד׳אַנישע הייליגטום אין דער גאַנצער וועלט, סיידען די „האַגיא סאָפיאַ״ אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, און אויך דאָ בין איך מסופק — וואָס איז שעה־נער, ריין אַרכיטעקטאָניש, ריין קינסטלעריש — די מאָסקע פון דעם הר־הבית צי די פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל.

אַ בלויער וואונדער. בלוי און גאָלד די מאָזאַאיקען. ווייסער, רויזען־קאָלירטער, בלויליכער, רויטליכער מאַרמאָר.

און אין מיטען דער מאַסקע אַ שטיין. אַ גרויסער פעלז, גרוי און נאַקעט. צוויי מחיצות רינגלען איהם אַרום. איינע — פון בראָנז — אַרום דעם שטיין גופא: די צווייטע — מעטאַל און האָלץ — אַרום דער ערשטער מחיצה. אַ צווייפאַכע שמירה.

און עס איז פאַרשטענדליך פאַרוואָס. דער שטיין איז דער גרעסטער אוצר, וואָס די וועלט פאַרמאָגט, עס איז דער שטיין פון די אָנהויבען, דער פונדאַמענט פון דעם גאַנצען בנין, וואָס הייסט „וועלט־געשיכטע״. עס איז דער „אבן שתיה״.

דורך די גראַטעס פון דער מחיצה האָב איך איהם געקאָנט אָנריהרען. און איך מוז זיך מודה זיין, ווען איך וואָלט זיך ניט גע־שעהמט פאַר דעם אַראַבישען פיהרער, פאַר דעם מולאַ אין שוואַר־צען מאַנטעל און ווייסען טורבאַן, וואָלט איך אויך געטאָן ווי יענער איד ביי דעם כותל המערבי — און געקושט איהם און געבויגען דעם קאָפּ פאַר זיין אייביגער גרויקייט.

אָט דאָ האָט עס זיך אָנגעהויבען. מיט אברהמ׳ס ערשטען זשעסט. פון הכנעה; נאָ דיר, גאָט — איך בין דיינער — דו קאָנסט מיט מיר טאָן וואָס דו ווילסט — ביז צו די לעצטע קרעכצען פון דעם אונטערגעהענדיגען אידישען פאָלק.

סיני — נאָך מדבר. סיני — נאָך פאַרהיסטאָריש. דער מוריה — שוין געשיכטע. דער ערשטער ריס, דער ערשטער קריזיס אין דעם מענשליכען באַוואוסטזיין. מוריה — דער טראַ־גישסטער באַרג פון דער וועלט. און דער אידישיסטער.

עס האָט זיך מיר ווידער־אַמאָל דערמאָנט די אַלטע גריכישע לעגענדע, וואָס איך האָב אַזוי ליב—די לעגענדע פון דעם מענשען, וואָס איז אַרומגעגאַנגען זוכען דעם סוד פון דעם „האָניג־זיסען, באַפרייענדען לאַכען״. ער האָט איהם פאַרלוירען — אין דער הייל פון טראָפאָנוס, דער הייל פון לייד און שמערץ — און ווידער גע־פונען איהם אין דער הייל פון דעלאָס, וואו ער האָט דערזעהן „די מוטער״ — דאָס בילד פון דער מוטער פון אַפּאָלאָן. אַ בילד — וואָס איז געווען ניט מעהר ווי אַ שטיק האָלץ. ער האָט זיך צעלאַכט — ווייל אַ געפיהל פון פרייד האָט פאַרפלייצט זיין נשמה.

און פאַר דעם שטיין פון די יסודות, דעם פאַרמלאָזען אָנהויב פון אַלע אָנהויבען האָב איך אויך דערפיהלט אַ באַפרייענדיגע פרייד.

דער שטיין

„מיר האָבען אָפּגעגעבען דעם הר־הבית די מחמד'אַנער אין אַרענדע — זיי זיינען בלויז אונזערע שומרים" — האָט מיר אין ירושלים געזאָגט מיט אַ נצחון־זיכערען שמייכעל איינער פון די אַלטע ציוניסטישע פיהרער. און איך האָב געגלויבט אין זיינע ווערטער. און מיר דוכט זיך — די מוסולמאַנער אַליין גלויבען אויך. זיי האָבען פאַרמויערט דעם „שער הזהב", דעם „גאָלדענעם טויער", וואָס פיהרט פון דעם הר־הבית צו דעם הר־הזיתים, ווייל זיי גלויבען, אַז משיח וועט אַריינקומען דורך דעם דאָזיגען טויער — און מיט איהם אַלע וואָס וועלען אויפשטעהן תחית המתים.

זיי גלויבען — און האָבען מורא. ווייל זיי ווייסען, אַז וואָס מוז זיין — וועט זיין. פריהער אָדער שפעטער. ביסמילא — אין דעם נאָמען פון גאָט.

סעפטעמבער 25, 1926

# ארץ־ישראל — אַלט און ניי

נעכטען האָב איך אַלצדינג געוואוסט. אַלצדינג גאַנץ גענוי געוואוסט — וויפיל דונאַם לאַנד עס פאַרמאָגט יעדע קאָלאָניע באַזונדער, ווי אַזוי זיי זיינען באַשאַפען געוואָרען, ווען, אויף וואָסער פּרינציפּ אָרגאַניזירט, ווי אַזוי די ווירטשאַפט געהט אין יעדער איינצעלנער קאָלאָניע באַזונדער און דעם טיפּ פון יעדען ישוב: קאָלאָניע, מושב, קבוצה, א. אַז. וו. קרן־היסוד בראָשורען, ביכער וועגען פּאַלעסטינע, אונטערגעדונגען מיט די „פאַכמענער" אָדער יעדענפאַלס — ווייל אין דעם זיינען אַפּיקורסים מסופּק, ווי דער שטייגער איז — יעדענפאַלס מיט די פּאַך־באַאַמטע פון דער „הנהלה".

אַלצדינג האָב איך נעכטען געוואוסט. און אפילו ניט בלויז נעכטען, נאָר אויך פאַר אַ סך נעכטענס צוריק, ווען איך האָב נאָך גאָר ניט געזעהן ארץ־ישראל.

און היינט — האָב איך כמעט אַלצדינג פאַרגעסען. אַוועקגע־לייגט אַלע דאָקומענטען און סטאַטיסטישע טאַבעלען ביי אַ זייט. די ווירקליכקייט האָט צו מיר אַליין גערעדט. און דאָס אויג האָט גובר געווען דעם זכרון.

טאָג נאָך טאָג געטרייסעלט זיך פון פריהמאָרגענס ביז שפּעט אין דער נאַכט אין דעם אויטאָמאָביל איבער די שטיינערדיגע באַרג־וועגען פון ארץ־ישראל. פון קאָלאָניע צו קאָלאָניע. פון דעם „אַלטען" ישוב אַרום דעם מיטעללענדישען ים — אַרום יפו — פּתח־תקוה, ראשון לציון, רחובות, נס־ציונה א. אַז. וו.; איבער דעם „עמק" דעם נייעם ישוב, און ווייטער ביז צו דער גרעניץ פון פּאַלעסטינע, ביז צו די אַוואַנפּאָסטען פון דעם ווייטען מאָרגען — די קאָלאָניעס אַרום טבריה און חיפה. געוואָלט פאַרמאַכען די אויגען פאַר יעדער ראָמאַנטיק, מאַכען אַ מחיצה צווישען דער ווירקליכקייט און דער לעגענדע, אָדער געשיכטע — עס איז דאָך אַלץ איינס — זעהן בלויז פאַקטען, פאַקטען און ממשות'דיגקייטען.

געוואָלט — אָבער אויף יעדען טריט איז די געשיכטע נאָכגע־לאָפען און פאַרדעקט מיט איהר שאָטען דעם טרוקענעם אמת. און ווי האָט זיך מיר געדאָרשט נאָך דעם אמת, דעם „אמת וועגען

ארץ־ישראל״. מען האָט אונז דאָך אַזויפיל דערצעהלט, אַזויפיל נסים און וואונדער וועגען דעם נייעם, גאָר נייעם, שפּאָגעל־נייעם ארץ־ישראל. מיט וואָס פאַר ענטוזיאַזם און פּאַטאָס און מליצה האָט מען ניט באַשריבען דעם „חלוץ״ און די „קבוצות״ און די חדושים פון דעם עמק, ניט בלויז בויער פון אַ לאַנד, פון אַ נאַציע; מעהר, גרעסער, העכער — בויער פון אַ נייער סאָציאַלער פאָרם. די חלוצים האָבען געקלאַפּט שטיינער אויף די וועגען פון ארץ־ישראל — דאָס האָקט מען די שטיינער פון דער אַלטער וועלט, צעקלאַפּט מען איהרע אידעאַלען, צעהאַמערט איהרע אידייען. דאָס לייגט מען אַ יסוד פאַר דער קומענדער „ממשלת שמים״.

דער אַלטער ישוב? אַט די קאָלאָניעס, וואָס זיינען אויפגעבויט געוואָרען מיט דעם שוויס פון אידישע אינטעליגענטען און מיט דעם געלט פון באַראָן ראָטשילד — זיי האָבען אין אונזערע אויגען פאַרלוירען דעם גלאַנץ פון אַמאָל. אַלט אַנטקעגען ניי — און ניי געווינט.

אָבער עס האָט מיך דאָך געצויגען צום אַלטען. טאַקע דערפאַר, וואָס עס איז שוין אַביסעל עלטער, ווי דער היינטיגער טאָג, איז עס שוין אויך אַריינגעוואָקסען אין ארץ־ישראל, צוגעפּאַסט זיך צום לאַנד, וואו אַלט־ניי איז סטיל.

און איך בין געפאָהרען צוערשט אין די פּיאָנערען־קאָלאָניעס. נעמען, וואָס זיינען שוין היסטאָריש. „ראשון לציון״ — דער ערשטער פון — אָדער צו — אָדער פאַר ציון. דער ערשטער ציגעל פאַר דער פּיראַמידע. איהר פאָהרט אַרויס פון תל־אביב אין אַ זומער־מאָרגען. די פּאַנאָראַמאַ אַן אַנדערע, ווי אויף דעם וועג קיין ירושלים. װעניגער גרויסאַרטיג, ווייכער, מילדער, גרינע פעלדער. „באַיאָרען״ מאַראַנצען, און פייגען און מאַנדעל־בוימער. אויף די פעלדער ליגען סנאָפּעס, די גאָלדען־געלע זאַנגען אויף די שייערען. די אידיליע פון דעם „גורן״. אַראַבישע פעלדער. די פרויען אַרבייטען, די מענער געהען־אַרום פּאַוואָליע, און קוקען־צו — געהען געלאַסען און שמועסען.

פון צייט צו צייט באַגעגענט אייך אַ וואָגען אָדער אַן אויטאָמאָביל. קאַראַוואַנען פון קעמלען, באַלאָדען מיט בינטלאַך, ציהען זיך אויף דעם וועג. רוהיג, שטיל, געמאָסטען. אַ לעבען וואָס איז פאַראַנקערט און פאַרפונדעוועט.

און אָט הויבט זיך אָן אַ שליאַך. אַ גוטער, אויסגעפאָהרענער,

אויסגעפלאַסטערטער וועג. פון בײדע זײטען בוימער, גרינע פעל־דער. דער שטרענגער, האַרבער פּאַלעסטינישער לאַנדשאַפט ווערט מילדער. די ערד איז אויסגעלייגט דורך אַרבייט.

אויפ׳ן וועג עטליכע הייזער — רויטע דעכער, געלע ווענט — רויט און געל אויף דעם בלוי־גרינעם הינטערגרונט. קוריאָזע גע־שטאַלטען שטעהען דאָרט צווישען דעם גרין — אַראַבער און דאָך ניט קיין אַראַבער. עס איז אַ קאָלאָניע פון תימנ׳ער אידען. אַראַ־בער אין דער שפּראַך, אַראַביש אָנגעטאָן, טונקעל, זון־פאַרברענט. אָבער די דאַרע, שמאָלע פּנימ׳ער און די לאַנגע, געגרייזעלטע פאות רעדען אידיש, רעדען פון יסורים און קאַמף — און פון דער פרייד פון דערגרייכונג.

איך האָב עס ניט איינמאָל באַמערקט ביי די תימנ׳ער אידען, אָדער בכלל ביי אַלע מזרח־אידען, ווי די בוכאַרער, די גרוזישע, די מאַראָקאַנער, א. אַז. וו. — סיי אין די פאַרשיידענע „שכונות״, די קוואַרטאַלען אין ירושלים, סיי אין די קאָלאָניעס אַזוי ווייט ווי מען קאָן זיי דאָרט טרעפען: זיי זיינען אפשר די איינציגע, וואָס פיהלען זיך אין ארץ־ישראל אמת גליקליך, אין דער היים; די איינציגע, וואָס האָבען ניט קיין שאלות. זיי האָבען כמעט גאָרניט פאַרביטען. דער אייגענער מזרח, דער אַלט־געוואויינטער, נאָהענ־טער סטיל פון לעבען; דער אייגענער לבוש ווי אין זייער אַלטער היים — דער כאַלאַט, די פאַנטאָפעל, פאַרביג, זוניג און גרינג. דער בוכאַרער טראָגט אפילו זיינע קאַלאָשען אין די הייסעסטע זומער־טעג, ווי ער האָט עס געטאָן, נאָך טאָטערשער מאַניר, אין טאַש־קענט און סאמארקאנד, און פיהלט גאָר ניט דעם חילוק אין דער סביבה.

און בעסער פון אַלע איז די תימנ׳ער. מיט די אייגענע אַראַ־בער ווי אין תימן, און דאָך פריי און געשיצט, און דאָך מיט אַ געפיהל, אַז זיי זיינען „ביי זיך אין דער היים״. און פון די וויינ־גערטנער אַרום דער נייער תימנ׳ער קאָלאָניע דערהערען זיך אַראַ־בישע מעלאָדיעס. די תימנ׳ער יונגען. חזנ׳ישדיג אומעטיג־פרעהליך. אַזאַ מוזיק קאָן מען הערען נאָר אין דעם מזרח, און נאָר דאָרט קאָן מען זי פאַרטראָגען.

פאַרביי דער תימנ׳ער ישוב — און באַלד דערזעהט מען אַ דאָרף — אָדער אַ שטעדטעל — איך ווייס אַליין ניט, ווי איך זאָל עס אָנרופען — ריין און שעהן און ציכטיג.

**מיר זיינען אין ראשון.**

אַ שטעדטעל פון פופצעהן הונדערט נפשות. אַ אידיש שטעדטעל. און דאָך אַזוי שטיל, אַזוי רוהיג. כמעט ווי עס וואָלט דאָרט קיינער ניט געווען — קיין איין איד ניט. „וואו זיינען זיי אַלע?" — פרעג איך אַ אידען, וואָס שטעהט ביי אַ קלייטעל. „זיי זיינען אין די פרדסים". זיי, דאָס הייסט די יוגענט פון דער קאָלאָניע, דאָס הייסט די יורשים, די וואָס שניידען איצט דאָס, וואָס די אַלטע האָבען פאַרזייהט מיט פיר־און־פערציג יאָהר צוריק.

איך פאָהר צו דעם „יקב". יקב — אַ קעלטער. דאָס וואָרט געהט מיר ניט אַרויס פון דעם קאָפּ. עס דערוועקט זכרונות פון דער קינדהייט. „מן הגורן ומן היקב" — פון דעם שייער און פון דעם קעלטער — אַזוי האָט אונז דער רבי געטייטשט. און איך האָב ניט אַקוראַט פאַרשטאַנען וואָס דאָס איז אַ קעלטער. אָבער דאָס וואָרט האָט מיך באַצויבערט. קעלטער — קאַלט, עלטער, עס האָט מיך דערמאָנט אָן אַ גוראַלניע. שאַרפער ריח פון ספירט, רויטע נעזער, גוים מיט פיהרען, אַ פאַנטאַסטישע, אַ שיכור'ע וועלט. און פאַרט, עס איז „יקב", עס איז אַ קעלטער. ער באַלאַנגט צום חומש, שטעהט אין דער אייגענער קאַטעגאָריע, ווי מילגראַמען און הדס'ען און צעדער־בוימער. אויסטערליש, אַלט, זיס, בשמים'דיג. און אָט איז ער — דער גרעסטער, דער רעאַלער יקב. אַ גרויסער בנין. אַ ריח פון יונגען וויין שלאָגט מיר אַנטקעגען. זון און וויין.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום זיצען מיר, די מיטגלידער פון דער אַדמיניסטראַציע און מיין קליינע רייזע־גרופּע, אין דעם ליכטיגען צימער פון דער פאַרוואַלטונג, און טרינקען אַ מין אייגענאַרטיגען פּאַלעסטינער שאַמפּאַניער. טרינקען פון פיין־געשליפענע, שטראַ־לענדע גלעזער, און דערצעהלען זיך איינער דעם צווייטען מעשיות איבער אידען. זיי ווילען וויסען פון אַמעריקע: איך — פון ארץ־ישראל. עס פאַרגעסט זיך באַלד וואו מען איז. מיר ווייזט זיך אויס, אַז איך זיץ אין אַ רוסישער שטאָדט, מיט רוסיש־אידישע אינטעליגענטען פון דער גוטער, אַלטער שולע, אידעאַליסטען פון דער פאַר'מבול'דיגער צייט. אַן אַטמאָספערע פון קולטור, פון פאַרפיינערטער רוסיש־אידישער בילדונג. שוין דער גרוי־לאָקי־גער, אַנ—סקי קאָפּ פון דעם פאַרוואַלטער, ה. מעיאַראָוויטש, טראָגט אַריין שטימונג און אַטמאָספערע. די גאַנצע ביל"ר־לעגענדע

ווערט לעבעדיג, נעהמט־אָן פלייש און הויט. זי איז זילבער־ווייס, און זי האָט יוגענט־בלויע אויגען. דער אַנ—סקי קאָפּ רעדט. מיט פשטות, מיט אַ שמייכעל, דערצעהלט פון די לאַנגע יאָהרען פון קאַמף און ליידען. פיר־און־פערציג יאָהר אויסגעהאַל־טען. איבערגעקומען דעם טערק, די מלחמה, דורכגעמאַכט אַלע ענטוזיאַזמען און אַלע אַנטוישונגען — און אויסגעהאַלטען, צוגע־פיהרט ראשון צו דער איצטיגער מדרגה. אמת, דער באַראָן האָט געהאָלפען, אָבער בלויז מיט געלט. אָבער האָט דען דאָס געלט פון דעם פּאַריזער נדיב געקאָנט געבען דעם יונגען אידעאַליסט דאָס, נאָך וואָס עס גלוסט דאָס הארץ פון יעדען יונגענמאַן? זיי האָבען דאָך געהאַט די מעגליכקייט אַוועקצופאָהרען, אומקעהרען זיך קיין רוסלאַנד, פאָהרען קיין אַמעריקע, דאָרט שאַפען פאַר זיך אַ פּלאַץ אין לעבען, דאָרט דערגרייכען. עס וואָלט געווען גרינג פאַר זיי. די וועלט איז נאָך געווען דעמאָלט פריי און אָפען. אָבער זיי האָבען ניט געוואָלט. דוקא דאָ, צווישען די ווילדע אַראַבער, אונטער דער קאַלכאַויוועך־הייסער זון, דעם באַראָנ'ס טעג־עסער — אַלצדינג האָבען זיי מקבל געווען, אפילו די פּיין צו נעהמען שטיצע, ביז זיי האָבען זיך צו עפּעס דערשלאָגען. וויינגערטנער, אַ פּאַלמען־אַלעע, אַ זיכערקייטס־געפיהל, אַ היים־באַוואוסטזיין. זיי זיינען צופרידען מיט זיך, מיט דער וועלט, מיט ארץ־ישראל. און דאָס איז דאָך דער עיקר.

אָפּגעזעגענט זיך מיט דער אַדמיניסטראַציע, געלאָזט זיך פיהרען דורך דעם ווייז־קעלער, אַרומגעגאַנגען איבער די לאַנגע קאָרידאָרען, איינגעקוקט זיך אין דעם גאַנצען גרויסאַרטיגען, קאָמפּליצירטען מעכאַניזם, איינגעזאַפּט אין זיך דעם ריח פון אַלטען און יונגען וויין, און אַ דערפרעהטער, אַ גרינגער־געוואָרענער, אַוועקגעפאָהרען.

פון קאָלאָניע צו קאָלאָניע. אָט אין זכרון יעקב — די שעהנע, אָט אין רחובות — די ברייטע, און נס־ציונה — די דאָרפישע.

אומעטום אַזאַ רחבת־ידים, אַזאַ איינגעפונדעוועטקייט, אַזאַ זיכערע באַלעבאַטישקייט. זיי באַריהמען זיך ניט מעהר. זיי ווייזען אויך ניט מעהר זייער אַרבייט, זייער „פּראַצע". די צייט פון פּיאָנערענטום איז שוין אַריבער. איצט לעבען זיי. שעהמען זיך ניט צו האָבען וואוילטאָג, שעהנע הייזער — „די מיליאָנען־גאַס" רופט מען די הויפּט־גאַס פון רחובות — צו לעבען כמעט

ווי „פּריצים״. עס איז אַרבייטס־צייט, מען קלייבט איצט די וויינ־טרויבען אין די ווייגערטנער. יונג און אַלט זיינען ביי דער אַר־בייט. אויף דער גאַס, אין די הייזער זעהט מען נאָר קינדער און זקנים, אוןביידע אַזוי שעהן.

אין דעם הויפּט־האָטעל פון רחובות אַוועקגעזעצט זיך ביי אַ היימישען מאָלצייט מיט איינעם פון די עלטסטע „ישוב׳ניקעס״, מיט איינעם פון די פּיאָנערען פון דער ארץ־ישראל קאָלאָניזאַציע, ה׳ חאַרלאַפּ.

אַ קרעפטיגער אַלטער מאַן, ווייס ווי אַ טויב און שוואַרצע, ברענענדיגע, יונגע אויגען. האָט, זאָגט מען, אַ יחוס־בריף ביז צו מלכות בית דוד.

איך האָב איהם געבעטען מיר צו ווייזען דעם דאָקומענט, אָבער ער האָט ניט געוואָלט. „אַן אַנדערש מאָל״, האָט ער מיר געזאָגט, „וועל איך איהם ווייזען. היינט וויל איך אייך דערצעהלען פון מיין אַנדערען יחוס״.

און ער האָט מיר דערצעהלט דעם יחוס פון פערציג יאָהר פּאַ־לעסטינישער אַרבייט, פון דער ראָמאַנטיק פון אָנהויבען, פון אילוזיעס, פון קאַמף און פאַרוואָרפענקייט פון רוסישע יונגעלייט צווישען די ווילדע בעדואינער, פון בענקשאַפט און עקשנות, פון מיה און דערגרייכונג. איך האָב שוין מעהר דעם ערשטען יחוס־בריף גאָר ניט געוואָלט זעהן. דער צווייטער איז פאַר מיר געווען גענוג.

און קינדער! מיר דאַכט זיך, איך האָב אין ערגיץ ניט געזעהען אַזעלכע שעהנע, איידעל־ראַסיגע קינדער, ווי אין די ארץ־ישראל קאָלאָניעס בכלל און בפרט אין רחובות. שלאַנק און פיינגלידער־דיג, ציכטיג און מיט פאַרנעמען גאַנג. זונענ־בלומען, וואָס זיינען אויפגעוואַקסען אונטער דעם פרייען, בלויען הימעל אין דער קאָלאָניע פון ברייטקייט.

און אָט איז נס־ציונה. פּשוט׳ער, דאָרפישער, באַשיידענער. טיפער זאַמד אויף די וועגען. ביז צו די קני געהט מען אין זאַמד, וויל מען אַריבערשפּאַנען די גאַס. הייזלאַך, וואָס דערמאָנען מעהר אָן רוסישע, קליינשטעדטעלדיגע, ווי אָן מזרח׳דיגע. אפילו די אַראַבער, וואָס זיצען אינמיטען גאַס און פאַרקויפען גרינס, דער־מאָנען מעהר אָן אוקראַינישע גוים ווי אָן אָריענטאַלע. עפּעס

דר. א. קאַראַלניק

אַ היימישע אַטמאָספערע. מיר געהען אַריין אין אַ שטוב צו אַן אַלטען קאָלאָניסט. קיינער איז ניטאָ. דער קאָלאָניסט איז אַוועק־געפאָהרען קיין צפת. אָבער אויף דעם טיש ליגען ביכער און זשורנאַלען, די שאַפע איז פול מיט ספרים. דער היימישער משכיל גריסט אונז פון יעדען ווינקעלע. אַ יונג מיידעל פיהרט מיך אַריבער דער גאַס, צו דער טאָכטער פון דעם קאָלאָניסט. אַ יונגע פרוי געבוירען אין ארץ־ישראל, אויפגעוואקסען אין נס־ציונה. זון־פאַרברוינט, שלאַנק, גראַציעז ווי אַ מזרח־סילועט. זי שמייכעלט אַנטקעגען דעם גאַסט. און דער דריטער דור הויבט זיך אָן צו לאַשטשען צו מיר. אַ קליין מיידעלע, דאָס קינד פון דער יונגער פרוי, פון אַ יאָהר דריי, זעצט זיך צו מיר אויף די קני. „דודי, תן לי את השמשיה״, און איך בין געוואָר־געוואָרען פון דעם דריי־יאָהריגען קינד, ווי מען זאָגט אַ זאָנטיג אויף העב־רעאיש, און עס שמייכעלט און לאַכט דער דריטער דור פון נס־ציונה. ער ווייסט שוין כון גאָרניט, אַחוץ זיין ערד, זיינע בערג און זיין שפראַך.

איך האָב מקנא געווען דער יונגער לאה׳לע, דעם דריי־יאָהריגען אייניקעל און איהר גאזעלען־שלאַנקער מוטער, ווי פשוט און ווי קלאָהר איז זייער לעבען דערוויל. אָבער איז דען ניט אַלצדינג „דערוויל״?

איך פאָהר־אַרויס פון נס־ציונה, אויף דעם שליאַך, דאָרט, וואו דאָס דאָרף ענדיגט זיך, הויבט זיך אָן אַ נייער ישוב, אַ נייע שיכט: הילצערנע שאַלאַשען, באַראַקען נאָר־וואָס אויפגעשטעלט. יונגעלייט און מיידלאַך שטעהען פאָר די באַראַקען — אַ נייער טיפ מענשען. עס איז אַן „אחווה״, אַ מין הקדמה צו אַ קבוצה. די נייע אידישע אַרבייטער. חלוצים, וואָס אַרבייטען ביי די קאָלאָניסטען און גרייטען זיך צו אַן אייגענערווירטשאַפט, און אַ קבוצה. איז נס־ציונה אַלט־באַלעבאַטיש, איז די באַראַקען־קאָ־לאָניע ניי־ראָמאַנטיש, מיט אומקלאָהרע אידעאַלען, מיט סאָציאַלע חלומות. דאָרט די רוה פון דעם איינגעזעסענעם און איינגע־וואָרצעלטען: דאָ — די אומרוהיגקייט פון דעם זוכענדען. צוויי שיכטען פון קולטור: אַלט־ און ניי־איראָפּיאישע. אַלט־ און ניי־אידישע.

אָקטאָבער 8, 1926

# אין שכם

גיך, גיך, ווי אַ פייל פון׳ם בויגען, אויף מסירות־נפש לויפט דער אויטאָמאָביל איבער די באַרג־סטעזשקעס פון ארץ־ישראל. אַזוי גיך, אַז עס פאַרכאַפּט דער אָטעם, אַז עס הויבט־אָן צו שווינדלען אין די אויגען. איהר בעט זיך ביים „נהג״, ביים שאָ־פער, ער זאָל עס מאַכען אַביסעל פּאַמעליכער, בנימוס׳דיגער — לאַכט ער. ער איז יונג, און אַ „כוואַט״. ער וואָלט זיך ניט גע־לאָזט אין דער אַלטער היים איבעריאָגען פון אַ גוי׳שען שאָפער, בפרט נאָך דאָ, וואו דער אַראַבער איז זיין קאָנקורענט. און דאָס מוז מען זאָגען, אַזוי משונה׳דיג ווילד ווי די אַראַבער פאָהרען, קאָן זיך פאַרגינען נאָר אַן עקס־בעדואין, וואָס איז געוואוינט צו „פאַנטאַזיעס״, האַלז־ און נאַקען־ברעכענדע קונצען אויף דעם פערד. דער אידישער אויטאָ־בעל־עגלה פיהלט, אַז ער מוז נאָכ־טאָן דעם אַראַבער אין טעמפּאָ, אַנדערש פאַרלירט דער מזרח־מענש יעדען רעספּעקט פאַר דעם אידען. און דער בעל־עגלה — וואָרים די מעשות, וואָס מען דערצעהלט, אַז יעדער אידישער שאָפער אין ארץ־ישראל האָט סמיכות אויף רבנות און אַ דאָקטאָר־דיפּלאָם אין קעשענע, באַלאַנגען צו די לעגענדעס, אָדער בלבולים, וואָס מען טראַכט־אויס אויף ארץ־ישראל — דער בעל־עגלה פיהלט אויך, אַז ער טוט „נאַציאָנאַלע אַרבייט״. ער דערהעכערט דעם אידישען פּרעסטיזש אין די אויגען פון דעם אַראַבער.

און אַט אַזוי לויפען מיר אויף דעם וועג צום „עמק״ — ווי־דער בערג, בערג, נאַקעטע, האַרטע, זונפאַרברענטע, דאָ און דאָרט אַ שטיקעל ישוב — אַן אַראַביש דאָרף, ציגען און שאָף אויף די פעלדער, בעדואינען מיט זייערע קעמלען, און באַלד זיינען מיר אין איינער פון די עלטסטע שטעדט פון דער געשיכטע, אין שכם.

עס קלינגט אין קאָפּ: יעקב — דינה, שכם בן חמור — שמעון ולוי — עפּעס אַלטע חשבונות, שבטים־רייסעריי, עמיצער פּרואווט זיך צו פאַרענטפערען פאַר אַן עולה, וואָס ער האָט באַ־

גאַנגגען, און קאָן ניט, און מוז מודה זיין, אַז איינמאָל איז די אי־דישע געשיכטע פאַרט ניט געגאַנגגען אויף דעם דרך־הישר.

אָבער נעהנטער, פאַרשטענדליכער פון די גרייז־גרויע, פאַר טויזענטער יאָהרען, שוין פאַרגעסענע שחיטות אין שכם — נעהנ־טער און ווייטער און אומפאַרשטענדליכער אין דער אייגענער צייט: די שומרונים פון שכם, צווישען אונז — צייט־גענאָסען, און ווייט פון אונז, ווי אחאב מלך ישראל, און אומבאַגרייפליך, ווי דער הר־גריזים. איך קוק־אַרויף צום „באַרג". מ'שטיינס געזאָגט, אויך אַ באַרג. אין יעדען אַנדערען לאַנד וואָלט מען איהם גאָר ניט אָנגעטאָן אַזאַ כּבוד צו געבען איהם דעם באַרג־טיטול. אָבער אין ארץ־ישראל איז עס אַנדערש. דער „גריזים" איז אויך אַ באַרג, און דערצו נאָך אַ היסטאָרישער, אַ „הייליגער" — אַ קאָנקורענט פון דעם הר־מוריה, אָדער גאָר פון סיני אַליין.

דאָרט אויף דעם שפּיץ באַרג, פאַרזאַמלען זיך פון יאָהר צו יאָהר די פּאָר פאַרבליבענע שומרונים און ברענגען דעם „קרבן פסח", און מיינען, אַז זיי זיינען עס די „אמת'ע", און זענען גליקליך אין זייער גלויבען — און קומען־אום פאַר איהם. אייגענטליך איז זייער טראַגעדיע גאָר גרעסער, טיפער, ריהרענדער, ווי אפילו די אידישע. אידען — סוף־כל־סוף האָבען זיי געלעבט, געשטו־רעמט, געוואַנדערט, געקעמפט, אַמאָל אפילו הנאה געהאַט פון דעם לעבען, גע'רעש'ט איבער דער וועלט — און אַרומגעטראָגען דעם ספר מיט זיך. און אפילו איהם פאַרגרעסערט, באַרייכערט. אויס־געשפּרייט. אפילו אין דעם ליידען איז געווען לעבען און באַ־פרידיגונג.

די אָרימע שומרונים האָבען זיך צוגעבונדען צו אַ פאַרמע־טענעם ספר'ל און געדינט איהם ממש ווי עבדים „כנענים". פאַר בליבען אויפ'ן באַרג, זיך ניט געריהרט פון דעם אָרט. און דער באַרג האָט זיי איינגעשלונגען. געשיכטע איז פרויענהאָפט. איז דער מאַן צופיל געטריי, היט ער, ווי אַ הונט, די שוועל פון דעם הויז — ווערט ער אויך נמאס. און די שומרונים זענען נמאס גע־וואָרען דער געשיכטע. אַ באַווייז, אַלצדינג וואָס איז פון זיי פאַר־בליבען, איז בלויז די חורבה פון סעבאַסטע, דער גרויסער פעסטונג שטאָדט אויף אַ באַרג: דער גרויסער שטאָדט שומרון, וואָס האָט געפיהרט דעם ערשטען, ענטשיידענדען קאַמף קעגען דער אידייע פון דעם אידענטום: ישראל קעגען יהודה.

און נאָך אַ חורבה: די עטליכע שומרונ׳ישע פאַמיליעס אין שכם. קוים זיך אָפּגעשטעלט ביי דעם מאַרק־טויער פון שכם, האָבען אַראַבער אָנגעהויבען ממש אַ שטורם אויף מיר. „סאַמאַריטען — סאַמאַריטען״ — יעדער באַזונדער האָט זיך ערקלעהרט גרייט מיך צו פיהרען צו די שומרונים, און הגם מיין וואהל איז געפאַלען אויף איינעם אַ פריילֿיכען אַראַבישען בחור׳ל, מיט פריילֿיכע אויגען און אַ זעהר ניט־סעמיטיש פּנים, האָט זיך באַלד אַרום מיר געבילדעט אַ גאַנצע אַראַבישע קאַראַוואַנע. אינגלאַך פון צעהן ביז צוואַנציג יאָהר זיינען נאָכגעלאָפען, מיטגעלאָפען, פאַראויסגעלאָפען, און אַלע האָבען זיי עפּעס ערקלעהרט, אויף עפּעס געטייט מיט דעם פינגער, דערצעהלט אויף אַראַביש, פאַרמישט מיט אַ פּאָר ווערטער פון אַן אומבאַשטימטען אייראָפּייאישען שורש — ענגליש, פראַנצויזיש, איטאַליעניש, צונויפגעפּלאָכטען אינאיינעם. אָבער אין דעם גאַנצען אַראַבישען געטומעל האָב איך געהערט איין וואָרט: „סאַמאַריטען״ — שומרונים. און זיי האָבען אַרויסגערעדט דאָס וואָרט מיט אַזויפיל ביטול, שפּאָט, אַז דער טאָן אַליין האָט געקלונגען ווי אַ באַליידיגונג.

ווי די אַלטע זינגען, פּיפּסען די יונגע — זאָגען די דייטשען. די אַראַבישע קינדער האָבען בלויז נאָכגעמאָלט אין זייער אינטאָנאַציע דעם גאַנצען האָס און די פאַראַכטונג, וואָס די אַראַבער און אַלע אַנדערע שכנים פון שכם פיהלען צו די אַלטע באַלעבאַטים פון דער שטאָדט.

אַ מערקווירדיגער וועג — ווי צו אַ בית־עולם. פינסטערע געסלאַך, באַרג־אַרויף, שוואַרצע ווענט, מויערען — עס דרעהט זיך ווי אַ שרייפּעל דער וועג, ביז מען קומט צום שפּיץ באַרג. אַ פּאָר טרעפּ אַרויף, און צוויי־דריי קליינע, וויס־געלע הייזלאַך שטעהען אין דער זון — דאָס איז די „שטאָדט פון די שומרונים״.

דער אַראַבישער בחור׳ל מיט די פריילֿיכע אויגעלאַך לויפט דער ערשטער אַרויף און באַלד דערהערט זיך זיין הילכעריג קול: „יסחאַק — יסחאַק — אַ באַזוכער איז געקומען״! און באַלד קומט „יסחאַק״, אַ הויכער, עלטערער מאַן, מיט אַ געלבליך־פאַרשלאָפען פּנים און גרויסע, מידע, ווי געשוואָלענע אויגען; אַ זיידענער כאַלאַט, אַ פאַרביגער גאַרטעל, אַ קאָלירטער טורבאַן, קונציג פאַרדרעהט אויף דעם קאָפּ; אַ הערצל־באָרד, אינגאַנצען אַביסעל עהנליך צו טעאָדאָר הערצל אין די לעצטע יאָהרען פון זיין לעבען.

ער גריסט מיט אָריענטאַלישער צערעמאָניע; עפענט די שומרונ׳־ישע שוהל, ווייזט מיר די „אוצרות״, די ספר־תורה; זאָגט מיר צו אַלטע מאַנוסקריפּטען, וויפיל איך וויל בלויז אַליין. ער האָט זיי אויף לאַגער. זיין העברעאיש איז זעהר שעהן, שעהנער פון דעם העברעאיש, וואָס מען הערט צווישען די מאָדערנע „העברעער״, און פון דעם קלאַנג פון דער שפּראַך, ווי פון דעם גאַנצען מענשען, וועהט אַן אומפאַרשטענדליכע, דערשרעקענדע אַלטקייט.

אָט האָסטו דיר: „אריכת ימים״, אָט איז דער מתושלח־גורל פון אַ פאָלק. אָפּגעלעבט טויזענטער יאָהרען, איבערגעלעבט אַלע־מען, פאַרבליבען ריין און געטריי צו זיך אַליין, און דער סוף: האַנדלען מיט געמאַכטע, פאַלסיפיצירטע אַנטיקען, און „צעהן פיאַסטער״ אין דער האַנט „באַקשיש״ — פאַר ווייזען די הייליג־קייטען פון דעם פאָלק!

איך האָב זיך געוואָלט צוזאַמענרעדען מיט איהם, דעם שעה־נעם מאַן פון דעם אונטערגעגאַנגענעם פאָלק; מיט איהם און די פּאָר אַנדערע שומרונים, וואָס זענען אַרויסגעקומען פון דעם „ישוב״ — אויך גרויסע, געלבליכע, אויפגעבלאָזענע. אָבער וואָס זאָל איך זיי פרעגען — פאַרגאַנגענהייט? זיי ווייסען זיכער ניט מעהר פון מיר. זייער היינט? איך זעה איהם. זייער מאָרגען, זייערע האָפנונגען? עס איז דאָך קלאָר: דער הר־גריזים! משיח וועט קומען — זיי גלויבען דאָך אויך אין משיח, און ער איז יהושע בן נון — און וועט ווידער אויפבויען דעם בית־המקדש אויף דעם הר־גריזים. עס איז דאָך זעלבסטפאַרשטענדליך!

אָדער אפשר גלויבען זיי אין דעם אויך ניט, און שטופען בלויז אָפּ די טעג, דאָס ביסעל יאָהרען, וואָס איז זיי נאָך באַשעהרט? כמעט ווי די דייטשען, פאַליאַקען אָדער האַיטיאַנער פון „מאָזאַ־אישען גלויבען״!

דער טאָג איז ניט געשטאַנען. די זון האָט זיך גערוקט, און הגם איך בין אין דער יהושע בן נון סביבה, האָט זיך דאָך קיינער ניט געפונען, וואָס וואָלט געקאָנט נאָכמאַכען דעם אַלטען יהושע־קונץ און אָפּשטעלען די זון אויף אַ ווייל. עס איז געוואָרען צו־הייס, און איך האָב זיך געזעגענט מיט די שומרונים.

ווייטער דער וועג — איבער די הרי־אפרים, אַ וועג שעהן און פאַנטאַסטיש, ווי קיין אַנדערער אין דער וועלט. שטיל און פול מיט אָפּקלאַנגען פון דער גאַנצער ערד. באַרג־אַרויף, אַרויף, —

און מיר שטעהען פאַר אַ שטאָדט אויף זיבען „בערג" — מיר זיינען ביים נאַזאַרעט, אין נצרת.

אַ שטעדטעל מיט די גרעסטע אימפעריאַליסטישע אַמביציעס. גליל האָט זיך געקריגט מיט יהודה. נוצרת האָט זיך געבייזערט אויף ירושלים — און דערווייל האָט זי איינגענומען די וועלט.

דער אידישער „עם הארץ", דער גליל, וואָס מען פלעגט איהם אויסלאַכען, ווען ער פלעגט קומען קיין ירושלים, האָט זיך נוקם געווען אָן דעם תלמיד־חכם. ער האָט ניט געקאָנט איינ־נעמען ירושלים, האָט ער איינגענומען רוים און אַלצדינג וואָס רוים האָט איינגעשלונגען.

אַחוץ ירושלים. און דער קאַמף, און די קנאה געהען נאָך אָן. נוצרת וויל זיך איבערבעטען מיט ירושלים, זוכט אַ וועג צו איהר, איז אפילו גרייט אויף קאָמפּראָמיסען — אָבער ירושלים בלייבט פעסט. ירושלים קאָן וואַרטען.

אַלצדינג דערצעהלט דאָ, אין דעם באַרג־שטעדטעל — וועגען „איהם" און זיין לעבען־לעגענדע, צי היסטאָריע; אָבער אפילו די לעגענדע ווערט דאָ אַזוי פשוט, אַזוי פאַרשיידען, קליינשטעדטעל־דיג. די טראַגעדיע פון דעם קריסטענטום ווערט דאָ אַ מין אַלט־אידישע אידיליע. וויינגערטנער אויף מילדע בערג; צווישן די וויינ־גערטנער אַ קליין הייזעל. דאָרט האָט געשפּילט אַ אידיש אינגעלע, דאָרט האָט שפּאַצירט אַ אידישער פאַר׳חלום׳טער בחור און דערצעהלט משלים און גערעדט פון מוסר. און אויף דעם בלויען „ים", דעם קליי־נעם, בלויען, רוהיגען וואַסער, דעם ים־כנרת, שיפלאָך מיט שיפערס, אַביסעל עקסטאַז, אַביסעל נאַאיווע פּאָזע — אַ קליינער אַנהויב, באַשיידען, ווי די בערג פון דעם גליל, ווי דאָס וואַסער, וואָס שפּילט אַרום זיינע פיס. ווי אַזוי איז פון דער גליל׳שער אידיליע געוואָ־רען אַ וועלט־טראַגעדיע?

עס גלוסט זיך ווייטער טראַכטען, ווייטער רעדען; אָבער איך וויים: עס זיינען קשיות, וואָס מען קאָן ניט פאַרענטפערען. עס איז געווען אַ וואונדער נעכטען און וועט זיין מאָרגען — און קיינ־מאָל ניט צו פאַרענטפערען — ביז, ביז עס וועט פאַרגעסען ווערען.

עס איז שוין אַלט — און איך אייל צום נייעם. און איך לאָז מיך אַראָפּ פון נצרת — צום נהלל.

אָקטאָבער 10, 1926

# צווישען אַלטע פריינד

נאָך אַכצעהן יאָהר זיך ווידער געזעהן. דעמאָלט — אין אַ קליינער שטאָדט אין אוקראַינע. ער, אַ „משכיל״ — אַ שטיקעל מלמד — אַביסעל אַ לעהרער, אַמאָל אויך אַ בוכהאַלטער, אין תוך אַ בטלן. זיין גרעסטע תאוה איז געווען שמועסען וועגען ציוניזם און ארץ־ישראל. ער האָט זיך געקוויקט מיט סמאָלענסקי׳ן, גע־שלונגען אחד־העמ׳ן און פאַרביסען מיט מ. י. בערדיטשעווסקי׳ן.

און איך געדענק אַ זומער־נאַכט — מיט אַכצעהן יאָהר צוריק. אַ לבנה־נאַכט. מיר זיינען געזעסען אויפ׳ן גאניק, געטרונקען טיי מיט „איינגעמאַכטס״ און גערעדט — יעדער פון זיין חלום. יעדער פון זיין גלוסט. ער — פון ציון. ער האָט זי באמת געפיהלט — די „חיבת ציון״ — אויפריכטיג און עהרליך, ווי מען פיהלט אַ ליבע צו אַ מוטער אָדער צו אַ קינד.

זיי האָבען געלאַכט פון איהם — די אַנדערע וואָס זיינען גע־זעסען מיט אונז דעמאָלט אויפ׳ן גאניק. זיי זיינען כמעט אַלע גע־ווען „פון דעם אַנדערען לאַגער״, בונדיסטען, סאָציאַליסטען פון אַלערליי שיטות און ניואַנסען. אויך נאַאיווו, אויך קליינשטעדטעל־דיג, האַלב־משכיל׳יש — אָבער טאַקע דערפאַר אַזוי פול מיט גלויבען און ענטוזיאַזם און אומטאָלעראַנץ צו פרעמדע מיינונגען.

„ציון — ציון, דאָס פויגעלע — די התקוה — וואָס פאַר פוסטע חלומות, וואָס פאַר נאַרישע אילוזיעס! אָט דאָס איז ווירק־לאַכקייט. אָט דאָ איז אידעאַל און צוקונפט. זעה, בטלן — קוק!״.

די אוקראַינער נאַכט האָט געשמייכעלט און געלאַשטשעט. איינגעוויגט, איינגעשפונען אין איהרע זילבערנע שטראַהלען — און עס איז געווען אַ רחמנות אויף דעם אָרימען משכיל מיט זיינע ווייטע, מליצות׳דיגע, אוטאָפּישע חלומות.

און אַכצעהן יאָהר שפּעטער. דער אַלטער גאַניק אין דער אוקראַינער שטעדטעל איז צעשטערט. אַלע „דאָרטיגע״ אָדער „דאַיגע״ חלומות זיינען צעשלאָגען אויף שטיקלאַך, די גאַנצע „רעאַלע״ וועלט צעשטערט. פון די וואָס זיינען געזעסען אויפ׳ן גאַניק — וואַלגערען זיך די מייסטע ערגיץ אין די פאַרשיידענע

ערי־מקלט׳ס פון איראָפּע און האָפען שוין אָפּילו ניט מעהר. בלויז ער — דער אוטאָפּישיסטישער פון זיי אַלע — שטעהט מיטביידע פיס אויף דער ערד.

אַ נייער זומער־אָוונט — אויפ׳סניי אַ לויטערער, אויסגע־שטערענטער הימעל. און אַ פריזבע פאַר׳ן הויז. אָבער ניט מעהר אין אוקראַינע, נאָר אין ארץ־ישראל. און ניט אין דעם קליינעם שטעדטעל, נאָר אין אַ „מושב״, אין אַ דאָרף, אין דעם דאָרף פון דעם „עמק״: אין נהלל. ער האָט זיך דערשלאָגען אַהער. שוין דרייצעהן אָדער פערצעהן יאָהר אין ארץ־ישראל. ניט דערוואַרט זיך אויפ׳ן טשאַרטער, ניט געוואַרט אויף קיין באַלפור־דעקלאַראַ־ציע, נאָר אַוועקגעפּאָהרען קיין ארץ־ישראל, מיט ווייב און קינד אויף גאָט׳ס גנאָד — און מיט גאָט׳ס גנאָד איבערגעקומען אַלע פורעניות׳ן, די מלחמה, די ביטערע, שווערע צייטען — און איז איצט אַ קאָלאָניסט אין נהלל.

עס איז געווען אַרום אַכט אַזייגער אין אָוונט, ווען איך בין אָנגעקומען קיין נהלל. פינסטער, אַ געדיכטע פינסטערניש, בלויז די שטערען האָבען געפינקעלט. און שטיל. דאָס דאָרף שלאָפט שוין. בלויז דאָ און דאָרט —אַ לעמפּעלע. עס איז שטיל. מען הערט ניט קיין געזאַנג. מיד איז די ערד — און מיד איז דער מענש.

איינס ביי איינס, ווי צוגעטוליעט, שטעהען די „צריפים״ — הילצערנע הייזלאַך אָדער באַראַקען אָדער שאַלאַשען. אין איינעם פון די „צריפים״ וואַרט מען אויף מיר. דאָרט וואַרטען אויף מיר די אַכצעהן יאָהר פון מיין לעבען.

אָרים. מעהר ווי אָרים. די נויט קוקט אַרויס פון אַלע שפּאַל־טען פון די ברעטער. די נויט האָט זיך ברייט געלעגט אויף דעם ערדענעם דיל. זי איז אויסגעשפּרייט אויף דעם גראָב געהיבעל־טען הילצערנעם טיש. אויף די צוויי בענק, אויף די פּנימ׳ער פון די באַוואוינער: פון איהם, פון איהר — פון זייערע קינדער. אָפּ־געברענט פון דער זון אַלע — באָרוועס, אויסגעהאָרעוועט, אויסגע־אַקערט יעדער קנייטש פון דעם פּנים.

מען הויבט מיט מיר אָן לכתחילה צו רעדען העברעאיש. זיי — די עלטערע — מיט אונזער אייגענעם, רוסיש־אידישען, היי־מישען אַקצענט, אַביסעל צוגעפּראַוועט מיט דער ספרד׳ישער

הברה; די קינדער — אין אַ ריינעם, קלינגענדיגען, גלעקעל־טאָניגען העברעאיש.

איך פּרואוו זיי ענטפערען אויף „עברית" — אָבער עס קומט אי מיר אי זיי אויס מאָדנע. עס פּאַסט ניט צו די אַכצעהן יאָהר, צו דער נאַכט פון אוקראַינע, צו די גאַניק־זכרונות. און מיר געהען באַלד איבער אויף אידיש. די אַלטע קלאַנגען דערוואָרימען אונז — און עס ווערט באַלד ווידער היימיש.

„נו, וואָס טוט איהר איצט אין נהלל?" — „וואָס זאָל מען טאָן? עס וואָלט שוין געווען אַלצדינג גוט — אָבער אַי, די פּרנסה, די פּרנסה". און יעדער פון זיי — די עלטערע און די יונגע — הויבען אָן צו דערצעהלען, יעדער אויף זיין אופן אין אַ שפּראַך וואָס איז פּשוט ווי די פעלדער און קאָמפּליצירט ווי דאָס אידישע לעבען, וועגען דער נויט און דער שווערער, ביטערער צייט.

מען רעדט פון זעהר, זעהר קאָנקרעטע זאַכען: פון שניט און פון בהמות, פון מיסט אויף די פעלדער, פון די מאַראַנצען און אוילבירטען, פון דעם „משביר", דעם קאָאָפּעראַטיוו, פון אַר־בייט און אַרבייטער־לאַגע.

אַרום עלף אַזייגער ביי דער נאַכט קומט אַריין דער עלטסטער זוהן. קוים באַפרייט זיך פון דער אַרבייט. האָט אפילו קיין צייט ניט געהאַט זיך אַרומוואַשען. נאָך די ערשטע פּאָר ווערטער פון באַגריסונג פאַרפיהרט ער אַ לאַנגען שמועס וועגען דער קוה. עס ווערט באַלד אָן אַלגעמיינער ויכוח צווישען דעם הויז־געזינט, צי אַ דאַמאַסקער קוה איז בעסער פון אַ האָלענדישער. מען האָט שוין אָן מיר באַלד פאַרגעסען. מען רעדט אויף העברעאיש. די על־טערע — מיט אַ געבראָכענער צונג; די יונגע אַזוי נאַטירלאַך, גלייך ווי עס וואָלט גאָר ניט געווען קיין אַנדער שפּראַך אויף דער וועלט.

איך פּרואוו זיך אַריינמישען אין דעם ענין פון דער קוה, אָבער עס געהט ניט. מען האָט מיר שוין אַ פּאָר מאָל — אין הרצליה, אין די אַלטע קאָלאָניעס — געוויזען האָלענדער קיה און דאַמאַס־קער, געגעבען מיר צו ערקלעהרען דעם חילוק צווישען זיי, די מעלות פון איינער און פון דער צווייטער — אָבער איך האָב עס נאָך אַלץ ניט געקאָנט תופס זיין — און איך זאָג אַ פּאָר גרויסע עם־הארצות׳דיגקייטען וועגען דער דאַמאַסקער קוה.

מען שמייכעלט — און דאָס קליין אינגעלע, דער מוזיניק — אַ קינד פון אַ יאָהר צעהן, וואָס רעדט אַ העברעאיש „פּאר מלכים צו שטעלען" — צעלאַכט זיך אויף אַ קול. „אמת — הדוד אינו יודע מה זאת פרת־דמשק" — לאַכט דאָס קינד — און מיר לאַכען אַלע — איך גלאָט אַזוי, זיי מיט צער, ווייל דער גאַנצער שמועס איז דאָך בלויז געווען אַ ריין טעאָרעטישער. אין אמת׳ן האָבען זיי גאָר קיין קוה ניט. און אויב זיי האָבען, איז דאָס גאָר ניט קיין דאַמאַסקער — אָדער אפשר איז דאָס יאָ אַ דאַמאַסקער און ניט קיין האָלענדער. איך בין אַליין שוין צעמישט. דער עיקר איז אָבער — וואָס די קוה גיט ניט געגוג מילך.

אין שטוב קומט באַלד אַריין אַ יונג מיידעל — שלאַנק ווי אַ גאַזעל, מיט אַ וויגענדיגען גאַנג, ווי אַלע פרויען אין דעם מזרח. זי איז אייגענטליך ערשט ניט לאַנג אין לאַנד — אַראָפּגעקומען אַהער פון רוסלאַנד מיט אַ פּאָר יאָהר צוריק. אָבער דער מזרח האָט אויף איהר שוין געווירקט — ברוין אוך גלייך ווי אַ סטרונע, חנ׳עוודיג און צניעות׳דיג.

זי האָט געוואוסט, אַז עס איז געקומען אַ גאַסט פון דער ווייטענס — און זי האָט זיך אויסגעפּוצט. זי האָט אפילו אָנגעטאָן זאָקען. און זי האָט זיך געפּיהלט — נאָך אַ לאַנגער צייט — ווי אַן „אייראָפּייערין". דער עלטסטער זוהן פון דעם הויז האָט אויפגעהערט רעדען פון דער קוה — און איז אַוועקגעגאַנגען זיך אַרומוואַשען.

„איך מוז שוין געהן אַהיים" — האָט זיך אין אַ פּאָר מינוט אָנגערופען דאָס יונג מיידעל. „חכי מעט — אָני אלך" — האָט זיך דערהערט דער קול פון דעם עלטסטען זוהן — ער האָט זיך געוואַשען אויפ׳ן הויף, און זי האָט געוואַרט — ביז ער וועט זי באַגלייטען. אמת, איהר הויז — אָדער איהר „צריף" — איז בלויז צוויי שפּאַן פון דעם וואו מיר זיינען געזעסען — אָבער ווען מען איז זעהר יונג האָט מען זעהר ליב דעם ענין באַגלייטען, בפרט אין אַזאַ נאַכט ווי אין נהלל.

די יונגוואַרג איז זיך באַלד צעגאַנגען. — די מוטער איז פּאַר מידקייט אַנטשלאָפען געוואָרען זיצענדיג אויף דער באַנק. און מיר זיינען געבליבען זאַלבעצווייט — דער קאָלאָניסט פון נהלל און איך.

„נו, פּאָרט, ווי־זשע לעבט עס זיך דיר? ביזטו צופרידען? האָסטו הנאָה פון ארץ־ישראל? איז דיין חלום דערפיהלט?".

„עט — עס איז לאַנג צו רעדען. אַמאָל — דו ווייסט — האָב איך זיך געפיהלט אַ שטיקעל גבור. איך ווייס — אַ העלד, אַ קעמפער, אַ בויער. און היינט — ווילסטו וויסען — ווי איך פיהל זיך: ניט קיין בויער, נאָר אַ פּויער. אָט אַ מין „אידישער מוזשיק", ווי ספּעקטאָר האָט אויסגעמאָלט אַ ישוב'ניק.

„פריהער — אַמאָל, איז געווען אַ ברירה. איז ניט דאָ — איז דאָרט. רייסען אַלע שטריק — נעהמט מען אַ בילעט פאַר עטליכע „פראַנס" און מען פאָהרט גאָר אַהיים. איז ניט קיין רוסלאַנד — איז גאָר קיין אַמעריקע. די וועלט איז געווען אָפען. און ווייל עס איז געווען אַ ברירה, איז ארץ־ישראל געווען אַזוי זיס. יסורים — נויט, שווערע אַרבייט, ברענענדיגע זון, „מדבר לא זרועה" — אָבער דערפאַר אויך באהבה — אַלצדינג אויס ליבע, פון ליבע, מיט ליבע. אָבער איצט — וואָס עס זאָל ניט זיין: מען מוז דאָך. אַלע וועגען זיינען פאַרשפּאַרט. ארץ־ישראל איז געוואָרען אַ מוז־זאַך.

„און גלויב מיר, איך פיהל עס. דו פרעגסט, ווי עס געהט מיר. איך ווייס? דו האָסט דאָך געזעהן. קינדער — אַ הילצערנער שאַלאַש, אַ קוה, אַרבייט איבער'ן קאָפּ — און עס קלעקט קוים, קוים אויף צו לעבען, אַ שווערע אַרבייט. דו זעהסט דאָך די שטיינער, די בערג וואָס רינגלען אונז אַרום, טרוקען און בייניג איז דאָס לאַנד — עס עסט אויף דעם מענשען מיט דער הויט.

„מיר — אין נהלל — זיינען נאָך, ווי עס זאָל ניט זיין, אַביסעל באַשטאַט, מיר זיינען דאָך עפּעס די אַריסטאָקראַטען פון דעם „עמק" — און מיר מאַטערען זיך פאַרט אויף סכנות. אַ שווערע צייט — אַ ביטערע צייט — אַ קריזיס אין לאַנד, און אונזער גאַנץ לעבען געהט אַוועק אויף דעם שטיקעל ברויט. אָבער מיינסטו — איך האָב חרטה, איך האָב טענות? קום אַרויס און זעה".

מיר זיינען אַרויסגעגאַנגען פון דעם צריף, שווייגענדיג זיינען מיר אַרומגעגאַנגען איבער די „גאַסען", צווישען די הייזער און גערטנערלאַך פון נהלל. די נאַכט האָט געשמעקט, דער הימעל האָט געשטראַהלט איבער אונזער קאָפּ — ווי דימענטען, גרויסע, לייכ־טענדיגע קרישטאַלען זיינען אַראָפּגעהאַנגען פון דעם טונקעל־בלויען דאַך — און אין דעם קאָלאָניסט פון נהלל האָט זיך דער־

וועקט דער אַמאָליגער רוסישער אינטעליגענט און שטיל — ווי פאַר זיך — האָט ער אָנגעהויבען זינגען דאָס שעהנע, טרויעריגע לערמאָנטאָווישע ליד:

„וויכאָזשו אָדין יאַ נאַ דאָראָגו —
פּרעדאמנאָי קרעמניסטי פּוט לעזשיט.
נאָטש טיכאָ, פּוסטיניאָ וונעמליעט באָגו,
אי זוועזדא סוועזדאָיו גאָוואָריט" —

„געה אַרויס אַליין איך ביי דער נאַכט —
עס ליגט פאַר מיר אַ שטיינער־וועג.
שטיל די נאַכט — דער מדבר האָרכט צו גאָט
און די שטערען רעדען מיט אַנאַנד."

„אָט וואָס — אַ שטיינערנער וועג — דער מדבר הערט גאָט'ס קול, און דער הימעל רעדט. אָט אַזוי — נאַכט נאָך נאַכט. און ווער איך מיד פון דעם טאָג, מיד און פאַרצווייפעלט אויסגע־מאָטערט און פאַרביטערט — געה איך אַרויס אין דער נאַכט אַריין און הער זיך איין ווי די שטערען רעדען".

„דו ווערסט אַ פּאָעט, מיין פריינט".

„מען מוז עס — ווייל דאָס איז דער סוד פון ארץ־ישראל — עס איז פּאָעזיע. אפשר אומניצליך — אָבער שעהן — אַזוי שעהן".

„נו, און די יונגע ? זיי, וואָס האָבען ניט געלייענט לערמאָנ־טאָוו, זעהען זיי אויך ארץ־ישראל ווי — אַ ליד אין פּראָזע, אָדער איז זי פאַר זיי בלויז פּראָזאַ ?".

„איך ווייס ניט. מען קאָן עס ניט וויסען. איינס קאָן איך דיר אָבער זאָגען, זיי זיינען שעהנע מענשען — אונזערע קינדער — שעהנערע, בעסערע ווי איך און דו. זיי האָבען אַזאַ קלאָהר אויג, אַזאַ שטאַרק האַרץ און אַזאַ רוה. עס וואַקסט עפּעס אין זיי, וואָס מיר, די עלטערע, קאָנען ניט פאַרשטעהן. זיי ווייסען ניט וואָס דאָס איז, זיי קאָנען עס ניט פאָרמולירען. זיי האָבען ווייניג געלערענט — אָבער זיי טראַכטען — און טיף, טיף, אַלצ־דינג געהט ביי זיי אין דער טיף און ניט ווי ביי אונז אין דער ברייט. עפּעס שפּינט זיך און וועבט זיך דאָ אין דעם טאָל פון יזרעאל — און אַמאָל וועט עס זיך אויסשפּינען".

מיר זיינען זיך צעגאַנגען. ער צו זיין צריף — איך צו מיין נאַכט־געלעגער, אין דעם איינציגען „האָטעל" פון נהלל.

עס האָט זיך מיר ניט געשלאָפען די נאַכט. די שטערען האָבען מיך פאַר׳כשופ׳ט. די ווערטער פון מיין פריינט האָבען מיך צעצ־רודערט. וואָס וואַקסט דאָ — אין דעם טאָל? דאָ — צופוסען פון נצרת, ניט ווייט פון דעם ים־כנרת? וואָס שפּראָצט דאָ אַרויס פון דער שטיינערנע, טרוקענער ערד? אַ דאָרף? אַ אידישער דאָרף? אַ ישוב׳ניק — ניט מעהר? קוה, מיסט פאַר דעם פעלד — טרויבען און איילבירטען — איז דאָס אַלץ? און אויב מעהר — וואָס?

אַ גאַנצע נאַכט האָט עס געעגבערט אין מיין מוח. ווען איך האָב זיך דערמאָנט אָן שמועסען וואָס איך האָב געפיהרט אין ארץ־ישראל מיט אַלערליי אידען. אויך מיט דעם יאַבלאָנער רבי׳ן, אַ פיינער, אַן איידעלער, אַ זיידענער יונגערמאַן. ער האָט זיך געקלאָגט אויף דעם גורל. זיינע חסידים, וואָס זיינען איהם נאָכגעגאַנגען קיין ארץ־ישראל, זיינען מיד, זיי רייסען זיך צוריק קיין פּוילען. ער האַלט זיי צוריק, ער מיהט זיך ראַטעווען די נשמות פון אונטערגאַנג און קומט קיין ירושלים — בעטען שטיצע ביי דער ציוניסטישער לייטונג, און וואַרט אויך — ווי אַלע אין ארץ־ישראל — אויף דעם קרן־היסוד, ד. ה. סוף־כל־סוף אויף די אַמעריקאַנער אידען. און עס טוט איהם וועה.

„רבי, מען מוז געהן אויף קידוש־השם — אָבער זאָגט, איז מען טאַקע מקדש דעם שם?" און דער יונגער, שוואַרץ־בערדעלדי־גער רבי מיט די טרויעריגע אויגען האָט געשוויגען און אַ זיפץ געטאָן. איז מען מקדש דעם שם? דעם פאַרבאָרגענעם, דעם סודות־פאַרדעקטען? געהט דער וועג צו איהם דורך נהלל, דורך די צריפים, די שטאַלען, די דאמאסקער קיה? אין רעש און טומעל האָבען מיר איהם פאַרלוירען, אפשר וועט די שטיל־קייט איהם אַנטפּלעקען?

פּלוצלינג זיינען די שטערען פאַרשוואונדען — פּלוצלינג איז געוואָרען טאָג. די זון האָט אָנגעזאָגט איהר קומען. הייס פון איהר ערשטען שטראַלען־גרוס.

איך געה אַרויס פון מיין אכסניא. מען אַרבייט שוין. אויף די שייערען שטעהען יונגעלייט און פרויען, שטרויענע קאַפּעליו־

שען אויפ'ן קאָפּ. דאָס דאַרף לעבט־אויף. קליינע, באַרוועסע קינדערלאַך, אַלע ריין און ציכטיג און אויסגעוואַשען, לויפען אין דער שולע. מען דערהערט זייער לאַכען, זייער זינגענדיגען העברעאיש.

עס פאַרגלוסט זיך צו אַרבייטען מיט די, וואָס שטעהען אויף די שייערען, מיט די, וואָס מיסטיגען די פעלדער, מיט די אַלע, וואָס געהען אַרום — אָרים און פאַרטראַכט — געהען אַרום און טראָגען אויף זיך אַן עול און אַ פאַראַנטוואָרטליכקייט.

„וואָס קאָן איך טאָן? מיט וואָס קאָן איך דיר העלפען?" — פרעג איך מיין חבר פון אַמאָל. „העלף מיר אַרויפלעגען אויף דער פוהר די זעקעלאַך תבואה, — איך דאַרף זיי אָוועקפיהרען אין מיהל אַריין", — ענטפערט ער מיט אַ שמייכעל.

און באַלד פאָהרען מירביידע אויף אַ וואָגען — צו דער מיהל. אויפ'ן וועג קיין נצרת. פאַרביי אַ בערגעלע. דאָרט שטעהט אַ ווייסער שטיין. מיין יונגער ברודער האָט דאָרט געפונען צו פריה זיין מנוחה. איך בויג אַן מיין קאָפּ צו אַ לעצטען גרוס — און מיר פאָהרען צו דער מיהל. מיר שלעפען אַריין די זעקלאַך אין דער שוואַרצער, פאַרצייטיגער אַראַבישער מיהל. דער אַראַבער דינגט זיך מיט אונז — גלייכט זיך אויס מיט אונז.

און מיר פאָהרען ווייטער אויף דעם גרינג־געוואָרענעם וואָגען — טרייסלען זיך און העצקען זיך — ביז נצרת. אונזערע וועגען צעגעהען זיך. מיין חבר קעהרט זיך אום קיין נהלל — און איך ווייטער, ווייטער, צו זעהן. איך בין נאָך אַלץ ניט זאַט.

* * *

און איך דרעה זיך אַרום אין עמק. אַהין, אַהער, ניט אומעטום קאָן איך אַריין. עס איז גראָד געווען עפּעס אַ מין עפּידעמיע, טיפוס צו עפּעס אַנדערש. און איך האָב ניט געקאָנט קומען אַהין, וואו איך האָב געוואָלט: קיין עין־חרוד און תל־יוסף.

אָבער אָט איז דגניה. ביים צונויפגיסען זיך פון דעם ירדן און דעם ים כנרת. הייס און שווער די לופט. שטיקענדיג צווישען פּאַלמען. עס איז מזרח־לופט. עס איז מדבר־אַטמאָספערע.

אַ ווייס הויז, לאַנג און גרויס. דאָס איז די „קבוצה". ווידער דאָס אייגענע בילד. די יונגעלייט ביי דער אַרבייט — אינדערהיים

די, וואָס רוהען זיך אויס אָדער די פרויען וואָס גיבען אַכטונג אויף די קינדער.

דער „פיהרער" פון דגניה איז צופעליג אינדערהיים. ער פיהרט מיך אַרום, ווייזט מיר די גאַנצע באַלעבאַטישקייט. דער־קלעהרט מיר די פּרינציפּען. אָבער איך פיהל זיך פרעמד, אפשר דערפאַר, וואָס יעדער מין „קאָמונע" איז מיר ניט צום האַרצען, אָדער דערפאַר, וואָס עפּעס אין מיר זאָגט מיר, אַז דאָס איז בלויז אַן עקספּערימענט, אַז דאָס שמעקט צו שטאַרק מיט סאָציאַלער לאַבאָראַטאָריע, אַז דאָס איז ניט פּשוט'ע, אמת'ע, דערלייזענדע ווירקליכקייט. „ווי קאָנט איהר לעבען אַזוי ענג — תמיד איינער לעבען דעם צווייטען?" — פרעג איך מיין באַגלייטער.

און ער איז זיך מודה: עס איז טאַקע שווער, מען ווערט על־טער, מען וויל לעבען מעהר פאַר זיך, זיין אַביסל מעהר מיט זיך — מען וויל סוף־כל־סוף לעבען און ניט בלויז עקספּערימענטירען. „פריהער האָבען מיר זיך געפיהלט ווי פּיאָנערען, געהאַט אויף זיך אַ התחייבות פאַר דעם כלל. היינט — ווילען מיר זיין וואו מיר זיינען, ניט מעהר וואַנדערען און פּיאָנערעווען, נאָר האָבען אַביסעל עולם־הזה אויך".

און איינער נאָך דעם צווייטען פון די דגניה'ער פּיאָנערען האָבען מיר דערצעהלט פון זייער בענקשאַפט נאָך פּשוט'ערע פאַר־מען פון לעבען, אָהן דעם טומעל פון דער קאָמונע, אָהן די אייביגע שמועסען און ויכוחים פון „פּאָליטיק" און פּרינציפּען און פּראָבלעמען.

„ווייסט איהר דען ווי מיר זיינען דאָ אַריינגעוואָרצעלט געוואָרען אין ווערטער?" — קלאָגט זיך פאַר מיר איינער פון דגניה. און ער דערצעהלט מיר אַן עפּיזאָד, וואָס האָט פּאַסירט — איך געדענק ניט צי אין דגניה צי אין אַן אַנדער קבוצה. מען האָט זיך דאָרט אַזוי געטומעלט וועגען „פּאָליטיק" — ד. ה. וועגען די פּרינציפּען פון דער קבוצה, אַז דאָס לעבען איז געוואָרען כמעט אוממעגליך. האָט זיך די גאַנצע חברה פאַרזאַמעלט און באַשלאָסען — ניט רעדען פאַר אַ האַלב יאָהר וועגען פּאָליטיק. און אָט קומט שבת. מען אַרבייט ניט. אַלע מיטגלידער פון דער קבוצה פאַרזאַמלען זיך — און שווייגען. עס איז ניטאָ איבער וואָס צו רעדען. ארץ־ישראל שלינגט אַזוי אַריין אין זיך, אַז מען פאַרלירט דאָרט דעם איינ־

טערעס פאַר אַלצדינג וואָס האָט ניט קיין שייכות מיט׳ן ישוב. הויבט אָן איינער פון די חברים: „אוי, ווי גוט און ווי קלוג איז דאָס געווען וואָס מיר האָבן באַשלאָסען, אַז מען זאָל ניט רעדען וועגען פּאָליטיק. ווארים וואָס איז דען פּאָליטיק...״

דאָ האָבן די חברים דערשמעקט פּולווער — און מען האָט איהם פאַרוועהרט צו ערקלעהרען פאַרוואָס עס איז אַזוי גוט ניט צו רעדען וועגען פּאָליטיק. און ווידער שווייגען, ביז איינער איז געפּאַלען אויפ׳ן שכל און פאַרפיהרט אַ שמועס וועגען דער „פרידה״, ד. ה. וועגען דעם מוילעזעל. און די חברים האָבן אויפגעאָטעמט. מען האָט געפונען אַ טעמע איבער וואָס צו רעדען — ביז אין דער שפּעטער נאַכט אַריין.

עס קאָן זיין, עס איז אַביסעל צוגעפּוצט — אָבער דער עפּיזאָד איז זעהר כאַראַקטעריסטיש. דאָס קאָמונאַל־לעבען, דאָס ענגע, שטענדיגע צוזאַמענזיין, טריקענט־אויס די מענשען, פאַרפלאַכט זיי.

און ארץ־ישראל פאַרמאָגט ניט קיין פלאַכקייט. טיף — אָדער גאָרנישט. און טיפקייט מיינט התבודדות — אַליין פאַר זיך, אַליין מיט זיך.

דגניה קלאָגט זיך אויך. און ווידער הערט איהר: קרן־היסוד, אַמעריקע.

עס ווערט אומעטיג. אויך דאָ — אַמעריקע, אויך דאָ דער געשפּענסט פון דער פּושקע, וואָס קלאַפּט אין ניו יאָרק און שיקאַגאָ? צווישען די בייע, די שטאַרקע, די אולטראַ־מאָדערנע?

די פּושקע פון לאָנדאָן־ניו יאָרק, די פּושקע פון ר׳ מאיר בעל־נס — גלייכען זיי זיך סוף־כל־סוף ניט אויס?

* * *

ווייטער איבער דעם עמק. אין באַלפוריאַ — אַ געזונטער דאָרף מיט געדונגענע, ערדיגע, בערדיגע, זאַט־פּנים׳דיגע אידען. און עפולה, די מערקווירדיגסטע „אַמעריקאַנישע״ שטאָדט, וואָס איך האָב ווען עס איז געזעהן, אַ שטאָדט מיט אַ „פּלאַן״ און אָהן אַ זין, מיט אַ צוועק און אָהן אַ תכלית, מיט גאַסען און אָהן הייזער און אָהן מענשען. אַ טשוואַק — פאַר אַ הענגלייכטער וואָס איז ניטאָ. אַ צענטער פאַר דעם עמק — וואָס דאַרף איהם נאָך גאָר ניט האָבען. חלוצים געהען אַרום איבער די גאַסען, מען טראָגט שטיינער, מען

קאַלכט, מען טוט, מען שלעפּט — און קיינער ווייסט ניט צי וואָס, וואָס איז דער זין און דער תכלית.

און ווייטער — צוריק — ביז צפת.

און דאָרט — אין דער נאָהנטער שכנות מיט ר׳ שמעון בן יוחאי, מיט דער קבלה: דריי טעג איינער אַליין אין אַ חדר קראַנק.

דער איינציגער אורח אין אַ ריינעם, גוטען האָטעל. און דריי טעג נאָכאַנאַנד לייען איך — דעם חומש. און דוקא שמות און במדבר. די וואונדערליכע מעשה ווי די אידען זיינען געקומען קיין ארץ־ישראל און ווי זיי האָבען זי פאַרנומען.

ווי פשוט, ווי קלאָהר, ווי מענשליך נאָהנט איז מיר אויף איינמאָל געוואָרען דער חומש! פאַרוואָס לעגענדע? עס איז דאָך אַזוי זעלבסטפאַרשטענדליך, אַזוי נאַטירליך. נאָר אַזוי — ווי דער חומש דערצעהלט — האָבען אידען געקאָנט דורכפיהרען זייער אַוואַנטיורע: ווערען אַ פאָלק אין אַ לאַנד, באַגרעניצען זיך, פאַרצוימען זיך, ווערען מצומצם. פערציג יאָהר מדבר — און קאַמף און קאַמף. דעמאָלט ווי היינט, היינט ווי דעמאָלט.

מדבר — דער גרעסטער סוד פון דער אידישער געשיכטע. צמצום — איהר שליסעל. פאַרגרעסערען דאָס קליינע, דאָס פיזיש אומבאַדייטענדע, מאַכען איהם פאַר אַ גיגאַנטישען וועלט־פאַקטאָר און מבטל זיין דאָס גרויסע, דאָס אויסגעשפּרייטע, דאָס זעלבסט־פאַרשטענדליכע — איז דאָס ניט דער אינהאַלט פון דעם אי־דענטום?

אָדער אפשר רעדט אין מיר דער גייסט פון צפת — דער גייסט פון מיסטיק?

איך ווייס ניט — איך בין מיד, און די געשיכטע ווי אידען האָבען געוואַנדערט און דערגרייכט, טרייסט מיך, שטאַרקט מיך, און צפת דערזאָגט מיר, וואָס ירושלים האָט אָנגעהויבען. אָבער אויך צפת האָט ליב רמז, זי טייט אויך בלויז אָן. דעם לעצטען, קלאָרען אמת פאַרשוויגט זי אויך. ווייסט זי איהם אַליין? סיידען — די הייל פון ר׳ שמעון. אָבער איך בין מיד — און וויל ניט געהן צו דער הייל. איך וועל וואַרטען.

אָקטאָבער 12, 1926

# וועגען דעם ברייטען און דעם שמאָלען וועג

איך שרייב דאָס בלעטעל — דאָס לעצטע פון ארץ־ישראל — ניט מעהר אין דעם לאַנד. די קליינע, גראַציעזע, ווייס־געפּוצטע איטאַליענישע שיף וויגט זיך פול־היפּטיג אויף דעם בלויען, זון־שפּיגעלדיגען ים. ברעגען פאַרביי, זערנע־אינזלען — ווייסע, ווי פון עלפענביין, געשניצטע קאָנטורען פון לאַנד. וועלט־באַריהמטע נעמען — אַרום יעדען אַ לידער־קראַנץ, אַ גאַרטעל פון לעגענדען. גריכענלאַנד קוקט מיר אין די אויגען. איך פאָהר צוריק — דעם וועג פון אַדיסעאוס, דעם וואַנדערער, דעם אומרוהיגען זוכער פון רוה. איך פאָהר — אַהיים. אַהיים.

און נאָר־וואָס — אָט ערשט מיט אַ פּאָר וואָכען צוריק — בין איך געפאָהרען דעם פאַרקעהרטען וועג — קיין ארץ־ישראל — און עס האָט מיר געקלונגען און גע׳הלל׳ט דאָס ליד פון דער היים. נאָר וואָס, און שוין צוריק — מיט אַ בענקשאַפט אין האַרצען.

איך קוק איבער די נאָטיצען וואָס איך האָב זיך פאַרצייכענט, די פּאָר געדאַנקען און איינדרוקען, וואָס איך האָב אַריינגעשריבען אין מיין ביכעלע — כדי זיי דערנאָך אויסשפּינען און אויסצו־ברייטען. עס זיינען סטאַטיסטישע דאַטען — וועגען לאַנדווירט־שאַפט און אינדוסטריע, וועגען דעם וואַקסען פון דעם עקאָנאָמישען לעבען אין ארץ־ישראל. אָבער איך לייג זיי אַוועק אָן אַ זייט. סוף־כל־סוף בין איך דאָך אַ דילעטאַנט אין עקאָנאָמישע פראַגען, און די אַלע נאָטיצען און ציפערען האָבען אַ קנאַפּען ווערט. און אפילו ווען איך וואָלט מעהר געוואוסט און פאַרשטאַנען פּראַקטישע ענינים, וואָס פאַר אַ ווערט וואָלט אייגענטליך געהאַט מיין קריטיק אָדער מוסר־זאָגעריי? דאָס ווירטשאַפטליכע לעבען האָט זיך זיינע אייגענע געזעצען און דרכים — אידען אין ארץ־ישראל דאַרפען אויך האָבען פרנסה, מוזען לעבען. אַזאַ שיטה אָדער אַן אַנדערע — דער עיקר איז: ברויט צו עסען און אַ קלייד אויף דעם לייב — בפרט ווען זיי זיינען אַזוי אויסגעהונגערט, אויסגעמאַטערט און ווילען אויך הנאה האָבען פון דעם לעבען איצט און שוין — וואָס דער מאָרגען זאָל ניט ברענגען מיט זיך.

איך בלעטער איבער אויך די נאָטיצען וועגען די עטליכע נייע קאָלאָניעס וואָס איך האָב באַזוכט, די מענשען וואָס זיינען מיר אַנט־קעגענגעקומען אויפ׳ן וועג. די צייט פון התלהבות, פון באַוואונ־דערען די „נייע מענשען״ אין דעם באַנייעטען לאַנד, איז פאַרביי. עס איז אפשר נאָך ניט אינגאַנצען וואָכעדיגקייט — אָבער די ערשטע טעג יום־טוב זיינען אַוועק. און ביז די צווייטע — דעם לעצטען יום־טוב פון דער גרויסער גאולה — איז נאָך ווייט. דערווייל איז עס חול־המועד. און אויך די מענשען אַזוי. אַ קנייטש מעהר אָדער ווייניגער — אַזאַ ניואַנס אָדער אַן אַנדערער — די הויפט־ליניע איז שוין אָנגעצייכענט.

* * *

געכטען ביינאַכט פאַרבייגעפאָהרען אַטען. פון דער ווייטענס האָט מיר אַנטקעגענגעשטראַלט דער אַקראָפּאָל. עס האָט זיך מיר דערמאָנט רענאַן און זיין באַריהמטע „תפילה״, די תפילה וואָס ער האָט געזאָגט, ווען ער „איז דערגאַנגען ביז צו דעם פאַרשטעהן פון פולקאָמער שעהנקייט״. און ער דאַווענט ביי דעם מזבח פון דער „שעהנקייט״: „שפּעט קום איך צו דער שוועל פון דיינע סודות. צו דיין מזבח ברענג איך מיין תשובה. איך האָב אַרומגעבלאָנדזשעט אָהן אַ שיעור איידער איך האָב דיך געפונען . . . אַן אומגעהויערער טייך רייסט אונז אַוועק צו אַ תהום אָהן אַ נאָמען. און דער טייך הייסט: פאַרגעסען. דו ביזט דער אמת׳ער איינציגער גאָט — אָ, תהום. די טרערען פון אַלע פעלקער זיינען אמת׳ע טרערען, די חלומות פון אַלע קלוגע מענשען האָבען דאָך אַ חלק פון אמת. אַלצדינג וואָס איז אויף דער ערד איז — חלום און וואונק. אַלע געטער פאַרגעהען און זיי טאָרען ניט זיין אייביג״.

אַזוי האָט אויסגעגאָסען זיין האַרץ דער אַלטער סקעפּטיקער, וואָס האָט פאַרבראַכט זיין לעבען אין לייענען די ספרים פון דעם גלויבען־פעסטען, פון דעם אין גאָט־פאַרליבטען מזרח, אין די ספרים פון אַ פאָלק און פון אַ לאַנד, וואָס האָט געבראַכט די בענקשאַפט נאָך גאָט אויף דער ערד.

פון דעם חלום פון אומענדליכקייט — צו דעם שמייכעל פון ענדליכקייט. פון דעם פּראָטעסט אַקעגען דעם ניט־מעהר־זיין, אַקעגען דעם „מוז״ פון דעם לעבען — צו דעם חן פון אונטער־געבען זיך פון דעם אייביג־מעגליכען צו דעם אייביג־ווייבליכען.

אַזוי דער וועג פון רענאַן — פון דעם דור וואָס פאַר אונז. און מיר האָבען געזוכט דעם וועג אויף צוריק, פון דעם אַקראָפּאָל צו דעם הר־הבית. פון דער סטאַטוע צו דעם אומגעהובעלטען שטיין. פון דעם שמייכעל צו דער ברענענדיגער ליידענשאַפט, דער ליידענשאַפט פון דעם סוד.

און נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל בין איך געפאָהרען קיין ירושלים, כדי זיך צו ראַטעווען פון דעם ספק וואָס נאָגט, כדי צו געפינען דאָרט די בענקשאַפט פון מיינע אורעלטערען, דעם שליסעל וואָס מיר האָבען פאַרלוירען. „ניט דעם גאָט פון די פּי־לאָזאָפען וויל איך — נאָר דעם גאָט פון אברהם, יצחק און יעקב" — האָט זיך געבעטען דער ברענענדיגער, דער הייס־גליהענדיגער פּאַסקאַל. גלויבען אין דער פאַרבונדענקייט, דעם געפיהל פון דער קייט, דעם געזאַנג פון די דורות — אָט דאָס האָב איך געוואָלט דערפיהלען, דערשפּירען, איבערלעבען אין ירושלים. איך האָב געזוכט אַ היים פאַר מיין היימלאָזער, פאַר מייך איינזאַמער נשמה.

איך בין געפאָהרען קיין ארץ־ישראל צו זעהן מיין היים און מיין שורש — פון בלוט און פלייש: פאָטער און מוטער. אָבער פאָהרענדיג אַהין האָט מיר געקלונגען ווי אַ מיסטישע מעלאָדיע אין די אויערען אַן אַלט וואָרט פון דעם גרויסען מדרש: זאָגט גאָט צו יעקב: „דו האָסט געזאָגט מיין חלק איז אין דעם לאַנד פון לעבען — קעהר זיך אום אין דעם לאַנד פון דיינע אָבות — דיין פאָטער וואַרט אויף דיר, דיין מוטער וואַרט אויף דיר, איך וואַרט אויף דיר". און איך האָב זיך געטראַכט: אפשר איז דאָס אויף צו מיר געזאָגט געוואָרען: „אני מצפה לך".

וועמעס שולד איז עס, וואָס איך פאָהר צוריק — אַ ליידיגער? געזוכט, און ניט געפונען. געהאָרכט — און ניט דערהערט. גע־וואַרט — און מיין וואַרטען אומזיסט.

וואָס האָב איך געזוכט?

צוויי גרונט־שיטות זיינען דאָ אין דעם אידישען לעבען. איך וואָלט זיי אָנגערופען: די שיטה פון דעם רמב"ם און די שיטה פון דעם אר"י. פון ברייטקייט און פון שמאָלקייט. ברייטקייט וואָס איז ווי אַ טייך — און שמאָלקייט ווי פון אַ שטראַל. דער טייך געהט פון ברעג צו ברעג — ווערט אַ ים, אַן אָקעאַן, אָבער דאָך אַ ברעג און אַ גרעניץ. און אַ שטראַל וואָס איז פון די ווייטסטע

מרחקים — קומט פון אומענדליכקייט און פאַרלירט זיך אין דעם קאָסמאָס.

זאָגט דער רמב״ם: „והעולם גדול ורחב״, די וועלט איז גרויס און ברייט, און אידען דאַרפען זיך ניט באַשרענקען, איינשרענקען, באַגרעניצען. אין אַלע ווינקעלאַך טראָגען דאָס וואָרט, אין אַלע לענדער, וואו מען קאָן נאָר לעבען, וואו מען לאָזט נאָר. עס איז די שיטה פון דעם ברייטען אידישען מענשען, וואָס איז אין און מיט דער געזעלשאַפט, אַ זייל פון דעם געשיכטליכען בנין.

און איהם אַנטקעגען שטעהט דער געדאַנק פון דעם אר״י — דער קאָסמישער געדאַנק פון „צמצום״ — באַשרענקען זיך, פאַרשמעלערען, דין ווערען ווי אַ פאָדים, ווי אַ שטראַל, אָט אַזוי ווי דער עצם פון דער וועלט, אָט אַזוי ווי דער מהות פון אַלצדינג וואָס איז. זיך באַשרענקען, הייסט זיך אויך אָפּגרעניצען אין אָרט. פאַר זיך אַליין, מיט זיך, אין זיך אויסאַרבייטען, אויסקאָווען, אָנצינדען און דערנאָך אויסשטראַלען אַ וועלט.

און דאָס איז דער זין און די געשיכטליכע מיסטעריע פון ארץ־ישראל און דעם אידישען און דעם אוניווערסאַלען לעבען: דאָס לאַנד פון צמצום.

דאָרט וואו דער תוך איז דער עיקר — קאָן קיין פאָרם ניט זיין. ווייל אין יעדער פאָרם קינסטליכקייט, ווייל אין יעדער געשטאַלט אַ פאַרלייקענונג פון מעגליכקייטען. דער אַקראָפּאָל איז אַ פאַרטיגקייט, דער הר־מוריה קיינמאָל ניט. דער אַקראָפּאָל איז געוואָרען, דער הר־מוריה איז נאָך אַלץ אין דעם פּראָצעס פון ווערען, ד. ה. קאָן נאָך ווערען.

דאָס האָט יעדער געפיהלט — יעדער איינער פון אונז, וואָס לעבט אין דער ברייטער און ווייטער וועלט. בפרט איצט, ווען די אַקראָפּאָל־אידייע, די גריכישע „פולקאָמענהייט״, ליגט אין איהר לעצטער גסיסה, ווען נייע ווערטען ווערען געבוירען אין אַ צעוויי־טאָגטער וועלט. איצט האָט ירושלים נאָכאַמאָל דאָס וואָרט.

איצט די צייט פאַר אַלע גייסטיגע כחות, וואָס האָבען זיך אָנגעזאַמעלט אין דעם אידישען פאָלק, זיך צו זאַמלען, זיך צונויפּצובינדען ווי אַ בינטעל שטראַלען. די צייט פאַר צמצום איז געקומען. און דאָס מיינט — אַ העכערע רוה, דאָס באַדייט אינטעלעקטועלער מוט און מאָראַלישער פּאַטאָס. דאָס מיינט: דערהויבענקייט פון דעם אידען.

און גלויבט מיר, ווען איך האָב זיך מיט אַזאַ ליבע אָפּגע־שטעלט אויף דעם בילד פון די אַלטע מקובלים, די „מתכונים״ פון ירושלים, איז דאָס ניט געווען בלויז אַ ליטעראַטען־איינדרוק. עס האָט זיך פאַר מיר געעפענט אַ קוואַל. דער קוואַל פון „כונה״, פון אַ לעבען וואָס האָט אַן אַנדער זין ווי דער פון טאָג־איין טאָג־אויס, אַ לעבען וואָס איז העכער ווי דער וואַכענדיגער שכל פאַר־שטעהט. און ווען איך האָב דאָ און דאָרט מיט אַ וואָרט, מיט אַ זשעסט, מיט אַ וואונק אַרויסגעוויזען אַ מין ביטול צו דער אַרבייט וואָס געהט־אָן אין ארץ־ישראל — גלויבט מיר, עס איז אפשר די צו־גרויסע און צו־שטאַרקע ליבע וואָס האָט געפיהרט מיין פען. ווייל איך דערוואַרט פון דעם אידישען מענשען אַזוי פיל — אַנ־טוישט ער מיך אַזוי גיך. ווייל איך מאַהן פון איהם וועלטען — איז זיין ווינקעל צו אָרים פאַר מיר. נאָך אַ קאָלאָניע, נאָך אַ ווייגאָרטען, אַ באַנק און אַ באַנק און אַ נייע פאַבריק — און דערנאָך, אין פופציג יאָהר אַרום אפשר, איין־און־פופציג פּראָצענט אידען אין ארץ־ישראל און אַ שאָטען פון אָפּהענגיקייט.

איז דאָס אַלץ? דער גאַנצער זין און צוועק פון דער געוואַלדי־גער אידישער טראַגעדיע — ניט מעהר ווי אַ קליינע רעפּובליק אין דעם מזרח?

זיי האָבען טענות צו דעם „פאָלק ישראל״, די ציוניסטישע פיהרער — און גערעכטע. וואָס טוט דאָס אידישע פאָלק כדי צו פאַרווירקליכען זיין חלום? וואו איז דער „אַלט און יונג זאָלען מיר געהן״? עס שווייגען די גבירים, עס זיפצען די קבצנים — און דער אויפבוי פון ארץ־ישראל ליגט אויף די פּלייצעס פון די „מיטעלע״ — איז דערפאַר די משא אַזוי שווער.

איך אָבער האָב אַ שטאַרקערע טענה: וואו איז דער אידי־שער גייסט? שווער צו בויען פאַבריקען אין אַ לאַנד אָהן אייזען און קויהלען — זיכער. אָבער צו בויען אַ וועלטאַנשויאונג — דאַרף מען דערצו אויך האָבען קאַפּיטאַלען און היפּאָטעקען און פאַרטייען?

בלאָנקען זיך דאַרום איבער גאַר דער וועלט אידישע אינטע־לעקטועלען. צווישען די איינזאַמע די איינזאַמסטע. די פאַר־יתומ׳סטע פון אַלע. פאַרוואָס טראָגט זיי ניט די כוואַליע פון בענקשאַפט קיין ארץ־ישראל? פאַרוואָס קאָן דאָרט ניט ווערען טאַקע אָט דער גייסטיגער צענטער, וואָס אחד־העם האָט אַזוי אומ־באַשטימט געפיהלט, אומבאַשטימט, ווייל ער איז נאָך אַלץ געווען

אַ רמב״ם מענש און ניט פון די אר״י־טיפ. אַ גייסטיגער צענ־טער — דאָס וואָרט איז ניט ריכטיג. ניט קיין צענטער, נאָר אַ גייסטיגער אויוועז, אַ שמעלץ־אויוועז, וואו אַלע ווערטען זאָלען איבערגעשמאָלצען ווערען, וואו אַלע פּראָבלעמען זאָלען דורכגעהן דורך דעם פייער פון ליידענשאַפטליכען דענקען, וואו דער גע־שמאָלצענער היסטאָרישער מאַטעריאַל זאָל איבערגעגאָסען ווערען אין נייע פורעמס.

ווער קאָן דאָס טאָן? זעהט — אַלע זיינען פּאַרטאָן אין די אינטערעסען פון דעם טאָג. דייטשלאַנד וויל מאַכט, אַמעריקע וויל געלט, פראַנקרייך וויל גענוס און רוה — איין רוסלאַנד ברענט אין גייסטיגער ליידענשאַפט, איז דאָרט אויך דער פייער אָוועק אויף דינאַ־מאָס און טראַקטאָרס. זיי אַלע האָבען וואָס צו פאַרטיידיגען, זיי אַלע זיינען באַזיצער.

מיר אַליין — מיר די איינציגע זיינען אָרים, מיר האָבען גאָר־נישט, קאָנען גאָרנישט דערוואַרטען, ניט קיין מאַכט, ניט קיין גליק און אפילו ניט קיין רוה. מיר האָבען בלויז איינס: די ליידענשאַפט פון גייסט. ווייל די אָרימסטע — זיינען מיר און קאָנען מיר זיין די פרייסטע, און ווייל די שוואַכסטע — האָבען מיר ניט קיין מורא. ווייל מורא האָט נאָר דער שטאַרקער און דער רייכער.

און ארץ־ישראל איז ווי דאָס אידישע פאָלק, אַן אָרים לאַנד, אַ האַרט לאַנד, איינזאַם די בערג און אומעטיג. און אין זייער שווייגען איז פּאַטאָס. ארץ־ישראל איז אַ לאַנד פון היילען, פון פאַרבאַרגענע ווינקלען, פון שטילקייט און פון צמצום.

דער גוף דאַרף אַזוי ווייניג — דער גייסט פאָדערט אומ־ענדליכקייט.

אָדער דאָס פאָלק איז נאָך ניט רייף פאַר דעם לאַנד, אָדער דאָס לאַנד האָט איבערגעלעבט דעם פאָלק. דער פאָדים רייסט זיך. מיר טראָגען אַריין קיין ארץ־ישראל אַלע באַגריפען פון דער וועלט, אַלע גלוסטעניש פון דעם מענשען: מאַכט און אויסברייטונג און גענוס — אַלצדינג וואָס איז „אַקראָפּאָליש״ — נאָר ניט דאָס איינציגע, וואָס ארץ־ישראל קאָן אָננעהמען: די ליידענשאַפט פון דעם זוכענ־דען גייסט. געבויט אַן אוניווערזיטעט — און זי איז אַ שלעכטע קאָפּיע פון אַ קליינער אוניווערזיטעט אין אַ דייטשען שטעדטעל. עס שאַפט זיך אַ פּרעסע — און זי איז אין דעם בעסטען פאַל אַ קאָפּיע פון דער איראָפּייאיש־אַמעריקאַנישער. און די ליטעראַטור?

זעלטען איז די אידישע שאַפונג געווען אַזוי מאָגער און אָרים, ווי איצט אין ארץ־ישראל. איבערזעצטע ראָמאַנען, אומניצליכע ביכער — מיטעלמעסיגע מאמרים.

און עס איז קלאָר: מען בויט אין דער לופט, מען שאַפט אָהן אַ המשך. און זעלטען זיינען אידישע אינטעלעקטועלען געווען אַזוי איינזאַם און אָהן אַ געזעלשאַפטליכער פונקציע, ווי אין ארץ־ישראל פון היינט. דער זאַקען־מאַכער און דער זיידען־פאַבריקאַנט שפינען זייערע פעדים אַרום דעם לאַנד פון די גרויסע חלום־שפינערס. זיי זיינען די הערשער פון דעם לעבען.

עס איז זיכער תמיד געווען אַזוי. עס חזר'ט זיך איבער די אייביגע טראַגעדיע פון דעם אידישען פאָלק: דער קאַמף פון די איינצעלנע, געקליבענע, אַקעגען דער באַנאַליטעט פון דעם לעבען, דער קאַמף פון דעם שטראַל אַקעגען דער ווייסער פלאַך וואָס ברעכט איהם.

אָבער אין דעם איז געווען די גרויסקייט און די שעהנקייט פון ארץ־ישראל, וואָס דער שטראַל האָט גובר געווען. דער ירדן איז דאָרט תמיד צוריקגעטראָטען — פאַר דעם גייסט. וועט דער נס נאָכאַמאָל געשעהן?

* * *

און פאַרבייפאָהרענדיג דעם אַקראָפּאָל פון אַטען, זעה איך אין מיר נאָכאַמאָל דאָס בילד פון די האַרטע בערג פון יהודה און פון אפרים — און אַקעגען דער תפילה פון רענאַן שטעל איך אַוועק מיין תפילה, די תפילה פון אַ היינטיגען, אַ זוכענדיגען און אַ פרעגענדיגען מענשען: אַלצדינג וואָס איז אויף דער ערד זאָל זיין חלום און רמז און אייביגער שטרעבען. זאָל אויף די בערג פון יהודה קיינמאָל ניט זיין קיין צופרידענקייט פון גייסט, זאָלען דאָרט נאָכאַמאָל, ווי אַמאָל, אויפפלאַקערען די משאות, די פאַקלען, וואָס האָבען געוויזען די אידען פון דער גאַנצער וועלט, די מענשען פון דער גאַנצער וועלט — ווען נייע אמת'ען ווערען געבוירען. ווייל אמת'ען זיינען אומענדליך — און אַלע ציהען זיי זיך צו דעם לעצטען קוואַל — צו דעם לעצטען סוד. וכן יהי רצון.

אָקטאָבער 21, 1933

# די חורבה פון מצרים

און אָט איז מצרים! אָט זעהט איהר די פלאַכע, זאַמדיגע ברעגעס מיט די לאַנגע, דאַרע, נאַקעטע פּאַלמען — נאַקעט דער גאַנצער מאָגערער גוף, בלויז אויפ'ן קאָפּ, אויף דער קרוין אַ היטעל פון בלעטער — זעהט איהר ווי זיי שפּיגלען זיך אין דער שמאָלער וואַסער־לענטע? דאָס איז מצרים.

נאָך טעג פון בלויען וואַסער און שפּיגעל־קלאָרען הימעל, נאָך שטיינערדיגע, גרויע אינזלען, פעלזען אין ים, עדות פון אַמאָליגען הייסען שטורמישען לעבען, פון ערד־רעוואָלוציעס וואָס האָבען צע־ריסען קאָנטינענטען און אָנגעפילט מיט וואַסער דעם בלויען בע־כער מיט די געצוקטע און געצאַצקעטע ליניעס — די ווייס־געלע פלאַך פון מצרים. דער מדבר גריסט אייך פון דער ווייטענס. די חורבה פון אַ וועלט.

און דער ערשטער מענש וואָס איז מיר אַנטקעגענגעקומען אין מצרים, נאָך איידער די שיף האָט זיך אָפּגעשטעלט, נאָך איידער מיר זיינען געווען אין האַפען — איז אויך געווען אַ חורבה. פּרעה אַליין איז מיר אַנטקעגענגעקומען — פּרעה ווי ער איז אויסגעמאָלט אויף די אָבעליסקען, אויף די אַלטע עגיפּטישע וואַנט־מאָלערייען.

אַן אַלט־מצריי'שער קאָפּ איז פּלוצלינג אויסגעוואַקסען פאַר מיר — ווי פון דעם וואַסער אַרויס, — קופּער־ברוין דער קאָליר, אַ הויכער, שמאָל־שמאָלער, אַביסעל פאַרשפּיצטער קאָפּ, אַ שמאָל, מאַ־גער פּנים, גלאַט און גלאַנציג, הויכע באַקען־ביינער, דיקע ליפּען. דער קאָפּ אויף ברייטע פּלייצעס, צו ברייט פאַר דעם גאַנצען קאָרפּוס, וואָס פאַרשמעלערט זיך פון דער ברוסט אַראָפּ.

און אויך דער לבוש אַזוי מאָדנע. אַזיאַטיש־אָריענטאַליש, ברייט, פּיל־פאַרביג, ברייט־גאַרטעלדיג, שוואַרצע פּליודערען וואָס זעהען אויס ווי אַ פאַרטוך אָדער ווי אַ זאַק, אַ מאַראַנצען־קאָליר־טער גאַרטעל, לימאָנע־געלע שיך — אַ גרין לייבעל מיט שמאָלע פּימסען־קאָלירענע אַרבעל — און איבער דער דאָזיגער גאַנצער

פאַרבען־אָרגיע ווי אַ מין באַרג־שפּיץ — אַ רויטע פּעסקע מיט אַ שוואַרצען קוטאַס. אין די אויערען זילבערנע אויעררינגלאַך — און מען זעהט ממש ווי די נאָז בעט זיך אויך נאָך אַ נאָזרינג — אָבער דער מזרח, דער אַפריקאַנישער מזרח האָט זיך דאָ אָפּגע־שטעלט. עס איז פּאָרט ניט מעהר די באַרבאַרישע אַפריקע. עס איז — מצרים.

„ווער איז דאָס אָט דער פּוטיפר?" — פרעג איך ביי איינעם אַ באַקאַנטען רומעניש־עגיפּטישען סוחר, וואָס איז געבוירען געוואָ־רען אין מצרים און רעדט נאָר פראַנצויזיש, אָבער מיט דעם מערק־ווירדיגען אַקצענט פון דער עכט־פראַנצויזישער שטאָדט יאַסי. „דאָס איז ניט קיין פּאָטיפאַר" — ענטפערט מיר דער רומעניש־אידישער מצרי מיט אַ זעהר ערנסטער מינע, — ער האָט נעבעך ניט פאַרשטאַנען מיין „וויץ", — „דאָס איז דער עלטסטער פון די פּאַקען־טרעגער פון דעם האַפען". „איז ער אויך אַן אַראַבער?" „ניין, ער איז אַ קאָפּט". איך האָב, הייסט עס, ניט געהאַט קיין טעות. עס איז פּאָרט פּוטיפר אָדער פּרעה, בלויז אין אַן אַנדער פאַרקליידונג. דער קאָפּט — דער קריסטליכער עגיפּטער — איז דאָך דער דירעקטער יורש פון די אַלטע מצרים. זיי זיינען אַנטרונען פון דעם אַראַבישען מבול וואָס האָט זיך אויסגעגאָסען איבער דעם מזרח. אמת — זייער שפּראַך איז אונטערגעגאַנגען — זיי רעדען אויך אַראַביש — און ווער אין דעם מזרח רעדט ניט קיין אַראַביש? — אָבער זייער רעליגיע האָט זיי געראַטעוועט פון אַ פולשטענדיגער אַסימילאַציע מיט דער אַראַבישער סביבה. און פון צייט צו צייט הערען זיי אין זייערע קירכען—פון זייערע גלחים, די אַלטע שפּראַך פון די פּרעה׳ס, פון די חרטומים און די הע־ראָגליפען. עס איז אויך ניט קיין וואונדער, — איז דאָך סוף־כל־סוף דאָס קריסטענטום אַן אייניקעל — אָדער אַן אוראייניקעל — פון דער מערקווירדיגער עגיפּטישער רעליגיע, דער רעליגיע פון דער מוטער איזיס, פון דעם פאָטער אַמאָן — יאָ, פון דעם זוהן אָזיריס?

* * *

דורכגעשטופּט זיך בשלום דורך דער רעש׳יגער, פאַרביגער, באָרוועסער, שמוציגער, העויות׳דיגער אַראַביש־עגיפּטישער מחנה פון געפּעק־טרעגערס, ציגאַרעטען־פאַרקויפער, לאָטערעי־צעטלען־

הענדלער, — גראַטעוועט זיך אין דער שטילקייט פון אַן איראָפּיי־אישען האָטעל. און אַן אויסגערוהטער, אַ דערפרישטער אין וועג אַריין, אין דער הייסער זון פון מצרים, אויף דעם וועג צו אַלט־אַלעקסאַנדריע. דער קאָפּ פול מיט בילדער און חלומות. אלכסנדריה של מצרים! וויפיל נעמען, וויפיל עראינערונגען דערוועקט ניט דער קלאַנג פון די ווערטער!

אַזיע־אַפריקע־איראָפּע, אַ דריי־איינינקייט פון דער וועלט־קולטור. ניט קיין אַקער־פעלד, וואו מען פאַרזייהט, נאָר אַ שייער וואו מען האָט צונויפגעפיהרט די פאַרטיגע, רייפע תבואה. אָדער אַ מולטער, וואו מען האָט געיורט דעם טייג פון אַלע קולטורען.

און איך געה — גאַס נאָך גאַס, בולוואַר נאָך בולוואַר, און זוך די שפורען פון אַמאָל. ניטאָ. אַראַביש, פראַנצויזיש, גריכיש, אידיש, איטאַליעניש, ענגליש — אַלע שפּראַכען אַרום דעם מיטעל־לענדישען ים און ווערטער קלינגען אין מיינע אויערען. אָבער איך זעה בלויז קראָמען, קאַפעס, כאַלאַטען און פאַנטאָפעל, שמוציגע אַראַבער און מיאוס'ע אַראַבקעס מיט אויסגעשמירטע, גרין־באַ־מאָלטע פנימ'ער — אָבער פון אַלעקסאַנדריע, פון דער וואונדער־שטאָדט פון מצרים — אפילו ניט קיין סימן.

עס איז אַ חידוש און רעטעניש פאַר אַלע רייזענדע. וואו איז אַהינגעקומען אַלט אַלעקסאַנדריע? אין רוים — זעהט איהר די גאַנצע געשיכטע פון דער שטאָדט פאַר אייערע אויגען — איהר זעהט זי אין מיניאַטור — פון יעדער עפּאָכע אַ ברעקעל, דאָ אַ קאָלאָנע, דאָרט אַ טעמפעל, — אָבער זי איז פאַראַן. זי לעבט אין איהרע מצבות. איין קולטור־שיכט האָט זיך אַרויפגעלעגט אויף דער צווייטער — לעבען דער צווייטער — און וואו איהר וואַרפט אַן אויג: עס איז לעבעדיגע געשיכטע. אין אַלעקסאַנדריע, אין מצרים בכלל, איז געשעהן ממש דער נס פון קורח: די ערד האָט זיך געעפענט און פאַרשלונגען אַלצדינג וואָס איז געווען — באַגראָ־בען, צוגעדעקט מיט זאַמד — און גלייך ווי עס וואָלט קיינמאָל גאָרנישט געווען. קיין געדעכעניש ניט געבליבען.

דער אַלטער רייזענדער וואלנעי, וואָס האָט באַזוכט אַלעקסאַנ־דריע אין 1783, האָט נאָך געקאָנט זעהן אויסער דער נייער שטאָדט די שטיינער און חורבות פון אַלט־אַלעקסאַנדריע. אָבער אין די

כמעט הונדערט און פופציג יאָהר, וואָס זיינען פאַרגאַנגען זינט וואַלנעי׳ס נסיעה, זיינען אפילו די לעצטע פאָר חורבות אויך פאַרשוואונדען.

ניטאָ — גאָרנישט פאַראַן. אַחוץ דעם אַלטען לייכט־טורם, דער קאָלאָנע פון פאָמפּעי און נאָך איינער אָדער צוויי אַלטע זיילען — איז ניט געבליבען קיין זכר פון דער וועלט־שטאָדט אַלעק־סאַנדריע.

און ווען מען לייענט די באַשרייבונג פון אַלט־אַלעקסאַנדריע ביי די גריכישע און רוימישע שרייבער — די גרויסקייט פון די טעמפּלען, די שעהנקייט פון די פּאַלאַצען, וואָס די פּטאָלעמעאוס־דינאַסטיע האָט אויפגעבויט, די וואונדערבאַרע ביבליאָטעק — דער מוזעי — מיט איהרע זיבען הונדערט טויזענט ביכער, די „סאָמאָ״ — דאָס הייסט דער מאַוזאָלעי, וואו עס איז געלעגען אין אַ קאַס־טען פון גאָלד — אַריינגעשטעלט אין אַ קאַסטען פון קרישטאָל — דער גוף פון אַלעקסאַנדער דעם גרויסען — די בערזע, די גיגאַנ־טישע „אַפּאָסטאַדען״ — די מאַגאַזינען, וואו עס האָבען זיך אָנ־געזאַמעלט די סחורות פון דער גאַנצער וועלט — פאַרשטעהט מען די ווערטער פון דעם אַלטען רוימישען שרייבער אַרעליוס טאַ־טיוס: „איהר זייט באַזיגט, מיינע אויגען!״.

מען פאַרשטעהט — און מען פאַרשטעהט ווידער ניט — ווי איז דאָס מעגליך געווען, אַז פון דער גאַנצער גרויסקייט און שעהנקייט איז גאָרנישט געבליבען. די ביבליאָטעק — פון דעם רוימישען אימפּעראַטאָר, דעם פילאָזאָף און ביכער־ליבהאָבער מאַרק אָרעליוס — פאַרברענט פון גריכישע מאָנאַכען און צום סוף — פון דעם מאַכמעדאַנישען גענעראַל עומאר. די טעמפּלען צעשטערט — ביז צום יסוד. די גאַנצע אַלט־גריכישע, העלענישע קולטור אונטערגעגאַנגען — ווי אין ים אַריין.

און ווער ווייסט, אפשר האָט זי באַדאַרפט, געמוזט אונטער־געהן! אַ שפּעטע פרוכט פון אַן אָפּגעבליהטען בוים. אַלט — ווען נאָך יונג און זאַפטלאָז. די „יפיפיתו של יפת״, די שעהנקייט פון גריכענלאַנד, איהר חכמה, איהר חקירה, האָט זיך ניט געקאָנט איינוואָרצלען אויף די זאַמד־ברעגעס פון דעם ניל. צופיל זון, צו־פיל היץ, צו נאָהנט איז דער מדבר.

דער מדבר־ווינט האָט באַריהרט דעם געדאַנק פון גריכענלאַנד — און האָט איהם ווי אָנגעצונדען, און פאַרברענט. מחמת — וואָס איז קולטור — אויב ניט מאָס און סיסטעם ? מצרים אָבער איז מאָסלאָז — ווי דער מדבר. און דערפאַר איז פלאַטאָן — אין מצרים געוואָרען: פלאַטין און פילון, יאמבליך און פראקל, מיס־טיש, סודות׳דיג, צו פאַעטיש און אָהן ריטם.

איך געה פאַרביי אין דער אַלטער שטאָדט דאָרט ערגיץ וואו די גריכיש־אַלעקסאַנדריע־ברוכיום איז געשטאַנען. און לעבען אַ מאָשעע דערזעה איך אַ באָרוועסען, אָפּגעריסענעם אַראַבער — אָדער מצרי — עס איז שווער צו דערקענען ביי די גליהענדע שטראַלען פון דער זון. ער ליגט פאַר׳חלומ׳ט, פאַרטראַכט — אינגאַנצען איבערגעגעבען דעם יסוד פון ליכט.

און ניט־ווילענדיג האָט זיך ביי מיר צונויפגעבונדען מיט דעם דאָזיגען אַראַבער אַן אַנדער בילד, אַן אַלטע עראינערונג: דאָס בילד פון דעם מערקווירדיגסטען דענקער וואָס די אַלעקסאַנדרי־נישע קולטור האָט אַרויסגעגעבען — דעם פאַקען־טרעגער אַמאַניוס סאַקאָס, דער סאָקראַטעס פון דעם העלעניסטישען פעריאָד. אויך אַן אָרומגעהער, אויך אַ לעהרער, אויך איינער וואָס האָט אַליין גאָר־נישט געשריבען, אָבער געשאַפען אַ שולע.

פון סאָקראַטעס׳ן איז אַרויסגעקומען פלאַטאָן, פון אַמאַניוס סאַקאָס — דעם שווייגענדען, באָרוועסען, האַלב־נאַקעטען עגיפּטי־שען משא־טרעגער — איז אַרויסגעקומען די ניי־פּלאַטאָנישע שולע: מיסטיק און עקסטאַז. און צווישען ביידע — פלאַטאָן און סאַקאָס, גריכענלאַנד און מצרים — איז געשטאַנען פילון, ידידיה פון אלכסנדריה — געוואָלט פאַראייניגען די גריכיש־עגיפּטישע מיסטיק מיט דעם שאַרפען אידישען שכל, די עגיפּטישע מדבריות׳דיגקייט מיט דער באַרגעדיגקייט פון יהודה — און ביידען האָט דער זאַמד פאַרזונקען. פרוכטלאָז, זאַפטלאָז, אָהן וואָרצלען.

„זיי זיינען אַלע איין זייט — אידען, עגיפּטער און גריכען — און די זייט איז סעראַפּיס — דער רוימישער אימפּעראַטאָר אַדרינוס האָט דאָס אַמאָל געשריבען פון אַלעקסאַנדריע צו זיין גענעראַל סערוואַניוס. סעראַפּיס — דאָס איז אַ מין סימבאָל פאַר דער אומפאַרשטענדליכקייט, אַלטקייט, שווייגענדיגקייט און סודות׳דיג־

קייט פון מצרים. און סעראפּיס האָט זיך פאַרגראָבען אין זאַמד, זיין עלעמענט איז די — חורבה.

און אָהן אַ האָפנונג צו געפינען די אַלטע שעהנקייט פון אַלעקסאַנדריע. די שעהנקייט וואָס איז פאַרבליבען אין אַ פּאָר אַלטע ביכער און ליטעראַרישע זכרונות — בין איך צוריק אַריין אין דער נייער שטאָדט אַריין — אין דעם פראַנצויזיש־גריכיש־אַראַבישען באַזאַר, אין די שמוציגע געסלאַך, אין דעם אומפאַרשטענדליכען אַפריקאַניש־מיטעללענדישען תהום פון מצרים.

די הויכע הייזער האָבען פאַרשטעלט די מדבר־ליניע און די מאָגערע פּאַלמען, אָבער איך האָב זיי געזעהן — הינטער מיר, ווי זיי שטעהען און וואַרטען — וואַרטען אויף זייער שעה — ביז זיי וועלען פאַרשלינגען די נייע אַלעקסאַנדריע — די נייע חורבה צו די אַלטע. עס איז דער גורל פון מצרים.

אויגוסט, 28, 1926

# פון משה ביז משה

אפשר יאָ? ווער ווייסט! סוף־כל־סוף, פאַרוואָס זאָל איך מעהר גלויבען דעם דייטשען היסטאָריקער עדוואַרד מייער, וואָס זיצט אין בערלין אין דער ביבליאָטעק און פּשט'לט זיך אין ספרים — און פאַרוואָס זאָל איך ניט גלויבען דעם אַלטען אַנאָנימען היס־טאָריקער, וואָס האָט דערצעהלט אַזוי פּלאַסטיש, אַזוי קינסטלעריש — די וואונדערבאַרע מעשה פון משה'ן און דעם עפּאָס פון מצרים?

עס זיינען ניטאָ קיין באַווייזען אין דער עגיפּטישער ליטע־ראַטור, קיין זכרונות איינגעקריצט אין שטיין אָדער אויפגעמאָלט אין דעם פויגעל־כתב פון די היראָגליפען? איז דען אַלצדינג פאַר־שריבען וואָס איז געווען? און וואָס ווייסען מיר דען פון מצרים? פון אַ פיל טויזענט־יעהריגער געשיכטע געבליבען אַ פּאָר צעהנ־דליג מאָנומענטען — עטליכע נאָטיצען, וואָס די אייראָפּייאישע פאָרשער האָבען האַלב פאַרשטאַנען און דערנאָך צונויפגעשטו־קעוועט און געמאַכט פון זיי אַ כמעט־געשיכטע!

און בכלל — ניט אַלצדינג איז אמת וואָס איז פאַרשריבען, און דוקא וואָס איז פאַרשוויגען און פאַרגעסען איז אָפט דער רעכטער, וואַהרער אמת.

מיר אידען האָבען דאָך איבערהויפּט אַזאַ טבע — אָדער זאָל איך זאָגען: אַזאַ מעלה? — מיר האָבען ליב צו פאַרגעסען אַלצ־דינג, וואָס האָט אַ שייכות צו אונז, מיר האָבען תמיד פאַרשטאַנען די קונסט פון — הכצעקתה.

און ווען מען קוקט זיך צו אין מצרים — קאָן מען זיך זעהר לייכט אויסמאָלען, אַז די מערקווירדיגע געשיכטע, וואָס דער חומש דערצעהלט אונז, האָט פּאַסירט כמעט אַזוי ווי עס שטעהט אין פסוק.

אַ שבט פון אַזיע — אַריבערגעקומען פון דער מדבר, אַרונ־טערגעלאָזט זיך פון די בערג פון כנען אין דעם טאָל פון דעם ניל — געוואָרען דאָרט אַ מאַכט — דערנאָך געפאַלען, געוואָרען אונ־טערדריקט. געשלעפּט שטיינער — די מאַסיווע, שווערע גראַניט־בלאָקען — פאַר די פּיראַמידען.

איך קאָן זיי זעהן — אַזוי לעבעדיג, גלייך ווי עס וואָלט געווען היינט — די האַלב־נאַקעטע „פּענכו“, די „אַזיאַטען“. ווי זיי שטעהען אונטער דער ברענענדיגער זון אויף די זאַמד־פּלאַכען ביי

גיזע — און האַקען די שטיינער און הובלען זיי, און ווי אַנדערע. מחנות, לאַנגע קייטען פון ברוינע מענשען־לייבער, שלעפּען אויף די פּלייצעס, איינגעבויגען ביז צו דער ערד — אַ שטריק אַרום דעם קאָפּ — און צו דעם שטריק אַן איבערמענשליכע משא.

און איך קאָן זעהן דעם טונקעל־געלען, בראָנזענעם מצרי מיט דער בייטש איבער זייערע קעפּ.

און דאָרט — פון דער שטאָדט — פון מעמפיס — אַ הויכער, שטאָלצער, סטרונע־גלייכער מדבר־זון, אַ שוואַרצער מאַנטעל אויפ׳ן קאָפּ, אַ מין פאַטשיילע, פאַרבונדען מיט צוויי שוואַרצע שנורען — קומט צו, קוקט זיך איין, קאָן ניט פאַרטראָגען די שאַנד פון זיינע ברידער — און ער הרג׳עט דעם מצרי און פאַרשיט איהם מיט דעם הייסען זאַמד.

און ווייטער — ווייטער — איך קאָן זעהן ווי זיי געהען — קעמלען־סילועטען, שאָף און רינדער — נאָך זיי, די וואַנדערער איבער דעם הייסען מדבר.

עס איז אַזוי נאַטירליך — עס איז אַזוי פשוט, פּאַסט אַזוי גוט צום בילד פון מצרים.

און עס ווערט אַ נייע קרבות, אַ נייע שייכות צו דער ביבעל.

* * *

איך האָב זיך דערמאָנט אָן די דאָזיגע אַלטע פּאַסירונגען — אָדער לעגענדעס — ווען דער אַראַבישער „פיהרער" האָט אונז, אַ פּאַרטיע אַמעריקאַנישע טוריסטען — געוויזען דעם אָרט, וואו פרעה׳ס טאָכטער האָט געפונען משה׳ן אין די קוסטעסביים ניל.

מיר האָבען אַלע זיך צעלאַכט, אפילו די אַמעריקאַנער דאַמע, וואָס האָט געקוקט אַלי׳ן — דעם שוואַרץ־אויגיגען פיהרער מיט דעם בלויען כאַלאַט און דעם ווייסען טורבאַן — זעהר באַגייסטערט אין די אויגען און איז געווען גרייט צו גלויבען אַלצדינג וואָס ער האָט דערצעהלט — און אַן אַראַבער קאָן זיך פאַרגינען צו טאַקען ליגענס! — אפילו זי האָט געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ און האָט גע־זאָגט: „אָ, וועל, דהאָט׳ס טו סטראָנג". עס קאָן זיין, זי האָט ניט גאַנץ קלאָהר געוואוסט, וואָס דאָס מיינט „פּערעאָ" — און ווער דער דאָזיגער „מאָוזעס" אָדער מוסאָ — ווי אַלי האָט איהם גע־רופען — איז דאָס געווען.

אָבער זי האָט פאַרשטאַנען אַז וואָס דאָס זאָל ניט זיין — אַלי האָט זיך דאָ פאַרגאַלאָפּירט.

און מיר זיינען געגאַנגען ווייטער — צו דעם מדבר פון סאַ־האַראַ, צו די חורבות פון דער אַלטער קעניג־שטאָדט מעמפיס.

געגאַנגען? אויב שאָקלען זיך אויף אַ קעמעל איז געהן, אויב זיצען הויך אויף אַ האַרב פון אַ שיף פון לעבעדיגען, שמוציג־ברוינעם פלייש איז געהן, זיינען מיר זיכער זעהר לאַנג געגאַנגען, צו די פּיראַמידען. די ערשטע וואָס איך האָב געזעהן. און זיי האָבען אַנטוישט.

אָט דאָס איז תמיד דער חסרון פון די וועלט־באַריהמטע ער־טער: מען האָט אַזויפיל פון זיי געהערט, געלייענט, מען ווייסט אַזויפיל פון זיי, אַז דאָסווירקליכע בילד איז קלענער פון דעם וואָס די פאַנטאַזיע האָט זיך אויסגעמאָלט.

עס קאָן זיין, די היץ און די אַראַבער און די טוריסטען זיינען געווען שולדיג — אָבער די פּיראַמידען פון סאַהאַראַ האָבען אויף מיר ניט געמאַכט קיין שום איינדרוק. שטיינערנע, גרויע, גרויסע פאַרשפּיצטע קברים, ניט מעהר.

אָבער דערפאַר דאָס צווייטע מאָל — ביינאַכט, ביי לבנה־שיין, ווען איך בין איינער אַליין, בלויז מיט אַן אַראַבישען באַגלייטער, וואָס האָט באַקומען אַ טאָפּעלטען „באַקשיש" פאַר זיין שטיל אין ניט „ערקלערען" — דאָס צווייטע מאָל, ווען איך בין פון אַן אַנדער זייט צוגעקומען צו די פּיראַמידען פון גיזע — די דריי גרויסע פּי־ראַמידען לעבען דעם ספינקס — דעמאָלט?

ניין, איך וויל ניט, איך קאָן ניט באַשרייבען דעם איינדרוק. אַלצדינג האָט אין מיר געשוויגען, ווי די נאַכט, ווי די פּיראַמידען — ווי די סאַהאַראַ — וואָס האָט אַזוי שטיל געשמייכעלט אונטער דעם לבנה־שיין, און ווי דער שרעקליכער ספינקס.

שרעקליך. בייטאָג — איז דאָס ניט מעהר ווי אַ קוריאָז, אויף אַ שווערען שטיין־בלאָק אַן אויסגעהאַקטע פיגור פון אַ חיה — מיט אַ מענשליכען פּנים. אָבער עס פעהלט די נאָז — און די אויגען זיינען טויט, און די אַרבייט אומגעלומפּערט. און איך האָב ניט געקאָנט אַריינדענקען זיך אין „עקסטאַז". און איך האָב געוואוסט, אַז אפילו דאָס וואָס איך מיין אַז איך פיהל — איז אויך „לי־טעראַטור".

אָבער ביינאַכט — אָבער ביי לבנה־שיין — און איינער אַליין, אויג אויף אויג מיט דער מדבר און די פּיראַמידען און מיט דעם ספינקס! „ביינאַכט רעדען אַלע טייכען". און פון דעם נאָהנטען

ניל — ביז צו מיין אייגענעם געדאַנקען־און געפיהלען־טייך — האָט זיך געהערט אַ רוישען און אַ שטילער געזאַנג.

און פאַרוואָס זאָגען זיי, אַז דער ספינקס זינגט נאָרביים זונען־אויפגאַנג? זינגט ער ניט איצט — אין אַ טאָן, וואָס נאָר איך קאָן איצט הערען — איך און דער ווייטער, זילבערנער הימעל איבער מיר? זינגט פון אַלע צייטען און פון אייביגקייטען — זינגט פון דעם וואָס האָט געקאָנט זיין און כמעט געוואָרען — פון דעם זאַמד וואָס פאַרשיט אַלצדינג און פון דעם מדבר וואָס פאַרשלינגט.

אָהן אויגען — און ער האָט געקוקט אויף מיר. ער — זי? איך ווייס ניט. אָבער עס איז ניט געווען פאַר מיר קיין רעטעניש, ניט קיין „ספינקס" — ניט קיין לעגענדע — —עס איז געווען: איך און דער מדבר און די לבנה און פרעה און אַלצדינג — אַלט און ניי.

און ווען איך האָב זיך אָפּגעריסען פון דעם ספינקס און אַרומ־געקוקט — האָב איך דערזעהן אַ פאַר׳כשופ׳ט בילד: אויף די טרעפּ פון דער גרויסער פּיראַמידע — דער כעאָפּס־פּיראַמידע, איז געשטאַנען אַ פיגור אין ווייסען. עס איז געווען ניט מעהר ווי אַן אַראַבישער „פּיראַמידען־שייך", וואָס האָט געוואַרט אויף טוריסטען, כדי צו פיהרען זיי אַרויף אויף דער פּיראַמידע, אַן אַראַבער וואָס האָט געוואַרט אויף באַקשיש.

אָבער אויף אַ מאָמענט האָט זיך מיר אויסגעוויזען, אַז דאָס איז אַ כהן גדול פון רע־אמון, פון איזיס, פון אָזיריס, אַן אַלט־עגיפּ־טישער „חרטום", איינער פון די וואָס האָבען גע׳עצה׳ט דעם פרעה׳ן פון חומש — אַלצדינג איז געווען מעגליך אין דעם מאָמענט.

און פאַרוואָס ניט? האָט דען דער מדבר, דער ווייסער מדבר ניט געזעהן אַלצדינג — און אַלצדינג פאַרשלונגען?

און איך האָב אָנגעהויבען פאַרשטעהן, פאַרוואָס מצרים איז תמיד געווען דאָס קלאַסישע לאַנד פון כשוף און מיסטיק און סודות. איך האָב דערפיהלט ווי דער סם פון מצרים הויבט אָן ווירקען אויף מיר.

מיין אַראַבער האָט שוין לאַנג געוואַרט מיט אומגעדולד, און איז געווען גליקליך ווען ער האָט געקאָנט סוף־כל־סוף זיך אויס־רעדען — אויף דעם וועג צוריק אין שטאָדט אַריין. און ווי האָט ער גערעדט! אַלע שפּראַכען אינאיינעם, און ליגענס און באָבע־מעשיות, ווי נאָר אַ מצרי קאָן אויסטראַכטען, און איך האָב איהם

ניט געשטערט. עס איז זיס צו הערען ליגענס — ווען מען קעהרט זיך אום פון דעם נאַקעטען, שטרענגען, ספינקס־מדבר.

און ווידער ביי משה׳ן, ניט ביי משה בן עמרם, נאָר ביי משה בן מימון, דעם רמב״ם.

די געשעפטס־גאַס פון קאַירא — די מוסקו, די אידען־גאַס. ליאַרעמדיג, רעש׳יג. דער טראַמוויי קלינגט, די אויטאָמאָבילען לויפען משוגע׳נערוויז, אייזלען, קעמלען, וועגעלאַך — אַראַבערקעס מיט זייערע קערבלאַך אויף די קעפּ, אַראַבער וואָס פאַרקויפען וואַ־סער, אַראַבער — אָדער זיינען עס אפשר אידען? — ביי די טירען פון די קראָמען. הייס־שטויב, און אַ ריח! טאַבעק רויך פון די נארגילעס, קאַפע־גערוך, ציבעלעס, קנאָבעל פאַרפיום. מענשען־גוף — גרעבער־גערוך — וואָס ניט! און שמוץ — ווי נאָר מצרים קאָן עס אַרויסגעבען, אַ שמוץ וואָס איז, הפנים, פאַרבליבען פון די עשר מכות. און דאָרט, אין דעם לאַבירינט פון געסלאַך, אַ קליין, שמוציג געסעלע, „זאַרב על מחמד”. „אָט דאָ איז דאָס” — האָט מיר געזאָגט מיין פיהרער, אַן אַלטער, בכבוד׳ער ספרד׳ישער סוחר, וואָס האָט מיך באַגלייט אויף מיין „אידישער וואַנדערונג” דורך קאַירא.

„דאָס” — האָט געמיינט די שוהל פון ר׳ משה — די שוהל וואָס דער רמב״ם האָט געבויט און וואו עס שטעהט זיין קבר.

אַ מחנה אידען און אידענעס און קינדער — אַלע באָרוועסע, שמוציגע, מיט קראַנקע אויגען — האָט אונז תיכף באַלאַגערט. אַ פּאָר טויזנט העגט האָבען זיך אויסגעשטרעקט. און מיר האָבען גע־מוזט פּלאַסטערען דעם וועג צום רמב״ם מיט עגיפּטישע פּיאַסטערס.

אַ שוהל — אין אַן אייגענטימליכען אַלט־אָריענטאַלישען סטיל. ניט אַראַביש, ניט אין קיין איינציגען מיר באַקאַנטען סטיל. אפשר איז דאָס געווען דער אַלט־אידישער! זיי האָבען נאָך געדענקט אין יענע צייטען — די אידען פון מצרים!

אין אַ שטיבעל, הינטער דעם בית־המדרש — אַ מין עמוד. לעבען איהם, אויף דער וואַנט, אַ בילד פון דעם רמב״ם. גאָר אַנדערש ווי עס זעהט אויס אויף אונזערע בילדער. ניטאָ קיין ברייטע באָרד, ניטאָ דער טורבאַן. אַ קליין פּנים, אַ קליין גרוי בערדעל, דער לבוש אָריענטאַליש־שפּאַניש, ניט מצרי׳ש־אַראַביש. און אינגאַנצען — ערנסטער, פיינער, איידעלער און „מעגליכער”, ווי אונזערע רמב״ם־„בילדער”.

אונטער דעם פּאָרטרעט — אַן אויפשריפט. אין אַ שעהנעם, ריינעם און רייכען העברעאיש ווערט דערצעהלט דאָס לעבען פון ר׳ משה בן מימון, פון זיין געבורט אין קאָרדאָוואַ ביז צו זיין טויט אין קאַיראָ.

און ווייטער אַ חדר׳ל הינטער אַ פּאָרהאַנג. מיין ספרד׳ישער באַגלייטער וואַשט זיך די הענט — הויבט פּאָרזיכטיג אויף דעם פּאָרהאַנג — קושט די וואַנט — און בויגט זיך אַריין אין דעם חדר׳ל אַריין. ער פאַלט כמעט אויף די קני און דאַוונט. שטיל — קוים וואָס זיינע ליפּען ריהרען זיך — אָבער פון דעם ציטערען פון זיינע פּלייצעס, פון דער באַוועגונג פון זיין גאַנצען גוף האָט מען געקאָנט זעהן, אַז דאָס איז אַ תפילה פון זיין האַרץ אַרויס, אַ תפילה פון התלהבות. ער האָט געדאַוונט אויף דעם קבר פון דעם גרעסטען ראַציאָנאַליסט וואָס דאָס אידענטום האָט פּאַרמאָגט, פון דעם קלאָהרסטען דענקער — דער רמב״ם.

פאַר איהם — ווי פאַר אַלע אידען און אידענעס פון מצרים — איז דאָס ניט דער מימוני, דער פּאַרפאַסער פון דעם „מורה נבוכים״, דער אַריסטאָטעליקער, דער געלערענטער, דער מפורש — נאָר „ר׳ משה״, דער הייליגער, דער דאָקטאָר וואָס האָט געהיילט די שווערסטע קראַנקעביים לעבען — און קאָן היילען — אויך נאָכ׳ן טויט.

די איראָניע פון דעם לעבען. דער רמב״ם אַ קוואַל פון אָבער־גלויבען! אָבער איז ניט גרויסע פּערזענליכקייט אַן אַנהויב און אַ מעגליכקייט פון אַלערליי וועגען? האָט ניט דער ערשטער משה געפיהרט די וועלט אויף אַלע וועגען? צום סיני — צו דער גאָלגאָטאַ — קיין מעקאַ? אַלצדינג פון איהם, אפילו דאָס וואָס איז אַנטקעגען איהם.

און — „ממשה ועד משה לא קם כמשה״ — די וועגען פון דעם צווייטען משה, — משה וואָס איז ניט געבאָרען אין מצרים, נאָר געלעבט און געשטאָרבען אין מצרים, ניט ווייט פון גושן, אַ שפּאַן פון מעמפיס, — די וועגען פון משה בן מימון — זיינען גע־ווען שמאָלער, ענגער. זיי זיינען געבליבען אין דער אידישער גאַס. אָבער ניט אַלע וועגען זיינען נאָך דורכגעגאַנגען. און עס זיינען נאָך דאָ אַנהויבען ביי דעם רמב״ם, וואָס זיינען נאָך ניט פאַרענדיגט.

פון משה צו משה — דער ציקל פון מצרים איז פאַרענדיגט.

אויגוסט 29, 1926

# דער שטאַרבענדער ספינקס

פון מצרים, דעם אַלטען וואונדער־ און רעטעניש־לאַנד, קומט אַ ניי רעטעניש. בלויז ווייניגע, זעהר ווייניגע הערען איהם. און אויך די פאַרשטעהען איהם ניט, ווייסען ניט ווי אַזוי צוצוגעהן צו איהם: דער ספינקס שטאַרבט. דער אַלטער ספינקס — אַ קערפּער פון אַ לייב און דער קאָפּ פון אַ מענשען, וואָס שטעהט שוין ניט בלויז פיר טויזענט יאָהר, ווי נאַפּאָלעאָן האָט געזאָגט צו זיינע סאָלדאַטען אין מצרים — נאָר פינף, זעקס, און ווער ווייסט וויפיל נאָך טויזענטער יאָהרען, דער ספינקס וואָס איז געוואָרען אַ רעטעניש און אַ פראַגע־צייכען פאַר די דענקענדע צווישען די מענשען — ער שטאַרבט.

די גראַניט־סטאַטוע, האַלב־פאַרשאָטען פון זאַמד, טויזענטער יאָהרען אַרומגערינגעלט מיט זאַמד־כוואַליעס, האָט געפּלאַצט, איז געשפּאָלטען— און איין שעהנעם פריהמאָרגען — וועט זי צעפאַלען. און דער עלטסטער עדות פון דער וועלט־געשיכטע וועט אַראָפּ אין דעם תהום פון דער צייט.

ווען ער וואָלט געקענט רעדען — דער ספינקס פון גיזע! וואָס האָט ער שוין ניט געזעהן. מצרים — ווען די וועלט איז געווען נאָך יונג. אַזיע, ווען זי איז געווען אין איהר גרויסקייט. ער האָט געזעהן די פּרעה׳ס — און די היקסאָס — אָט די אַזיאַטישע פּאַס־טוכער, וואָס האָבען געהאַלטען מצרים עטליכע הונדערט יאָהר אין זייער מאַכט. האָט געזעהן די „האַבירו", די אַלטע „עברים", דעם מערקווירדיגען שבט, וואָס איז געקומען קיינער ווייסט ניט פון וואַנען — געשלאָגען זיך מיט יעדען וואָס האָט נאָר געוואָלט און דורכגעקעמפּט זיין וועג — פון דער מדבר, דורך דער מדבר — צו דער מדבר. געזעהן די קאַראַוואַנען פון חירם, דעם מלך פון צור, און דערנאָך אַלעקסאַנדער דעם גרויסען און זיינע סאָלדאַטען. קאַמביזעס דער פּערזער, צעזאַר דער רוימער, און דער טערק און דער אַראַבער און נאַפּאָלעאָן — אַלע זיינען געקומען צו איהם — און אַלע פאַרשטומט געוואָרען פאַר זיין טויטען, שטיינערנעם בליק — און געפרעגט זיך דאָס אַלטע, דאָס אייביגע רעטעניש: — פון וואַנען און וואוהין — וואו איז דער זין און וואָס איז דער תכלית פון דעם לעבען?

גערפרעגט — און אַוועקגעגאַנגען אָהן אַן ענטפער. מיט פאַר־צווייפלונג — און מיט האָפענונג. פאַרצווייפלונג, ווייל דאָס לעבען איז שטום — האָפענונג, ווייל עס איז אייביג. לעבט דער שטיי־נערנער ספינקס — הייסט עס, אַז עס איז דאָ עפעס אַ פעסטקייט, אַ באַשטענדיגקייט.

וואָס די מצריים האָבען זיך געטראַכט דערביי, ווען זיי האָבען געשאַפען דעם ספינקס — ווייסען מיר ניט. אפשר האָבען זיי גאָר ניט געטראַכט. עס איז זעהר מעגליך, אַז די אַלטע עגיפטישע קינסטלער האָבען בלויז געוואָלט פאַרקערפערען דעם געדאַנק פון שטאַרקייט און גרויסקייט, פון די צוויי עלעמענטען אין דעם מענ־שען: דעם כח פון דעם לייב און דעם קאָפּ פון אַ מענשען.

וואָס די עגיפּטער האָבען ניט דערזאָגט, האָבען אַנדערע וויי־טער געשפונען. די גריכען האָבען אַריבערגענומען דעם ספינקס און האָבען איהם דערהויבען צו אַ סימבאָל. צווישען די בערג, פאַר דעם באַרג־טויער, וואָס האָט געפיהרט צו דער שטאָדט טעבען, איז געשטאַנען אַ ספינקס: אַ לייב מיט דעם קאָפּ פון אַ פרוי. און יעדער מענש וואָס איז פאַרבייגעגאַנגען האָט געמוזט ענטפע־רען דעם ספינקס אויף זיין רעטעניש: „וואָס איז דאָס, אינדער־פריה אויף פיר פיס, מיטאָג אויף צוויי, אָווענטס אויף דריי?" און ווער עס האָט ניט געקאָנט ענטפערען — האָט איהם דער ספינקס דערשטיקט מיט זיינע לייבען־קלויען און אַראָפּגעוואָרפען אין דעם אָפּגרונט. ביז עדיפּ האָט געטראָפען דאָס רעטעניש און דער ספינקס האָט זיך פאַר יאוש אַליין אַריינגעוואָרפען אין דעם תהום. דער ענטפער איז געווען: דער מענש, אין דער קינדהייט קריכט ער אויף אַלע פיר, דערוואַקסען — שטעהט ער אויף צוויי פיס, אַלט — אָנגעבויגען אויף אַ שטעקען.

אַ פרימיטיוו, אַ קינדיש רעטעניש, אָבער טאַקע ווייל אַזוי פרימיטיוו — אויך אַזוי טיף, אַזוי פאַראַנקערט. דאָס ערשטע מאָל ווען דער מענש האָט זיך פאַרטראַכט — וואָס איז דער מענש? חיה פון דעם אָנהויב, חיה אין זיינע אינסטינקטען, אין זיין באַ־געהר. און פאָרט — ניט חיה, פאָרט מעהר ווי חיה. ווען ווערט די חיה מענש? כל־זמן דאָס רעטעניש איז ניט געלייזט, איז דער מענש הילפלאָז, דריקט איהם די חיה, פאַרשלינגט איהם דער תהום. ער ווערט בלויז פריי, ווען ער פאַרשטעהט זיך אַליין, און דעמאָלט פאַרשווינדט די חיה.

פון דעם אַלטען טעבאַנער גריכיש־אָריענטאַלישען, אין דעם אָפּגרונט פון די צייטען זיך פאַרלירענדיגען רעטעניש איז אויס־געוואַקסען די מענשליכע קולטור. און אויף וואָסערע וועגען דאָס מענשליכע דענקען זאָל זיך ניט פאַרקירעווען און פאַרבלאָנדזשען, תמיד דרעהט עס זיך אַרום דעם אייגענעם, דעם אייביגען פונקט — דעם רעטעניש פון דעם ספינקס: וואָס איז דער מענש?

מען קאָן ניט תמיד פרעגען די אייגענע קשיא. מען וויל ניט זיין ווי דער מענש אין היינע׳ס ליד, דער מענש וואָס זיצט אויף אַ שטיין ביים ברעג פון דעם גרויען, רוישענדען ים און פרעגט: פון וואַנען און וואוהין? — פרעגט — און „נאַר אַ נאַר וואַרט אויף אַן ענטפער״.

דער מענשליכער געדאַנק האָט זיך אויסגעוויקעלט. מיד גע־וואָרען פון אַריינקוקען מיט אַ שפּאַקטיוו, מיט אַן איבער־מיקראָס־קאָפּ אין די אייגענע טיפענישען, האָט ער זיך אַ דרעה געטאָן אַן אַ זייט און האָט אָנגעהויבען פרעגען און זוכען — אַרום איהם. הימעל און ערד — ים׳ען און בערג, די נאַטור פון זאַכען און די זאַכען פון דער נאַטור — ער איז אַרויס פון דער ענגקייט, פון דעם טעבאַנישען באַרג־וועג אויף דער ברייטער, פרייער פלאַך. עס איז אַ גרינגערער וועג. עס איז גרינגער צו פאָרשען דאָס לעבען פון קרישטאָלען — ווי דאָס לעבען פון אַ מענשען. עס איז אפשר מעגליך — אפשר — אויסצוגעפינען די לעצטע עלע־מענטען פון אַן אַטאָם, אָבער עס איז אוממעגליך צו געפינען אַ שליסעל צו זיך אַליין, צו אָט דעם לעבעדיגען „איך״, וואָס איז דער סוד פון אַלע סודות, דער אָנהויב פון אַלע אָנהויבען, דער צענטער פון יעדער שאַפונג און אויך איהר איינציגער זין.

דער ספינקס איז פאַרשאָטען געוואָרען פון זאַמד — שוין פאַר די לעצטע זעכציג־זיבעציג יאָהר. די וועלט האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט אויף יעדער חקירה, אויף אַלע פילאָזאָפיעס. זיי זיינען „אומפּרוכטבאַר״, זיי פיהרען צו גאָרנישט, זיי זיינען בלויז ווערטער און זאַמד־בנינים. פאַקטען — פאַקטען — דאָטען — קאָנקרעט, גוף, סאָליד, מאַטעריע. אַלצדינג, וואָס מען קאָן ניט זעהן מיט׳ן אויג, וואָס מען קאָן ניט אונטערזוכען אין דער לאַבאָראַ־טאָריע, וואָס קאָן ניט ווערען קיין אָביעקט פאַר עקספּערימענט — באַלאַנגט ניט צום וויסען, צו וויסענשאַפט — דאָס אַלץ איז „לי־טעראַטור״.

און מעהר אָדער ווייניגער, אין אַזאַ גראד צי אַן אַנדערען, זיינען מיר אַלע מאַטעריאַליסטען, געהען מיר נאָך דער שיטה פון דער „מענש־מאַשין״, דער לעצטער, אָבער שטאַרקסטער, אַנטי־ספינקס שיטה. דער מענש איז אַ מאַשין. אַ שפיל פון אַטאָמען, פון כחות, אַן אָרגאַניזאַציע פון געוויסע מאַטעריעלע כחות. מיר קאָנען זיי ניט באַרעכענען — דערווייל — אָבער בלויז דערפאַר וואָס אונזערע אינסטרומענטען זיינען ניט פיין גענוג; דערווייל, ווייל אונזער מעטאָדע איז ניט שאַרף און ניט ריכטיג. אָבער פריהער אָדער שפּעטער — וועט מען קומען צו דעם לעצטען יסוד — און דער מענש וועט פאַר אונז ווערען קלאָהר — ווי אַ מאַשין.

אמת — אויך דאָ דערהויבט דער ספינקס זיין קול: נו, און אַ מאַשין, ווייסען מיר טאַקע איהר לעצטען יסוד? מיר זעהען זי בלויז, מיר פאַרשטעהען ביז צו אַ געוויסער גרעניץ איהר אַרבייט, איהר פּרינציפּ — אָבער הייסט דאָס טאַקע פאַרשטעהן? און ווען מיר רעדען פון עלעקטריציטעט, אָדער פון קראַפט, פון ענערגיע א. אַז. וו., ווייסען מיר דען פון וואָס מיר רעדען? זיינען דאָס אויך ניט בלויז ווערטער, וואָס פאַרדעקען מעהר ווי זיי עפענען דעם געהיימען זין פון דער וועלט? און ווען מיר זאָגען „ענטוויקלונג״ — ווייסען מיר דען וואָס דאָס מיינט? ענטוויקלונג — צו וואָס, פון וואָס, פאַר וואָס?

אָבער פאַרט — מיר זיינען פּשוט מיד געוואָרען פון דעם אייביגען גריבלען זיך און גראָבען אין טיפענישען, גראָבען אין דער פינסטער, און איידער צו זוכען און קיינמאָל ניט געפינען — זוכען מיר מעהר ניט. ערגיץ — אין שטילען, אין די באַהאַלטע־נישען פון דעם מח — אָדער פון דעם האַרצען, ווי עס הייסט אין דער באַנאַלער שפּראַך — זיינען נאָך פאַרבאָרגען די פראַגע, די בענקשאַפט נאָך דעם שטיינערנעם ספינקס. ערגיץ אין אונז געהט נאָך אַלץ ווייטער אָן דער אוראַלטער קאַמף צווישען חיה און מענש. יעדער מוז איהם אויפנעהמען — פאַר זיך. יעדער מוז לייזען און פאַרענטפערען די ספינקס־קשיא — פאַר זיך. אָדער ער געהט־אונטער, אָדער די חיה געהט־אונטער. און ווען דער קאַמף ווערט צו־שווער — זוכט מען אַ קאָמפּראָמיס, זאָגט מען זיך: נו יאָ, חיה. און אַז חיה, איז וואָס? וואָס איז אונזער יחוס אַזוי גרויס? פאַרוואָס מוז מען אין זיך דערשטיקען, אונטערדריקען דאָס טיפסטע, דאָס נאַטירליכסטע, דאָס בלוט־און־פלייש? מיט וואָס איז

דר. א. קאָראַלניק

דאָס קליין ליכטעלע, וואָס ברענט ערגיץ אין אונז, ווערטפולער פון דעם גרויסען, שעהנעם לייכטער, וואָס מיר זעהען, קאָנען אָנריהרען, דעם שעהנעם לייכטער פון אונזער גוף?

און — עס וואַקסט אויס די לעהרע פון דער „בלאָנדער בעס־טיע". דער גרעסטער עדיפּ פון אונזערע צייטען, דער איינציגער וואָס האָט אַזוי טראַגיש דערפיהלט דאָס שטעכענדיגע, פאַרשטיי־נערענדיגע, טויטענדיגע, אויג פון דעם ספינקס — ניעטצשע — האָט ניט געקאָנט געפינען קיין אַנדער ענטפער, קיין אַנדער אויס־וועג, ווי צו שרייען דעם ספינקס אין פּנים אַריין: „שרעק מיך ניט, פרעג מיך ניט, איך האָב ניט קיין מורא פאַר דיר. דו פרעגסט, וואָס איז דער מענש? און איך זאָג דיר — דער מענש איז גאָר־נישט, דער מענש מוז ערשט ווערען". און עס האָט זיך פון דעם באַרג סילז־מאַריאַ דערטראָגען דאָס קלינגענדיגע, פּאַטעטישע, פאַרצווייפעלטע וואָרט: דער איבערמענש.

דער מענש מוז אונטערגעהן, דער איבערמענש מוז געבוירען ווערען.

און דער ספינקס האָט ווייטער געפרעגט: און וואָס איז דער איבערמענש? ניעטצשע האָט ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערען און דער ספינקס האָט איהם פאַרשלונגען.

עס איז שטיל געוואָרען. מיר זיינען מיד געוואָרען. דער ספינקס אויך. פרוכטלאָז צו פרעגען — ווייל עס איז ניטאָ קיין ענטפער. און דער ספינקס האָט זיך פאַרבענקט נאָך דעם סוף. דער אייביגער עדות וויל קיין עדות מעהר ניט זיין. פון מענשענ־האַנט געמאַכט — וויל ער זיין ווי אַלצדינג וואָס מענשען האָבען געשאַפען: אַ זאַך, און יעדע זאַך וואָס האָט אַן אָנהויב, האָט אַ סוף. אָבער וואָס האָט ניט קיין אָנהויב?

און ווען דער ספינקס וועט צעשפּרינגען — ווען דער זאַמד וועט פאַרדעקען די פרעגענדיגע אויגען — וועט דען די פראַגע אין אונז אַנטשטומען?

דאָס לעבען געהט זיין וועג. ווייטער מדבר, ווייטער זאַמד — אין איינזאַמקייט און צייט — און פון דער צייט אַרויס צוויי שטיינערנע אויגען וואָס פרעגען: וואָס איז דער מענש? און אַזוי — ביז צום סוף פון די צייטען, ביז דער זאַמד וועט אויסרינען.

אָקטאָבער 10, 1925

# דער נעקראָפּאָל פון קאַיראָ

אייגענטליך פאַרשטעהען מיר ניט — די צפון׳דיגע, די פון קעלטערע לענדער, פון גרויערע הימלען — פאַרשטעהען מיר ניט, וואָס דאָס מיינט לעבען. ווייל מיר האָבען ניט קיין באַציהונג צו דעם טויט. ווער טראַכט ביי אונז פון איהם? מען שטופּט־אָפּ דעם געדאַנק, מען פאַרטויבט זיך, און ווען עס קומט דערצו — גיך, גיך זיך אָפּגעזעגענט און פאַרגעסען.

אין דעם מזרח, דאָרט, וואו די זון שיינט, דאָרט וואו דאָס לעבען שטראַלט, איז דער טויט נעהענטער, היימישער, שטענדיג פאַר די אויגען פון די לעבענדע. ער איז דאָרט שטאַרקער ווי דאָס לעבען אַליין, און דערפאַר ווייניגער דערשרעקענד. איך געדענק נאָך מיין ערשטען איינדרוק — מיט יאָהרען צוריק — אין אַ קליינעם שטעדטעל ערגיץ אין דער טערקיי. שטעהען זיך הייזלאַך אויף אַ באַרג, ווייסע, מיט פלאַטשיגע דעכער; אַרום די הייזער פלאַטאַנען, ברייט־בלעטערדיגע; אַ גאָרטען, אַ פאָנטאַן. און אין דעם גאָרטען אַ פּאָר מצבות. איינע מיט אַ טורבאַן — די מצבה פון אַ מאַן; אַן אַנדערע מיט צוויגען — אַ קינד, א. אַז. וו.

עס איז דער פּריוואַטער בית־עולם פון דער משפחה. זיי גע־זעגענען זיך ניט אויף אייביג, אָט די טערקישע פּויערים, מיט זייערע טויטע. זיי האָבען בלויז אַריבערגעטראָגען זייער וואוינונג — פון דעם הויז אין גאָרטען אַריין, פון איין שטוב אין אַ צווייטער.

און אָט בין איך אין דעם קלאַסישען לאַנד פון טויט — אין מצרים. דאָרט איז שטאַרבען אַ קולט, אַ קונסט. דאָרט איז דער הויפּט־זין פון דעם לעבען שטענדיג געווען — דער טויט.

געוואַלדיגע פּיראַמידען, איינבאַלזאַמירטע קערפּערס, דער גאַנצער ציל פון דעם מענשען — בעסער באַגראָבען צו ווערען, צו בלייבען אויף „דערנאָך". עס איז דאָס לאַנד פון די נעקראָפּאָלען — די טויטע שטעדט.

איך האָב שוין אַמאָל געשריבען — די פּיראַמידען האָבען אויף מיר ניט געמאַכט דעם איינדרוק, וואָס איך האָב ערוואַרט. מען האָט צופיל גערעדט פון זיי, צופיל זיי פּאָעטיזירט. אַלצדינג,

וואָס מען האָט געקאָנט פּיהלען אָדער טראַכטן וועגען זיי, איז שוין אָפּגעפּיהלט און אָפּגעטראַכט געוואָרען פריהער, איידער די שטיינערנע מצבות האָבען זיך אָוועקגעשטעלט פאַר דעם אויג.

און דאָ זענען שוין בלויז שטיינער. קיינער איז ניטאָ דאָרט — בלויז אַ מצבה, אָהן איהר אינהאַלט, אָהן איהר זין.

און איך געה אין דעם אמת׳ען נעקראָפּאָל פון קאַירא. איהר פאָהרט־אַרויס פון דער אַלטער שטאָדט, פאַרביי די וואונדערבאַרע מאָשעען — די בלויע, די אַלאַבאַסטערנע, פאַרביי דעם רעש׳יגען, פאַרביגען לעבען פון דער אַלטער, אייביג־נייער מזרח־וועלט. און איהר פאָהרט־אַריין אין אַ געסעל — דער וואָגען קירעוועט זיך אויס. איהר זענט אין אַ נייער שטאָדט. אַ לאַנגער וועג — אַ גאַס, מיט געסלאַך און ווינקעלאַך; אַ לאַנגע, געלע וואַנט, און הינטער דער וואַנט — הייזער, גרויסע, קליינע, רייכע, אָרימע, מאַרמאָרנע, ליימענע, מיט פאַרצירונגען און באַפּוצונגען און אָהן שום קונצן אָבער אומעטום די אייגענע פאָרם: אַ קיילעכדיגער דאַך, ווי אַ קופּאָל — די פאָרם פון אַ מאָשעע. עס איז שטיל אין דער גרויסער שטאָדט. מען הערט ניט קיין שאָרך. בלויז דאָ און דאָרט געהט אַן אַראַבער, אָדער אַן אַראַבערין מיט בלומען אין די הענט, מיט פּאַלם־צווייגען. געהט פּאַמעלאַך, אָהן צער אויף דעם פּנים, אָהן טרערען אין די אויגען. געהט־אַריין ערגיץ אין אַ געסעלע, שליסט־אויף אַ טיר — און פאַרשווינדט ערגיץ אין אַ הייזעל.

אין אַ קורצער צייט אַרום זעהט איהר זיי צוריקקומען — מיט ליידיגע הענט — מיט דער זעלבער רוהיגקייט און זיכערקייט און שעהנקייט פון דעם גאַנג.

זיי זיינען געוועזן ביי זייערע טויטע. ביי זייערע עלטערען, אָדער קינדער, ביי זייערע זיידעס און באָבעס, ביי דורות און דורות. זיי זיינען געוועזן ביי די קוואַלען.

עס איז געוועזן גראָד דער יום־טוב פון „קורבאַן־באַיראַם" (קרבן אברהם), און אָריענטאַלען האָבען ליב יום־טובים. זיי האָבען זעהר ליב ניט צו טאָן. זיי געפינען תמיד אַ תירוץ צו זיצען אין דער זון, טרינקען שוואַרצע קאַפע, רויכערען די נאַרגילע און שווייגען. און זיי האָבען ליב דעם איבערגאַנג פון טרויער צו פרייד, צו דער טומעלדיגער, שטורמישער, קאָלעקטיווער שמחה.

די טויטען־שטאָדט איז געוועזן שטאַרק באַזוכט. צו־פוס און

אויף וואָגענס, אפילו אויף אויטאָמאָבילען — מחנות זיינען געגאַנגען — אין די פריהע מאָרגען־שעה׳ן. דער טראַמוואַי האָט זיך אָפּגעשטעלט פונקט ביים טויער פון דעם געסעל, וואָס פיהרט צו דער טויטען־שטאָדט. און יעדער טראַמוואַי האָט אויסגעשיט מענשען.

אָבער אפילו דעמאָלט האָט מען ניט געהערט קיין קול. שטיל, געלאַסען, יראת־הכבוד׳יג. מען איז אַרויסגעגאַנגען פון דער לעבעדיגער שטאָדט און אַריינגעגאַנגען אין דער טויטער — און זי האָט איהרע אייגענע געזעצען, איהר אייגענעם סטיל.

אָבער, אין די שפּעטע נאָכמיטאָג־שטונדען; אָבער דעמאָלט, ווען דער מענשען־טייך ווערט דינער, ווען די אַראַבער געהען ניט מעהר צו די טויטע!

די שטאָדט באַקומט דעמאָלט אַ גאַנץ אַנדער אויסזעהן. זי באַפרייט זיך פון די לעבעדיגע, זי הויבט־אָן צו פיהרען איהר אייגען „לעבען״. איהר געהט־אַריין אין אַ געוועהנליכען בית־עולם. און עס ווערט אַזוי אומעטיג. שטיינער שטעהען איינער לעבען דעם צווייטען. יעדער פּאָר זיך — שטיינער צווישען שטיינער, אָפּגעטיילט אין דעם טויט, ווי זיי זיינען געווען אָפּגעטיילט אין דעם לעבען, אָהן אַן אָרגאַנישער פאַרבינדונג. אַטאָמען. און מען ווייסט ניט — צוליב וואָס שטעהען זיי דאָ? ווער דאַרף זיי? צוליב וואָס די דאָזיגע באַנאַלע אויפשריפטען, וואָס ווילען זיין כלומר׳שט אינדיווידועל און זיינען — שאָטענדיג.

דער נעקראָפּאָל פון קאַירא טרייבט ניט אַרויף קיין מרה־שחורה. פאַרקערט, איהר פאַרגעסט אינגאַנצען אָן דעם טויט. איהר זענט אינמיטען פון דעם לעבען. די אייגענע ערד. די אייגענע הייזער, נאָר יום־טוב׳דיגער; אַלצדינג, ווי דאָרט, הינטער דעם געסעל, נאָר רוהיגער, נאָר אָהן דאגות, נאָר טיפער. און עס ווערט קלאָר דער סוד פון דעם טויער, דער סוד פון דעם, וואָס מצרים האָט געוואוסט מיט טויזענטער יאָהרען צוריק: אַז „עס״ ענדיגט זיך ניט — קיינמאָל ניט — און אַז דאָס, וואָס מיר רופען־אָן לעבען, איז בלויז אַ דורכגאַנג. אַ טויער. פון איין פאָרם צו אַן אַנדערער. ניט מעהר. און מיר ווייסען אַזוי ווייניג וועגען דעם, וואָס איז „דערנאָך״, פונקט אַזוי ווייניג, ווי פון דעם וואָס איז — „איצט״. און מען פאַרשטעהט, אַז ניט דער „טויט״ איז אַ סוד, נאָר דאָס לעבען.

אָקטאָבער 29, 1926

# דער קאַמפּאָ סאַנטאָ פון גענואַ

עס איז מערקווירדיג, אַז פון אַלע שטעדט פון איטאַליע, איך וואָלט געזאָגט — פון אַלע שטעדט אַרום דעם מיטעללענדישען ים — האָט בלויז איין גענואַ אַריבערגענומען דעם מזרח־שטייגער. די טראַדיציע פון נעקראָפּאָל. דאָ און דאָרט, אין איטאַליע, זיינען פאַראַן אינטערעסאַנטע, כאַראַקטעריסטישע בית־עולמ׳ס, למשל אין פּיזאַ, אין דער אַלטער, קליינער שטאָדט ביי פלאָרענציע, דער שטאָדט פון גאַלילעאָ.

אָבער דער „קאַמפּאָ סאַנטאָ״ אין פּיזאַ איז — איך וואָלט געזאָגט — אַ טויטע זאַך, אַ מוזעי מיט אַלטע מאַלערייען און פרעסקען, ניט מעהר קיין בית־עולם, וואָס האָט אַ שייכות מיט דעם מענשען אַצינד. אַ היסטאָרישער פאַקט, ניט קיין ווירקליכקייט. און אויך דאָס ביסעלע, וואָס איז פאַרבליבען אין פּיזאַ, קומט דערפון, וואָס זי איז אַמאָל, אין דעם דרייצעהנטען און פערצעהנטען יאָהרהונדערט, געוועזען אַ האַנדעל־שטאָדט מיט מזרח־פאַרבינדונגען. אָדער אפשר דערפאַר, וואָס אין איהר האָבען לענגער געלעבט די טראַדיציעס פון די עטרוסקער, פון אָט דעם מערקווירדיגען, פאַרשוואונדענעם פאָלק, וואָס האָט אויסגעבויט אַ קולטור נאָך איידער רוים איז געקומען אויף דער וועלט; אַ פאָלק, וואָס האָט זיכער אויך זיינע וואָרצלען פון דעם נאָהענטען מזרח.

גענואַ אָבער איז געבליבען אַ ים־שטאָדט, אפשר די איינציגע אין איטאַליע, וואָס שטעהט אין טאָג־טעגליכע באַציהונגען מיט אַזיע און אַפריקע. די גאַנצע שטאָדט טראָגט אַן אייגענאַרטיגען, האַלב־אָריענטאַלישען כאַראַקטער. ענגע, שמאָלע געסלאַך, וואו מען זעהט כמעט קיינמאָל ניט די זון; אַרקאָדען, הייזער מיט פינסטערע טרעפּ און טיפע קעלערס. עפּעס אַ גייסט פון אַוואַנטיורע, פון ים־פאָהרער, פון ים־פּיראַטען, אַ ריח פון בשמים, וואָס קומען פון אַזיע, אַן אַטמאָספערע פון לעגענדע און אומווירקליכקייט.

און גענואַ האָט — די איינציגע שטאָדט אין אייראָפּע — אויסגעבויט אויף מערב׳דיגער ערד אַ שטאָדט פאַר טויטע.

עס איז דער גרעסטער חידוש פון גענוא. דערמאָנט מען דעם נאָמען פון דער שטאָדט, קומען אויפ׳ן זכרון תיכף אַ פּאָר נעמען: די דזשען, מאַרינאַ פּאַליערי, קאָלומבוס, וואָס איז כלומר׳שט אַ גענועזער; און דערנאָך, און הויפּטזעכליך: דער „קאַמפּאָ סאַנ־טאָ״, דאָס הייליגע פעלד — דער בית־הקברות.

און דאָס ערשטע, וואָס די פּיהרער ווייזען אייך אין גענוא, איז טאַקע דער „קאַמפּאָ סאַנטאָ״.

וואָרים ווייטער איז דאָרט כמעט ניטאָ וואָס צו זעהן. די פּאָר אַלטע פּאַלאַצען, וואָס זיינען פאַרבליבען פון אַמאָל, זיינען היינט פאַרדונגען געוואָרען פאַר באַנקען אָדער אַנדערע האַנדעלס־אונ־טערנעהמונגען. די קונסט? די גענועזער האָבען ניט געקאָנט אַנטוויקלען קיין גרויסע קונסט — זיי זיינען געוועזן צו־שטאַרק באַשעפטיגט מיט פאַרדינען געלד, מיט מסחר און ים־רייזען. דאָס איינציגע בילד, וואָס איז ווערט צו זעהן אין דעם מוזעי פון גענוא, איז אַ בילד פון קאַרלאָ דאָלטשי — אַ „פּאָרטרעט״ פון דעם עוואַנגעליסט לוקאַ, אָדער מאַרק — איך געדענק שוין ניט אַקוראַט. און דאָס ניט, ווייל דאָס בילד איז אַזוי גוט. קאַרלאָ דאָלטשי איז — ווי זיין נאָמען „דאָלטשי״, דער זיסער, באַטייט — אַ זעהר זיסער, זעהר סענטימענטאַלער מאַלער. ער מאָלט תמיד אַזוי „הימליש״, תמיד בלוי, תמיד אויסגעפּוצט, תמיד „שעהן״, און דערפאַר אויך באַנאַל.

דאָס אייגענטימליכסטע פון דעם קאַרלאָ־דאָלטשי בילד איז דאָס, וואָס עס איז כמעט אַ לעבעדיגער „פּאָרטרעט״ פון קאַרל מאַרקס. ממש צוויי טראָפּען וואַסער. דער אַלטער עוואַנגעליסט, דער פּרעדיגער פון אַ נייעם רעוואָלוציאָנערען גלויבען, דער משיח־פּרעדיגער, דער פּראָפּאַגאַנדיסט פון דער בונט־אידייע, זעהט־אויס פּונקט ווי קאַרל מאַרקס — דער ברענגער פון דער נייער רעוואָלו־ציע פון באַפרייאונג און פון סאָציאַלען משיח׳טום.

קאַרלאָ דאָלטשי האָט זיכער געמאָלען זיין פּאָרטרעט פון עפּעס אַ אידען, וואָס איז געווען זיין מאָדעל. און ווער ווייסט, צי דער דאָזיגער איד האָט ניט געהאַט אין זיך דאָס אייגענע רעוואָלוציאָ־נערע בלוט, ווי דער אַלטער עוואַנגעליסט. און ווער ווייסט, צי עס ציהט זיך ניט אַ פאָדים פון דעם דאָלטשי־מאָדעל צו דעם אידען קאַרל מאַרקס.

אויסער דעם איז אין גענוא באמת גאָר ניטאָ וואָס צו זעהן.

און צי מען וויל, צי מען וויל ניט — מען מוז געהן אויף דעם „הייליגען פעלד". אַ פעלד? עס איז אַ שטאָדט פאַר זיך — אַ שטאָדט ניט ווייניגער רעאַל, ווי גענוא גופא, נאָר שעהנער, נאָר ווירקליכער.

אויף ענגע געסלאַך, און נישען, און אַרקאַדען, באַרג און טאָל; אויף אָרים און רייך, פּאָמפּ און באַשיידענקייט אין דעם לעבען, ווי אין טויט. און נאָך בולט'ער אין דעם טויט, ווי אין דעם לעבען. אַרום דעם צענטראַל־פּלאַץ — אַ לאַנגע רייהע פון גאַלערייען, וויגקעלאַך, שטיינער אין די ווענט, פּליטעס אויף דעם דיל. יעדער שטיין אַ וואוינונג. אונטער יעדען שטיין אַ מענש. אַן אויפשריפט. געוויינליך, לעבען דער אויפשריפט, אויף דער וואַנט, אַ בילד, אַ פּשוט'ע פאָטאָגראַפיע פון דעם טויטען מענשען. אַ פּאַטעטישע אויפשריפט און אָפט — אַ וואולגאַר פּנים. עפּעס אַ דיקער איטאַליענער מיט שוואַרצע וואָנצעס און רינגלאַך אויף די פינגער; אָדער אַ פעטע איטאַליענערקע מיט לאַנגע אוירינגלאַך.

דאָס איז די „קליינבורזשואַזיע". די גרויסבורזשואַזיע, די אַריסטאָקראַטיע, זי האָט זיך איהרע „פּאַלאַצען". גאַנצע הייזער, קאַפּעלען, וואונדערבאַרע סטאַטוען, פּאַעמען אין מירמעלשטיין. אַרום די ווייסע, מירמעלשטיינערנע הייזלאַך, בלומען, און אינעווייניג, דורך די אייזערנע גראַטעס, לייכט זיך אַ לעמפּעלע — דאָס אייביגע ליכט. עס פלאַקערט אין דעם גאַנצען קאַמפּאָ סאַנטאָ פון די נשמה־ליכטלאַך. און מענשען אין שוואַרצען געהען־אַרום און פּילען־אַן די לעמפּעלאַך מיט פרישען בוימעל — זיי זאָלען ניט אויסגעהן, זיי זאָלען ניט אויסגעלאָשען ווערען.

אַמאָל זיינען עס אייגענע, וואָס קומען יעדען טאָג, אָדער איין מאָל אַ וואָך. געוויינליך, זיינען עס די אַנגעשטעלטע פון דעם בית־עולם, וואָס גיבען אַכטונג אויף דעם פייער, דעם נשמה־פייער — עס זאָל נאָך לייכטען.

עס ציהען זיך דורות נאָך דורות — ביז — פּלוצלינג שטעהט איהר פאַר אַ מערקווירדיגער „מצבה": אָדם הראשון. ניט מעהר און ניט ווייניגער.

ער איז דער סימבאָל פון דעם טויט. דער מענש, דער ערשטער, וואָס איז געשטאָרבען.

אַ שטאַרקער, נאַקעטער מענש, מיט לאַנגע האָר, לאַנגע נעגעל, אָנגעשפּאַרט אויף אַ שטעקן קוקט־אַראָפּ צו דער ערד, גלייך ווי ער וואָלט באַטראַכט דעם לאַנגען,ברייטען בית־עולם — קוקט מיט טרויער און יסורים. אויף דעם שטיין איז אויסגעקריצט דער פערז: „סאָל פער מיאָ קולפּאָ קווי לאָ מאָרטע אימפּעראָ״ — בלויז איבער מיין שולד הערשט דאָ דער טויט!

דער מזרח איז שוין פאַרשוואונדען. דער מערב מיט זיין פאַרגעטערונג פון דער פאָרם — און דערפאַר פון דעם לעבען — האָט דאָ געפונען זיין פּלאַסטישען אויסדרוק: אָדם — דער מענש — איז שולדיג אין דעם טויט, גלייך ווי טויט איז זינד, און גלייך ווי עס איז אַ שטראָף צו שטאַרבען!

גענואַ האָט איבערגענומען די טראַדיציע פון דעם מזרח, אָבער דער גייסט איז פון מערב. אייראָפּע האָט פאַרגעסען דעם סוד פון דעם טויט — און דערפאַר אויך פון דעם לעבען . . .

אָקטאָבער 30, 1926

# אויף דעם אינזעל פון ליבע

(אַ בלעטל פון קיפּר)

אַזוי שטראַלענד די זון, אַזוי טיף־בלוי דער ים, אַזאַ שמייכעל און יום־טוב אַרום — וואָס פאַר אַ וואונדער, וואָס זי איז דאָ גע־בוירען געוואָרען, פון דעם ים אַרויס און ווייסען שוים, אָט דאָ, ביי דעם ברעג פון דעם אינזעל? זי — מיט די טויזענט נעמען — די „אַלזועהענדיגע", די „שטערענדיגע", די „מענשען־ראַטעווענ־דיגע", די „מענער־פאַרדאַרבענדיגע", אישטאַר, עשתורת, בעלת, ווענוס־אַפראָדיטע, און פון אַלע נעמען דער שעהנסטער — אַפראָ־דיטע נאָך דער פאַלשער, אָבער אַזוי שעהנער און צאַרטער, קינסט־לערישער אויסטייטשונג פון דעם וואָרט: „די פון שוים געבוי־רענע". און אָט דאָ, דערצעהלען זיי, איז זי געבוירען. דאָ, וואו דאָס ווייס־פאַרהאַנגענע, מיט אַ זיידענער חופּה איבערגעדעקטע שיפעל, פירט מיך פון דער גרויסער שיף צו דעם ברעג פון דער אינזעל קיפּראָס, דער אינזעל פון ליבע. אָט דאָ איז זי אַזוי פּלוצ־לינג אַרויס פון דעם ווייסען שוים, און געלאַכט אין דער זון.

און איך פאָהר צו דער אינזעל, וואו די ליבע איז געבוירען געוואָרען.

אַ גאַנצע גרופּע פּאַסאַזשירען מיט מיר. דריי גריכישע גלחים מיט שוואַרצע בערד, אַן ענגלענדער מיט נאַקעטע פיס אין סאַנדאַלען; אַ לאַנגער, משונה'דיגער, דאַרער ענגלענדער, וואָס זעהט אויס ווי אַ אינגעל און איז שוין מן הסתם אַלט אַרום זעכציג יאָהר; עס פאָהרט אַ ציוניסט פון ניו יאָרק און צוויי דאַמען — איינע מיט ברילען און אַ קלייענדיגע, די צווייטע — אַ וויענער „שוועסטער" אָדער באַבע, מיט דעם זיכערען, פעסטען גאַנג און דער בּרייט־טאָנעדיגקייט פון אַ האַלבער דאָקטאָרקע.

איך דערפרעג זיך ביי מיינע מיטרייזענדע, וואָס פיהרט זיי קיין קיפּראָס, וואָס אינטערעסירט זיי דאָרט? ענטפערט מיר דער ציוניסט, אַז ער געדענקט דאַוויס טריטש'ס „ציפּערן־פּלאַן", און ער וויל זעהן פאַרוואָס ער איז ניט געראָטען. טריטש האָט אַמאָל געהאַט אַ פּלאַן, איינעם פון זיינע פאַרשיידענע,

מאָדנע פּלענער, „אויסצושפּרייטען" ארץ־ישראל, נאָך אײדער עס איז געװען װאָס אויסצושפּרייטען, און באַזעצען דאָרט אידען. האָט דער ניו יאָרקער ציוניסט קיין אַנדערע זאָרגען ניט, ווי אויסצופאָרשען פאַרוואָס טריטש איז דורכגעפאַלען מיט זיין פּלאַן.

דער ענגלענדער מיט די שטעקלעכדיגע ביינער האָט געשעפטען אין דער ענגלישער קאָלאָניע. ער וויל אָטעמען „היימישע לופט", זאָגט ער. און די צוויי דאַמען — זיי ווייסען אַליין ניט צוליב וואָס זיי פאָהרען, אָבער עפּעס ציהט זיי צו דער אינזעל; עפּעס לאָקט זיי. די שוים־געבוירענע רופט זיי, און זיי ווייסען אפילו ניט וועמעס קול דאָס איז.

לאַרנאַקאַ: דער ערשטער קיפּרישער פּאָרט.

שמאָלע גאַסען, לופטיגע, ציכטיגע, שטילע, און כמעט ווי אומווירקליכע. מעהר בילדער־בוך, ווי שטאָדט. אין דעם גאַנצען אָריענט, און אפשר אויך אין דעם מערב, ניט צו זעהן אַזאַ ריינקייט, ווי אויף די גאַסען, אין די הויפען, אין די קראָמען און הייזער פון לאַרנאַקאַ. און שטיל, גלייך ווי דאָס לעבען איז אַנטשלאָפען געוואָרען; גלייך ווי די שטאָדט חלומ'ט. און זי האָט פון וואָס.

זעהר גיך באַפרייט זיך פון דעם ציוניסט, אָבער די צוויי דאַמען, מיט די ברילען די איינע און די באַבעדיגע פון וויען, זיי האָבען געוואָלט האָבען אַ פיהרער, און דער גורל איז געפאַלען אויף מיר. אמת, איך האָב זיך אין זיי נוקם געווען און גאָר געפיהרט זיי אין אַלטע גריכישע קלויסטערס פון דעם הייליגען לאַזאַר און אַנדערע; געצוואונגען זיי איינצוהערען זיך אין לאַנגע אַרכעאָלאָגישע שמועסען צווישען מיר און דעם אויפזעהער פון מוזעי; געוואָרפען זיי אין קאָפּ אַריין אַלט־גריכישע קלאַסיקער און נייע אונטערזוכונגען איבער דער אָפּשטאַמונג פון די קיפּריאָטען. עס האָט ניט געהאָלפען. פרויען־געדולד האָט ניט קיין גרענעץ; זיי האָבען געליטען, אָבער ניט אָפּגעטראָטען פון מיר אויף אַ טריט. די קלייענדיגע מיט די ברילען פון איין זייט, די באָבע פון דער צווייטער, און מיר האָבען געשפּאַנט איבער די גאַסען פון לאַרנאַקאַ.

„ווייסט איהר, מיינע דאַמען, וואו איהר זייט איצט?" און נאָך אײדער די דאַמען זאָגען עפּעס אַ נאַרישקייט פון דעם אילוסטרירטען רייזע־פיהרער, דערצעהל איך זיי פון דער פאַרגאַנגענער גרויסקייט פון קיפּר, און פון די צוויי היפּוכים, וואָס האָבען זיך

דר. א. קאָראַלניק

באַגעגענט אויף דער אינזעל: דער סטאָאישער פילאָזאָף זענאָ און די ווייס־לייביגע, רויזען־פינגעריגע, גאָלד־האָריגע אַפראָדיטע, די ליבע.

עפענען די דאַמען אויף די אויגען ווייט און בעטען: „דער־צעהלט אונז וועגען דעם".

„וועגען וואָס? לאָמיר רעדען וועגען ליבע, מיינע דאַמען; לאָמיר רעדען וועגען אַפראָדיטע, אויף דער אינזעל, וואו די ליבע איז געבוירען געוואָרען".

ענטפערט מיר די מיט די ברילען: „ניין, דערצעהלט אונז וועגען זענאָ'ן".

און איך דערצעהל זיי: אָט דאָ, וואו אונזערע טריט הילכען איצט, איז געשטאַנען אַמאָל, מיט צוויי און אַ האַלב טויזענט יאָהר צוריק, אַ פיניקישע, אַ כנען'ישע שטאָדט וואָס האָט געהייסען „כתים", אָדער נאָך פריהער „קרתא חדשא", די נייע שטאָדט. ניי, ד. ה. באַנייט. ווייל איידער דער כנעני איז געקומען, האָט קיפערן שוין געהאַט איהר אַלטע, איהר אויסגערייפטע קולטור. חתים האָבען דאָרט געוואוינט, אָט די אייגענע חתים, וואָס זיינען אַזעלכע נאָהענטע מחותנים מיט אידען, אפשר גאָר זייערע זיידעס. איהר געדענקט דאָך, אויף יעדען טריט פון דער אַלט־אידישער געשיכטע שטויסען מיר זיך אָן אויף די חתים. חברון — די שטאָדט פון די חתים; ירושלים — אַ חיתימ'שע פעסטונג. און יחזקאל דער נביא האָט זיך גע'יחסנ'ט דערמיט: „דיין מוטער איז געווען אַ חיתימ'ערין, ירושלים!" האָט יחזקאל אויסגערופען. און זיי האָבען אונז איבערגעלאָזט אַ ירושה אויף אייביג, די זיידעס פון דער מוטער'ס צד: דעם פנים. ווילט איהר וויסען, ווי אַ חתי האָט אויסגעקוקט? קוקט־אָן אַ דייטשען אידען פון „ריינער ראַסע". אָט אַזוי, פונקט אַזוי שטעהען זיי אויף די אַלטע מאָנומענטען פון באַ־גאזקעו, דער הויפטשטאָדט פון דעם חתים־לאַנד. אָט אַזוי זעהט איהר זיי אויף די שטיינער אין דעם בריטישען מוזעי — די גע־בויגענע נאָז, דיקע ליפּען, דער גאַנצער פּרצוף — אַלץ חתי'ש. און דאָס מערקווירדיגסטע איז, וואָס גראָד די „חתים" זיינען גאָר ניט געווען קיין סעמיטען, נאָר ריינע „אַריער" — אין שפּראַך, אין אָפּשטאַמונג. חתי'ש איז, ווי דער פילאָלאָג פרידריך הראָזני און די אַנדערע פאָרשער האָבען באַוויזען — אַ שפּראַך זעהר נאָ־העגט צו לאַטיין און צו גריכי'ש. און דער שפּאַס פון דער געשיכטע

איז, וואָס גראָד מיר, די אייניקלאַך פון די חתים, ווערען פאַר־פאָלגט פאַר אונזער „סעמיטיזם״.

אָבער, מילא, איך בין ניט אויסען פילאָלאָגיע אָדער פאָליטיק. מיך אינטערעסירט זענאָ, דער פיניקישער סוחר פון דער שטאָדט כתים, איז ער צו פערציג יאָהר אַוועקגעפאָהרען קיין אַטהען צו פאַרקויפען זיין סחורה. צי דאָס איז געווען קופער פון דער אינ־זעל, וואָס האָט געהאָט די ערשטע און רייכסטע קופער־מינען אין דער אַלטער וועלט — דערפון אויך דער נאָמען פון דער אינזעל, אָדער פון דעם מעטאַל — צי דאָס איז געווען דער פאַרפום, וואָס ווערט אויסגעפרעסט פון דער „גופר״־בלום, אָט דער שמעקענדי־גער, שעהנער בלום, וואָס וואַקסט נאָך עד־היום אויף דער אינזעל. זענאָ איז געקומען קיין אַטהען און האָט פאַרגעסען צוריקצופאָהרען. דער שווערער קיפרישער כנעני האָט זיך פאַרגאַפט אין דער שעהנ־קייט פון אַטהען. געגאַנגען צו די פילאָזאָפען און איינגעהערט זיך אין זייערע רעדעס; געפרואווט און געוואויגען, געמאָסטען און רעווידירט, פאַרגליכען זיין אַלט־קיפרישען וועלט־באַגריף מיט דעם ניי־גריכישען, און האָט געזאָגט „ניין״ צו ביידע. ווי קיפער איז געווען אַ בריק צווישען מזרח און מערב, אַ וועלט פאַר זיך, אַן אינזעל, וואָס האָט פון שטענדיג אָן געפיהרט איהר אייגענע עק־זיסטענץ, גענומען פון מצרים, געזויגען פון קליין־אַזיע און דאָך ניט פאַרשלונגען געוואָרען פון זיי, אַזוי איז זענאָ געוואָרען דער פאַרמיטלער צווישען מזרח און מערב, צווישען דער שעהנקייט פון גריכענלאַנד און דעם גלויבען פון דעם מזרח. ער האָט זיך באַ־זעצט אין אַטהען, געזאַמעלט תלמידים אַרום זיך ביי די „פאַרביגע זיילען״, דער „סטאָאַ פאָיקילע״, און דאָרט איז געוואָרען דער אָנ־הויב פון אַ שולע, פון אַ שיטה, וואָס האָט איבערגעקערט די וועלט. זענאָ, דער „סטאָאיקער״, דער פאָטער פון דער סטאָאישער פילאָ־זאָפיע, דער פילאָזאָפיע פון „מאָס״ און פון מעסיגונג; די שיטה פון רעגולירען דאָס לעבען דורך עטישע פאָדערונגען האָט סוף־כל־סוף געזיגט אין גריכענלאַנד. אָהן זענאָ׳ן, דעם קיפריאָט, וואָלט דאָס קריסטענטום ניט געקאָנט זיך פאַראַנקערען אין דער גריכישער וועלט. זענאָ האָט צוגעגרייט דעם באָדען. ער איז גע־ווען דער ערשטער שליח פון דעם מזרח צו דער מערב־וועלט...

„דערצעהלט אונז וועגען ליבע — אויף דער אינזעל פון ליבע״, האָט מיך אונטערבראָכען די דאַמע מיט די ברילען.

„וועגען ליבע? אַט דאָס דערצעהל איך דאָך. יאָ, איך האָב פאַרגעסען, איך רוף עס אַן פילאָזאָפיע און דערצו נאָך סטאישע, מוסר׳דיגע, זענאָנישע, אָבער ווייסט איהר, מיינע דאַמען, אַז דאָס איז אייגענטליך דאָס אייגענע. וועגען וואָס איהר זאָלט ניט רעדען — עראָס, די ליבע, פאָלגט אייך נאָך. איהר געדענקט דאָך דאָס ליד פון אַנטיגאָנע: „עראָס, עראָס אַניקאַטאָט״ — עראָס, ליבע, וואָס קיינער קאָן ניט באַזיגען! און גראָד די וואָס ווילען זי גובר זיין, ווערען ערשט רעכט איהרע קנעכט. און דאָס איז דאָך דער זין פון יעדער פילאָזאָפיע — געפינען אַ צוגאַנג צו דער ליבע. אַזוי דער זין פון דער סאָקראַטישער, פון דער פלאַטאָנישער פילאָזאָפיע; אַזוי אַלע, אפילו ווען זיי ווייסען עס ניט. די פילאָזאָפיע וויל בלויז אויסברייטען, אויסשפרייטען די ליבע, געפינען דעם גייסט אין דעם גוף, אַריינברייגען דעם ברען פון דער תאוה אין דעם הויך פון דער וועלט.

„און קוקט — אַט דאָרט, וואו אייער אויג גרייכט — זעהט איהר יענעם באַרג אין דער ווייטענס, דאָרט איז געשטאַנען פאַפאָס, יער טעמפל פון אַפראָדיטע, דער יונגער, דער אייביגער שעהנקייט. ווי פון דעם ים־שוים אַרויסגעשוואומען, אַ שמייכל אויף איהרע ליפען, נאַס איהרע גאָלדענע האָר, האָט זי קיפּר אַריינגענומען אין דעם טעמפעל דאָרט אויף דעם באַרג און געקניט פאַר איהר, און געפלאָכטען קרענץ אַרום איהר געטאָקטען קאָפ.

„און מיינט ניט, מיינע דאַמען, אַז עס איז געווען אַזוי גרינג פאַר די קיפּריער פון אַמאָל. זיי אויך, ווי די אַלטע וועלט, ווי מענשען בכלל, האָבען פריהער אַנדערש געזעהן די ליבע. זי איז פאַר זיי אויך געווען אַ ריין־ביאָלאָגישע ערשיינונג — די מוטערשאַפט, די געבערערין; מעהר שרעק, ווי שעהנקייט, און אָפּגרונטיג אין איהר סוד. ווייסט איהר, אַז איידער אַפראָדיטע איז געווען, איז אויף קיפּר געשטאַנען אַ טעמפעל פאַר „אַפראָדיטאָס״ — אַ סטאַטוע פון אַ גאָט, וואָס איז האַלב מאַן און האַלב פרוי, אַ פרוי מיט אַ באָרד, העסליך און גרויזאַם, ווי די „ליבע־געטינען״ פון דער אַל־טער וועלט, ווי די איסטאַר, ווי די „קיבעלע״, ווי קאַלי פון אינדיע; די ליבע וואָס איז אַ קרבן. האָט אָבער די בלויע כוואַליע גע־בראַכט קיפּר אַ געשאַנק — אַפראָדיטע, די ליבע, וואָס איז ניט מעהר אַ קרבן, נאָר אַ מתנה, אַ זיסער זיפץ, אַ פאַרפומירטער שמיי־כעל, אַ ניט־צו־דערגרייכענדיגער חלום. אַפראָדיטע — די ווייס־

לייביגע, די יונגע; אַפראָדיטע — חן. און ווייסט איהר, וואָס די אַלטע לעגענדע דערצעהלט: שלאָפט אַ מאַן אַ פּאָר שעה אויף דער ערד פון קיפּער, ווערט זיין גאַנץ לעבען דורכגעדרונגען מיט דעם ריח פון ליבע, און זיין גאַנץ לעבען קאָן ער זיך ניט באַפרייען פון איהר. און ווי האָראַץ, דער זינגער פון ליבע, בעט ער זיך ביי אַפראָדיטע־ווענוס:

O, Venus, Regina Cnidi Papheque,
Sperne Dilectam Cypron . . .

„אָ, ווענוס, קעניגין פון קנידאָס און אַפּאָס, פאַרלאָז דיין גע־ליבטען קיפּער, פאַרלאָז איהם און קום אין אונזערע טעמפּלען, וואו מענשען וואוינען, וואו אַ האַרץ גלוסט — טראָג אַריבער אַהין דיין הויז".

„דערצעהלט אונז ליבער ווייטער פון פילאָזאָפיע", ניכטערט מיך די „שוועסטער" פון וויען. ווייל צו־שעהן און צו־קיפּריש איז די ליבע און צו־שווער פאַר אונז, פרויען".

„אָט דאָס טו איך דאָך — איך רעד די גאַנצע צייט וועגען פילאָזאָפיע; אָבער „ליבע איז די הקדמה צו יענער וויסענשאַפט", האָט אַ פּאָעט אַמאָל געזאָגט, אָדער אַ פילאָזאָף. איך ווייס אַליין ניט, וואו דער גרענעץ איז. עס דענקט זיך אַזוי גרינג, עס אָטעמט זיך אַזוי גלוסטענדיג — גלוסטעניש נאָך אַלצדינג, וואָס איז שעהן און גוט, און אייביג אויף דער אינזעל פון ליבע! און עס גלוסט זיך ניט שיידען מיט איהר . . ."

אָבער מען מוז. פון דעם ים דערהערט זיך אַ פייף. די שיף רופט. און איך געזעגען זיך מיט זענאָ'ן און מיט אַפראָדיטע'ן — מיט דעם שוים פון די בלויע כוואַליעס, די כוואַליעס פון דער צייט — כוואַליעס, וואָס קערען זיך קיינמאָל ניט אום.

נאָוועמבער 7, 1933

# דער סטראָמבאָלי

דער אַלטער מאַטראָז האָט שפּעט ביינאַכט, אַרום צוויי אַזייגער, אָנגעקלאַפּט צו מיר אין דער קאַבינע: „מוסיע, אָן לע וואוּאַ״ — מען זעהט איהם שוין! אַזוי איז געווען מיין אָפּמאַך מיט דעם מאַטראָז. און אַזוי איז דער געוועהנליכער שטייגער אויף אַלע שיפן, וואָס געהען דעם וועג — קיין מזרח־צו, דעם וועג פון אייראָפּע קיין מצרים. פאָהרט מען דאָרט פאַרביי דעם וואולקאַן סטראָמבאָליביידערנאַכט — וועקט אַ מאַטראָז די רייזענדע, וואָס האָבען אַ אינטערעס פאַר אַזעלכע זאַכען. מחמת אפילו אַ לעבעדיגער, רויכער׳ענדיגער, ברענענדיגער וואולקאַן איז אויך אַ לוקסוס און אַ מותרות. און ניט יעדער וואָס פאָהרט איבער ים׳ען, אין ווייטע וועגען, פאַרגינט זיך אַזעלכע מותרות׳ן. און ניט יעדער איז אַ בעלן מקריב צו זיין אַ נאַכט געזונטען שלאָף צוליב אַ פייער אין מיטען ים. גלאַט אַ פייער, אויף דער יבשה, אַ פייער וואָס מען קאָן לעשען, אַ פייער וואָס איז אין אונזער כח — אַזאַ פייער וואָלט אפשר אויך דעם שלעפעריגסטען אויפגעטרייסעלט, דעם קאַלטסטען אָנגעוואַרימט אויף אַ ווײַלע. אָבער אין מיטען ים — אויב דאָס וואָסער קאָן שוין ניט לעשען דעם פייער — וואָס קאָנען מיר, וואָס קאָן איך? און ער דרעהט זיך איבער אויף דער לינקער זייט.

* * *

שטאַרק זיינען די דרום־נעכט אין זומער, די נעכט אויפ׳ן ים. ווי דער דרום בכלל — אָהן סענטימענטאַליטעט, אָהן „שטימונג״, ווי די דרומ׳דיגע קונסט, ווי דער מענש אין די לענדער פון קלאָרע ליניעס און דורכזיכטיגע לופט.

ווייניג אַטמאָספערע און געוואַלדיגער האָריזאָנט. אין דעם צפון — אויף דעם באַלטישען ים, אויף דער נאָרד־זעע — בלויז אַטמאָספערע, גרויער נעפּעל, וואָס פאַרבאָרגט אין זיך — דוכט זיך, גאָט ווייסט וואָס פאַר סודות, וואָס פאַרשטעלט — דאַכט זיך — וועלטען פון אַנדערע פאָרמען און קאָלירען. עס דאַכט זיך, עס לייכט זיך — און בלויז דער געניטער, דער אומעטום געוועזענער — ער ווייסט, אַז אונטער דעם ליילעך פון גרויען, וואָסערפאַרלדיגען נעפּעל איז פאַראַן ווידער טאַקע וואָסער — און ווייטער,

ביים ברעג, אַ זעהר באַשיידענע, פּשוט'ע, וואָכעדיגע ערד. **אָבער** ווער קאָן זיין אַזוי געניט — און ווער קאָן זיין אַן אומעטום־גע־וועזענער? און דער צפון נאָרט אַריין אין זיינע שטימונג־נעצען.

דער דרום נאַרט ניט אָפּ. ער איז וואָס ער איז — און וויל מעהר ניט זיין. ער ווייזט זיך אין זיין אמת'ער געשטאַלט — און עס איז איהם גענוג. און אונז אויך. ווייל די געשטאַלט איז שעהן. בלויז האָריזאָנטען האָט ער, ווייטקייטען. און אויך די נאַרען ניט אָפּ. מחמת איהר ווייסט, איהר פיהלט, אַז אין יענע מרחקים — ווידער אַמאָל בלויקייט, און שטראַלונג, און זון, זון.

שטאַרק איז די נאַכט פון דרום און קלאָר, פעסט די שטערען, ווי לאָמפּען, ווי גליהענדע קויהלען. זיי לאָזען זיך ניט באַזיפּצען, אפילו ניט באַזינגען. עפּעס אַ לאָכענדיגער רעאַליזם אין זייער לייכטען. ניט קיין לירישע אָביעקטען, — ניט קיין טעמע פאַר גע־זאַנג און חלומות, — ווי אין צפון, נאַר וועג־ווייזער, פיהרער.

און אין דער קלאָרער, וואַרימער, פעסטער דרום־נאַכט, אַ שוואַרצער שאָטען. לכתחילה ווי אַ וואָלקען. עס האָט זיך אויס־געוויזען ווי אַ מין טונקעלער אָפּאַל־גרויער זוים אַרום דעם ווייטען הימעל, און דער טונקעל־גרויער געוועב דורכגעצויגען מיט רויטע פעדים.

די שיף קומט צו נעהנטער. און דער וואָלקען ווערט ליניע — די ליניע ווערט קאָנטור, די קאָנטור ווערט ממשות'דיגקייט. אין מיטען ים אַ באַרג — פון פייער. פון אַלע זייטען פלאַמען־טייכען. אַלע פינף מינוט — אַ נייער אויפפלאַקערען. פון ערגעץ — מען זעהט אין דער נאַכט ניט דעם אָרט — אין דער הויך, שפּרינגט אַרויף אַ פאַנטאַן פון פונקען. און די פונקען ווערען גע־דיכטער, ווערען פייער־סטענגעס, ברענענדיגע פאַסען־קוואַלען. באַרג־טייכלאַך פון פייער צעגיסען זיך איבער די זייטען פון דעם באַרג — רינען אַראָפּ פּאַוואָליע, גיסען אויס אַ רויטען גלאַנץ איבער דעם שוואַרץ־בלויען ים און גיסען זיך אַריין אין דעם ים אַריין. דער סטראָמבאָלי, דער וואולקאַן — אַרבייט. טאָג און נאַכט, אָהן אַן אויפהער. פינף מינוטען פויזע — און ווידער אַן אויסברוך. אַ קליינע אונטערברעכונג — און אויפ'סניי שטורעמט דער פייער אין דעם וואַסער אַריין. און אַזוי שטעהען זיי — פון זינט די ערד שטעהט, פייער און וואַסער — און האַלטען זייער אייביגען **דיאַלאָג**.

עס איז געווען פינסטער. איך האָב גאַרנישט געקאָנט זעהן אַחוץ דער שוואַרצער באַרג־ליניע און די רויטע פלאַמען־סטענגעס. און, ווי געוועהנליך, האָט די פאַנטאַזיע אונטערגעזאָגט דאָס איבע־ריגע. וואולקאַן־מדבר, גיהנום, איינזאַם און פוסט. אַ סצענע פאַר סטיכישע קאַמפען, ניט פאַר קליינע, קליינליכע מענשליכע ויכוחים׳־לאַך. פייער און וואַסער, פלאַם און שטיין אין אַ גיגאַנטישען דועל, — צעשטערונג און שאַפונג — וואו קומט אַהער דער מענש מיט זיינע מ׳שטיינס־געזאָגטע „דערגרייכונגען״ און קאַמפען. אַ פליג מיט איהרע פראָבלעמען אויף דער נאָז פון אַ דזשאַנגעל־עלעפאַנט!

די פאַנטאַזיע האָט זיך אויסגעמאָלט אַ בייראָניש בילד — אַ יחזקאל־פּאָעמע.

אָן אַנדער מאָרגען — אַ חודש שפּעטער נאָך מיין ערשטער באַגעגעניש מיט דעם וואולקאַן סטראָמבאָלי . . . אויפ׳ן וועג צו־ריק — פון דעם מזרח קיין אייראָפּע.

גאַנץ פריה — אין אַ וואונדערבאַר־קלאָרען, סאַפיר־בלויען זומער־מאָרגען זיינען מיר דורכגעפאָהרען ביי די ברעגעס פון סי־ציליע. נאָהנט — מיט דעם נאַקעטען אויג צו זעהן — די שטאָדט מעסינאַ. גרינע בערג — ווייסע שלאַנגען־וועגען צווישען די בערג, — רויטע דעכער, ווייס־געלע הייזער. רוה, — פריהמאָרגענדיגע, באַגינענדיגע פרישטאָגיגקייט, דער ערשטער טאָן פון דעם לעבענס־מאָרגען־ליד, די ערשטע נאָטע פון דער אייביגער וועלט־שירה. ערשט ניט לאַנג צוריק — פאַר אונזערע אויגען כמעט — איז דאָרט געווען אַ חורבן. די שטיינער האָבען זיך צעבונטעוועט, דער באַרג האָט זיך צעשטורעמט — און אָפּגעווישט דאָס ביסעל לעבען, וואָס האָט זיך צוגעטוליעט צו די שטיינערנע ווענט. ערשט ניט לאַנג איז דאָס געווען ניט קיין כאַראַל — ניט קיין שירה, ניט קיין הלל — נאָר אַ ברוויזענדער שטורעם, וואָס האָט אַן אייגענע סקאַלאַ.

פאַרביי דער שטורעם — און ווידער קלעפּט זיך אַזוי אָפּטי־מיסטיש לעבען צום שטיין. און מעסינאַ שלאָפט און וואַכט פריש, ווי פאַר דער קאַטאַסטראָפּע — און טראַכט גאָר ניט פון די פלאַ־מען־כחות, וואָס וואַרטען אונטען, אין די טיפענישען, אויף זייער שעה. און אפילו ווען זי טראַכט, אַפילו ווען זי ווייסט, אַז ער וועט ווידער מוזען קומען אַמאָל — דער נייער אויסברוך — מילא. אַבי עס וועט זיי זיין ניט היינט — ניט מאָרגען — נאָר „אַמאָל״ — ווער ווייסט, אפשר „באחרית הימים״! און איז דאָס גאַנצע לעבען

ניט דער „דערווייל״? דאָס איז דאָך זיין איינציק מעגליכער איינהאַלט.

ווייטער פאָהרט די שיף. און אָט שטעהט ער ווידער פאַר אונז, מיין נאַכט־באַקאַנטער — דער וואולקאַן סטראָמהאָלי.

אַנדערש ווי אין דער נאַכט. ניט מעהר מיסטיש, נאָר רעאַל — ניט מעהר בייראָן־בילד אָדער אַפּאָקאַליפּטי־ש, נאָר ווירקליך, ווי איך און ווי דאָס האַלץ פון דער שיף און ווי דער באָרוועסער מאַטראָז אויפ׳ן דעק. און ער שרעקט ניט מעהר. אַ באַרג אין מיטען ים, גרויער שטיין, אויסגעריבען, אויפגעריסען, געקנייטשט און געפעלטעלט. דער פייער פון דער נאַכט האָט זיך באַהאַלטען, מען זעהט ניט קיין פלאַם — בלויז רויך. פון ערגעץ, אין דער הויך, ווי פון אַ קוימען, געהט אַ רויך. אַ קוימען אין דער לופט. אונטען — אַ קוזנע, אַ וואַרשטאַט, אפשר אַ קיך, און ווידער בלויז שלענגלאַך פון גרויען רויך אין דער קלאָרער, בלויער לופט.

פוסט און וויסט דער באַרג — ביז צו אַ שמאָלער טאַשמעלע גאָר אונטען — ביים סאַמע ברעג פון דעם ים, אָבער דאָרט ווייסע הייזער. און דאָרט אויך קוימענס מיט רויך־סטענגעלאַך. גאַנץ דינינקע, שמאָלינקע.

רויך פון אויבען — טויט און צעשטערונג; רויך פון אונטען — קאָמפאָרט און רוהה און זיס, בלוי לעבען . . .

מיר זיינען געשטאַנען — די באַאָבאַכטער אויפ׳ן דעק פון דער שיף — און געגאַפט: אָט אויף דעם ווילדען שטיין, וואָס ברענט אָהן אַן אויפהער, אָט אַרום די לאַוואַ־טייכען — מענשען־לעבענס! תמיד אין די אויערען דאָס דונערען פון דער ערד־קוזנע, תמיד פאַר די אויגען די פלאַם־פייערדיגע לאַוואַ, תמיד אין הארצען דער פּחד פאַר דער קומענדיגער שעה — און לעבען.

פון דער גאַנצער ווייטער, ברייטער, סאָלידער ערד — אויס־געזוכט זיך דוקא דעם שטורעמדיגסטען ווינקעל און צוגעקלעפּט זיך צו איהם, און באַהעפט זיך מיט איהם — און אויך צופרידען!

נויט, געוויס. אינערציע, דאָס איז אויך אַ טעם. דאָרט איז מען געבוירען געוואָרען און דאָרט זיך איינגעוואָרצעלט. און וואו־הין זאָלען זיי געהן, אָט די אָרימע פישערלייט פון סטראָמבאָלי? און מענשען פון דעם ברענענדיגען שטיין? וואָס וועלען זיי טאָן ערגעץ אַנדערש, די מענשען פון דעם ברענענדיגען שטיין? מען קאָן עס פאַרשטעהן און ערקלעהרען.

אָבער דאָס איז נאָך ניט גענוג. עס שעפּט ניט אויס. סוף־כל־סוף האָט די ערד נאָך אַן אָרט פאַר די פּאָר הונדערט מענשען פון דעם וואולקאַן. און וויל מען — וויל מען אָבער אַנטלויפען — טראַכט מען ניט פון דעם וואָס וואַרט דאָרט — אין דער פרעמד.

און אפשר איז דאָ נאָך אַ מאָטיוו? טאַקע דערפאַר וואָס איז אַ וואולקאַן און אַ סכנה, טאַקע ווייל עס ברענט אונטער די פיס — איז די אַוואַנטיורע פון לעבען אַזוי לאָקענד? לעבען אין שכנות מיט פייער, מיט ציטערען, מיט דער ערד — זעהען אין די אויגען פון דעם צווייטען תמיד דעם אָפּגלאַנץ פון דער גליהענדיגער לאַווא, זיין תמיד אַזוי נאָהענט, איין טריט פון דעם לעצטען חורבן — איז דאָס אַליין ניט עלעמענט פון דעם לעבען — און דער שטאַרקסטער עלעמענט?

* * *

מיר זענען אין דעם דאָזיגען פריהמאָרגען געשטאַנען אויף דעם דעק — אַ גרופּע רייזענדע. עטליכע פראַנצויזען, אַמעריקאַנער, אידען פון פּאַלעסטינע. די אַמעריקאַנער — איינער איז געווען פון טעקסאַס, דעם ברייטסטען, דעם ערדיגסטען פון אַלע אַמערי־קאַנער שטאַטען — אַן אַנדערער פון אייאָווא.ביידע געוואוינט צו קוואַליעדיגע סטעפּעס, צו ברייטע פעלדער מיט שוואַכע, געלע זאַנ־גען, צו רחבת־ידים, צו דער רוהיגקייט, זיכערקייט און זעלבסט־שטענדיגקייט פון דעם זיין.

מיר האָבען אַ פּאָר טעג נאַכאַנאַנד דיסקוטירט די פּראָבלעמען פון אייראָפּע און פון דער „אַלטער וועלט" בכלל. „ווי קאָן מען בלויז לעבען אין אייראָפּע?", האָט זיך געוואונדערט דער מאַן פון טעקסאַס. „געוויס, פּאַריז איז שעהן, אָבער אויף אַ פּאָר טעג, אויף עטליכע נעכט. מען קאָן דאָרט זיך אויסשטורעמען, מען קאָן זיך דאָרט פאַרזיצען אויף אַ ווייל. אָבער לעבען? זעהט, ווי עס ברענט און קאָכט די אַלטע וועלט. קוקט אויף אונזער שיף! פראַנצויזישע סאָלדאַטען און אָפיצירען — פון וואַנען קומען זיי? פון סיריע. דאָרט — אויפשטאַנד, מלחמה, בונט, קאַמף פאַר מאַכט. זעהט דעם ענגלישען באַאַמטען — דאָרט אין דעם קהאַקי־העלם, ער איז פון סודאַן. זיין לעבענס־עובדא איז: האַלטען אַפריקע אין צוים. אַראַבער, סודאַנעזיש, נעגער, האַס, קנאה, גליהענדיגע שנאה — אַ פייער וואָס קאָן גאָר ניט געלאָשען ווערען. וואוהין איהר קומט, וואָס איהר זעהט: איז חורבן, נאָך־חורבן, אין בעסטען

פאַל — ערב־חורבן. עס איז אַ וואולקאַן, ווי קאָן מען דאָרט לעבען״.

עס איז מיר שווער געווען צו ענטפערען אויף דער פראַגע. באמת — ווי קאָן מען טאַקע לעבען אין דער נאָהענסטער שכנות פון אַ וואולקאַן? ווי קאָן מען דאָס ערקלעהרען, ראַציאָנאַליזירען?

און אין דעם פריהמאָרגען — אויף דעם בלויען ים — האָבען מיר זיך ווידער געשטעלט די פראַגע.

דער אַמעריקאַנער פון טעקסאַס האָט זי אַליין פאַרענטפערט. „זעהט די הייזער ביים פוס פון דעם וואולקאַן, פייער און רויך פון אויבען — רויך און וואַסער־שוים פון אונטען. מען לעבט, און ווער ווייסט, אפשר איז אַזאַ לעבען ביים סטראָמבאָלי פאַרכאַפּענ־דער, צעגליהענדיגער, און — שעפערישער ווי אויף די ברייטע סטעפּעס פון טעקסאַס״!

וואָרים סוף־כל־סוף, לעבען איז ניט בלויז „עפּימעטעאיש״, נאָך דער ליניע פון עפּימעטעאוס, דעם שכל׳דיגען, דעם קלוגען, דעם פאָרזיכטיג פאַרשטענדיג־אָפּמעסטענדיגען, לעבען איז פּראמע־טעאיש: פייער און פלאַם און דערציטערען אין אייביגען טראָץ — עקשנות קעגען דער וועלט.

„איך זאָל דיר פאָלגען — פאַרוואָס?״ פרעגט פּראָמעטעאוס אין געטהע׳ס וואונדערבאַרען געדיכט. „דיר פאָלגען — דיר, דער וועלט, דיר, דעם לעבען, דיר, — דער נויטווענדיגקייט, דיר — דעם פאַקט? פאַרוואָס? דו זאָגסט, דו ביזט שטאַרקער און איך — איך שטעל זיך אַנטקעגען, דו וועסט זיגען — מילא, איז דען דאָס אַלץ? זאָגאַר אויב דו קאָנסט, אויב דו מוזט. איך שטעל זיך דיר כנגד — ווייל איך קאָן און וויל, ווייל איך מוז״.

* * *

די שיף איז ווייטער געגאַנגען — דער סטראָמבאָלי איז באַלד פאַרשוואונדען פון דעם האָריזאָנט. און ווידער איז געוואָרען רוהיג און סמאַראַגדען־פאַרביג דער ים. און זיי האָבען זיך אָפּגערוקט, דערווייטערט — דער רויך, דער פייער, דער וואולקאַן, סטראָמבאָלי איז ווידער געוואָרען אַ מיטישע געשטאַלט. אויף אַ מאָמענט האָט זיך ווידער אויסגעדאַכט: איז דאָס מעגליך, אַז זיי זאָלען זיך קאָנען פאָרען — סטראָמבאָלי און מענשען? און דאָך — און פאָרט: ער איז ווירקליך, ער איז.

סעפּטעמבער 22, 1926

# מאַדריד

## די הויפּט־שטאָדט פון שפּאַניע

עס זיינען פאַראַן שטעדט — ווי עס זיינען פרויען: איינע מיט אַ קערפּער וואָס בויגט זיך ווי אַ צווייג און פרוכט־באַלאָדען ווי אַ צווייג. און שטעדט ווי פרויען מיט דעם שמייכעל פון וויסען — וויסען אַלע סודות פון ליבע און ליידענשאַפט, פון פרייד און פון ליידען.

און עס זיינען פאַראַן שטעדט — ווי קאַלטע, לאַנגווייליגע, מיט אַ שטאָלענעם קוק און אַ מין גאוה —אַ גדלות פון צניעות, פון דעם סאָרט צניעות, וואָס איז ערגער ווי זינד — ווייל זי ווייסט צופיל פון זיך און שעצט זיך פאַר איהר פאַרשלאָסענקייט.

און אַזאַ מין שטאָדט איז מאַדריד. אַ שטיינערדיגע, אַ גרויע, אַ פאַרשלאָסענע. גלייכע, שעהנע גאַסען. די ראַשיגע, זון־באַלויכטענע, „קאַלע דע אַלקאַלאַ", די הויפּט־גאַס פון מאַדריד, די „פּוערטא דעל סאָל", דער טויער פון דער זון, דער מאַדרידער בוא־דע בולאָן — אָדער די פינפטע עוועניו — דער פּלאַץ פּי־אור־מארגאל — וואו איך האָב געוואוינט, קאַלע מאַיאָר, די „גרויסע גאַס", וואָס פיהרט צום קעניגליכען פּאַלאַץ, דער גרויסער, שעהנער, רייכער גאָרטען בוען־רעטיראָ מיט זיינע ווייטע אַלעען, וואָס טראָגען נעמען נאָך אַלע אַמאַליגע — און היינט שוין פאַרלאָזענע גרויסקייטען פון שפּאַניע: די אַלעע פון פּאַראַגואַי, די אַלעע פון קאָלאָמביאַ, פון אוראַגוואַי, פון פּערו, א. אַז. וו., דער פּלאַץ אין דעם קייזערליכען הויף פון וואַנען מען קאָן זעהן די מאַנטאַנאַריס, די סיערא, די בערג פון קאַסטיליאַ און די גרינע טאָלען אַרומגע־רינגעלט פון ברוינליך־רויטליכען שטיין — רייכע קאַפּעס, איבער־פילט מיט מענשען, — דאָ און דאָרט אַ מאַלעריש בילד, אַ שטי־קעל מזרח — אַ פונק פון מערב־שעהנקייט — אָבער דאָס אַלץ אַזוי שטייף, ווי אין אַ קאָרסעט. אַזוי פאַרביינערט און פאַרגליווערט.

מאַדריד שמייכעלט ניט. עס שמייכלען ניט די דאַלאָרעס, די פּעפּיטאָס, די קארמענסיטאַס און די אסונסאנס, מיט די שפּאַנישע

„שעהנקייטען״, וואָס געהען אַרום מיט שוואַרצע שפּיצען־שאַלען און הויכע קעמלעך אויף דעם קאָפּ.

און עס ווערט באַלד אומעטיג אין מאַדריד.

אַ שטאָדט וואָס האָט ניט קיין אַנדער געשיכטע אַ חוץ דער שפּאַנישער. אַ שטאָדט, וואָס פאַרקערפּערט דעם בורבאָנישען גייסט. פיליפּ און איזאַבעלאַ, קאַרל דער פינפטער — סאָלדאַטען, דעספּאָטען — אומפאַרשטענדליכע, רעטענישדיגע פיגורען.

מענשען ווי דער שוידערליכער עסקוריאַל, אָט דער קעניג־ליכער מאוזאָליי, דער פּאַלאַץ פון גרויען שטיין ביי מאַדריד, וואו שפּאַניע האָט איבערגעלעבט די טעג פון איהר וועלט־היסטאָרישער גרויסקייט, דער פּאַלאַץ וואו שפּאַניע׳ס מאַכט האָט זיך באַהאַלטען פון דער זון, צו דער צייט, ווען „די זון איז קיינמאָל ניט אונטער־געגאַנגען אויף שפּאַנישער ערד!״

פּאַריז האָט איהר ווערסאַל — גראַציע און לעבענסלוסט און קאַפּריז, שעהנע פרויען־תאוה, און אַ קעניג וואָס האָט געהייסען דער „זונען־קעניג״.

מאַדריד האָט איהר עסקוריאַל — האַרטער, גרויער שטיין, קאָרידאָרען ווי אין אַ מאָנאַסטיר, ווי אַ טורמע, ווי אין אַ קבר. אין ווערסאַל ווייזט מען אייך די שלאָפצימער פון לואי דעם פערצעהנטען און פון זיינע געליבטע — אין דעם עסקוריאַל זעהט איהר די פינסטערע קאַפּעלע אין אַ קירך וואו קאַרל דער פינפטער האָט זיך געשפּילט אין טויט, איז געשלאָפען אין אַ טרונע — נאָך ביים לעבען.

* * *

עס ווערט אומעטיג אין מאַדריד. עס איז קאַלט — אונטער דער ברענענדיגער זון. דער פויסט פון מאַכט ליגט אויף שטאָדט און מענשען. דער פּאַרלאַמענט איז געשלאָסען. אַרום דעם סענאַט שטעהען סאָלדאַטען מיט ביקסען — די צייטונגען זיינען כמעט ליידיג, מען שרייבט נישטיגקייטען, נאַרישקייטען און מען שווייגט איבער דעם וויכטיגסטען.

אַ שאָטען ליגט איבער דער שטאָדט.

און עס ווילט זיך אַוועקגעהן פון דער ווירקליכקייט. אפשר דאָרט — אין דעם שעהנעם, שטאָלצען געביי פון פּראַדאָ, אין דעם

גרויסען מוזעי פון שפּאַניע, אפשר קאָן מען דאָרט געפינען אַביסעל ליכט און שיין — הערען דאָס קול פון מאַדריד?

אין אַנהויב — אַן ענטוישונג. אַ פּאָר שלעכטע סטאַטועס — לאַנגע זאַלען, פול מיט אָפּגעשלאָגענע הושענות, בילדער פון אַלטע פראַנצויזען, וואָס האָבען ניט קיין ווערט אפילו אין פראַנקרייך, פון בעלגיער און האָלענדער, וואָס מאַכען אַזאַ קוריאָז — פרעמ־דען איינדרוק — דאָ מיט זייערע טונקעלע פאַרבען, מיט זייערע גרויע ניואַנסען, מיט זייערע געדיכטע שאָטענס — אין דעם דאָזיגען זוניגען לאַנד.

און באַלד קומט דאָס ערנסטע: רובענס. דער אייביגער רו־בענס, וואָס האָט פאַרפלייצט די גאַנצע וועלט מיט זיינע בילדער. ער לויפט אייך נאָך אין דער גאַנצער וועלט. ניטאָ קיין איין מוזעי, וואו איהר זאָלט ניט זעהן די פיגורען פון רובענס — די ברייטע לייווענטען — דיקע, נאַקעטע, רויטליכע, פליישיגע לייבער — פרויען, וואָס וועגען ניט־ווייניגער ווי דריי הונדערט פונט, בלוט מיט מילך פנים׳ער, בריסטען ווי פון אַמען, פיס וואָס האָבען אויף זיך קיינמאָל ניט געטראָגען קיין שיך — קאַנדידאַטקעס פאַר מאריענבאד — און מענער ווי קצבים, היילינע, וואָס זעהען אויס ווי סאָלדאַטען און סאָלדאַטען ווי בלאָנדע צוויי־פּיסיגע בערען.

אמת — רובענס האָט מערקווירדיגע קאָלירען. זיין רויט איז איינציג. קיינער קאָן ניט דערגעהן דעם סוד פון זיין פאַרב. אָבער פון קאָפּענהאָגען ביז אַמסטערדאַם, פון פאַריז ביז ניו יאָרק און פון סטאָקהאָלם ביז מאַדריד — אפילו די רויטע פאַרב, און די פליישיגע פרויען און די בלאָנדקייט — אפילו די בירשענק־יאַטקע־לעבענס תאוה פון פיער פאָל רובענס ווערט נמאס.

און נאָך רובענס — טיציאַן. אויך איינער וואָס איז גרויס, ווען מען זעהט איהם ווייניג. איין אָדער צוויי בילדער אין רוים אָדער פלאָרענץ, אַ פּאָר בילדער אין לואַוור — און גענוג טיציאַן, בפרט נאָך ווען מאַדריד האָט דעם טיציאַן פון צווייטען סאָרט.

אָבער אָט־קומט אַ זאַל — און דער מוזעי פון פּראַדאָ באַקומט לעבען און אַן איינציגאַרטיגען כאַראַקטער.

עס איז דער זאַל פון דעם גרעסטען שפּאַנישען מאַלער דאָן דיעגאָ וועלאַסקעז.

איך זאָג — דער גרעסטער — אָבער דאָס איז נאָך גאָר ניט קיין אַלגעמיין אָנערקענטער פאַקט.

געוועהנליך האַלט מען מוריליאָ׳ן פאַר דעם גרעסערען. מורי־ליאָ איז אפשר אויך דער רייכערער, דער שעהנערער מאַלער. זיינע בילדער אין דעם לואוור, זיינע באַרימטע מאַדאָנען, די בילדער אין דעם פראַדאָ — און בפרט אין דעם מוזעי פון סעווילִיאָ — זיי זיינען אַלע פול מיט שוואַרצאויגיגען חן. עס איז דאָ אַ **מתיקות** אין זיי, אַ מין אַנדאַלוזיש־ אַראַביש־אידישע קאָלאָראַטור אין זיין סטיל.

אָבער — וועלאַסקעז איז פאַרט דער מאַלער פון שפּאַניע, דער איינציגער וואָס האָט פאַרקערפּערט און סטיליזירט דעם מערקווירדיגען מענשען־טיפּ, וואָס איז אויפגעוואקסען אין קאַסטי־ליע און אַראַגאָן, אין לעאָן און אַנדאַלוזיע.

דער שפּאַניער איז ניט סענטימענטאַל — וועלאַסקעז איז עס אויך ניט. שפּאַניע האָט ניט קיין רייכע קאָלירען — די בילדער פון וועלאַסקעז גלאַנצען ניט מיט פאַרבען.

דער שפּאַניער איז אַ מענש מיט אַ פאַרקרימטער, פאַר׳עקשנ׳־טער נשמה — און וועלאַסקעז האָט דער איינציגער געפונען אַ שליסעל צו דער שפּאַנישער פסיכיק.

ער איז דער סערוואַנטעס — אין פאַרבען און ליניען, און אין יעדען פון זיינע בילדער און פאָרטרעטען האָט איהר די צוויי אייביגע טיפּען פון שפּאַניע: דאָן קיכאָט און סאנטשא, אַסקעטיזם און וואולגאַריטעט, וויירוויך און קנאָבעל.

צי מאָלט ער די פאַרשיידענע „אינפאַנטען״ און „אינפאַנטאָס״ — פּרינצען און פּרינצעסינס פון שפּאַניע — צי מאָלט ער די אַריסטאָקראַטען — ווי צ. ב. דער פאָרטרעט פון פאַבלוי, דער וואַליאַדאַליז — צי דאָס איז פיליפּ דער פערטער — דער קעניג פון שפּאַניע — צי דאָס איז אַ קאַרליק, אַ בעטלער, תמיד איז אַרום די ליפּען אַ מערקווירדיגער, בלאַסער, קראַנקער שמייכעל. עס איז תמיד טראַגיק געפּאָרט מיט קוקלעדיגקייט. מענשען — און פאָרט ניט מענשען. בלוט און פלייש — און עס דאַכט זיך אויס, אַז אימיצער האָט זיי אויסגעשניצט פון האָלץ און באַפאַרבט און אָנגעטאָן מיט שווערע, שוואַרצע מאַנטלען, און אַריינגעשטעלט זיי אין דעם צירק פון לעבען, דער איינציגער שפּאַניער — וואָס האָט פאַרשטאַנען זיין לאַנד.

דר. א. קאַראַלניק

* * *

ווייטער זאַלען. ווייטער אומניצליכקייטען, שוין שפּאַנישע, אָבער צווייט־קלאַסיג. דער טונקעלער ריבערא, וואָס מאָלט ווי די איטאַליענער פון דעם זעכצעהנטען יאָהרהונדערט, נאָר אין שוואַר־צערע, טיפערע קאָלירען — דורבאַראַן — דער שפּאַנישער מאָנאַך, וואָס מאָלט לאַנגע, דאַרע, גרוי־באַמאַנטעלטע אַסקעטען, אַ מין הויפמאָלער פון דער אינקוויזיציע. היסטאָריש אינטערעסאַנט — אָבער קינסטלעריש אָהן אַ גרויסען ווערט.

און ווידער אַ זאַל — און שפּאַניע אַנטפּלעקט זיך אויפ׳סניי. עס איז דער זאַל פון גאָיאַ — דעם איינציגען גרויסען מאָלער, וואָס שפּאַניע האָט אַרויסגעגעבען נאָך מורילי‏אַ און וועלאַסקעז. נעהענטער צו אונז, סוף פון אַכצעהנטען — אָנהויב פון דעם ניינ־צעהנטען יאָהרהונדערט. אַלט־שפּאַניע קעמפט אַטקעגען זיך אַליין, וויל זיך באַנייען און קאָן ניט — וויל ווערען אייראָפּייאיש, פראַנ־צויזיש און פאַלט ווידער צוריק אין איהר שפּאַנישער פאַרשלאָסענ־קייט, שפּאַניע פון ראָמאַנטיק — און גרויען רעאַליזם, וואָס שפּאָט איבער זיך אַליין.

גאָיאַ דערצעהלט אונז אָט די דאָזיגע קאָמפּליצירטע שפּאַניש־נשמה־געשיכטע. דאָס מייסטערהאַפטע בילד פון דאָן פערנאַנדאָ, דעם זיבעטען, דעם שוואַכען, גרויזאַמען, פאַנאַטישען קעניג פון שפּאַניע. דאָס בילד פון אַ שפּאַנישען גראַנד — אַ דאָן באַיען — זיי האָבען אַ מין בלאַסקייט, אַ פאַרלעגערטע ליניע וואָס מאַכט זיי אי קרענקליך אי איראָניש.

אָדער די צוויי וואונדערבאַרע פרויען־בילדער: „די באַ־קליידטע״ און „די נאַקעטע פרוי״. עס איז די אייגענע פרוי — דער פּאָרטרעט פון דער הערצאָגין פון אַלבי — אָבער סיי די באַ־קליידטע — אַ פרוי אין ווייס פון קאָפּ ביז די פיס מיט ווייס־סאַטינענע טיכעלאַך — בלויז די האָר זיינען ראָבען־שוואַרץ און צוויי שוואַרצע קוילען ברענען איהר אין דעם ווייסען פּנים — סיי „די נאַקעטע״, ווידער אַ סימפּאָניע אין מאַטאָווער ווייסקייט — ביידע זיינען זיי: די סאַנטאַ טערעזאַ, די רעפּרעזענטאַטיווסטע פרוי פון שפּאַניע, די מאַנאַשקע וואָס איז פול מיט עראָטיק, די „הייליגע״ וואָס חלומ׳ט בלויז פון דעם „חתן״, פון זיין לייב, פון זיינע גלידער, פון זיינע לאַסקעס. עס מאַכט ניט אויס, וואָס דער

„חתן" איז יעזוס. די פֿאַנטאַזיע פֿון דער שפּאַנישער פֿרוי האָט אַ קנאַפּע שייכות צו דעם נזיר פֿון גליל.

„די קעניגין פֿון שפּאַניע האָט ניט קיין פֿיס" — דאָס משונה׳־דיגע וואָרט שטאַמט פֿון דער שפּאַנישער איזאַבעלאַ. דער קאַס־טילישער שטאָלץ, דער קאַטוילישער אַסקעטיזם האָבן געליי־קענט דעם גוף, זיך געשעהמט מיט איהם. און דער גוף האָט זיך נוקם געווען — ער האָט אָנגעפּילט דעם גייסט מיט פֿינסטערע גלוסטענישען. און גאָיאַ האָט אונז אויסגעמאָלט די נקמה פֿון דעם גוף.

* * *

און ווידער אַ זאַל: דער גרעסטער וואָס שפּאַניע פֿאַרמאָגט. פֿול מיט רעליגיעזען עקסטאַז. פֿול מיט בענקשאַפֿט — און מיט קינסטלערישע סודות.

עס איז דער זאַל פֿון דעם מאָלער על גרעקאָ. אַ גרעק פֿון דעם אינזעל קריט, דאָמיניקאָ טעאָטאָ־קאָפּולאָ, וואָס איז גע־קומען קיין שפּאַניע און געוואָרען — דער איינציגער וועגווייזער צו אַ נייער קונסט.

ער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך פֿון זיין גריכישער היים אַלע סודות פֿון דער אַלטער קולטור. ביזאַנטינישע, אָריענטאַלישע פֿאַנ־טאַסטיק, לעגענדע, ריינע גייסטיקייט, בלויז ליניע, נאָר „מלמעלה".

ער האָט געזעהן שפּאַניע, איהרע לאַנדשאַפֿטען, איהרע מענ־שען — פֿלייש, וואָס זוכט פֿאַרשטיינערונג — ער האָט זיי געזעהן, שטיינערנע שטעדט אויף די בערג — איהרע מענשען ווי נאָר אַ פֿרעמדער קאָן זעהען: פֿון דער וויטענס, אין דער וויטער לופֿט־פּערספּעקטיווע. ער האָט געזעהן ניט דיווירקליכע — נאָר די לעגענדאַרישע שפּאַניע — און דערפֿאַר האָט ער גע־זעהן אַזוי אמת, אַזוי געטריי, אַזוי טיף.

און דער גריכישער מאַלער טעאָטאָ־קאָפּולאָ האָט פֿאַראייביגט די נשמה פֿון שפּאַניע.

על גרעקאָ איז ניט קיין רעאַליסט — זיינע בילדער ווי די „לויה פֿון דעם גראַף פֿון אָרגאַז", זיינע בילדער פֿון טאָלעדאָ זיי־נען ניט קיין „נאַטורגעטרייע" קאָפּיעס. אָבער דערפֿאַר זיינען זיי אויך: קונסט אמת׳ע, גרויסע קונסט. און דערפֿאַר זיינען זיי

אויך מאָדערן. זיי באַריהרען זיך מיט אונזער אייגענעם, אונזער איצטיגען קונסט־פאַרלאַנג און קונסט־באַגריף.

דער איינציגער מאַלער וואָס שפּאַניע האָט געשענקט דער מאָדערנער וועלט איז — ניט דער קונצענמאַכער זולאָאַגאַ מיט זיין אייביגען גרין, ניט סאָראָליאַ — נאָר דער גרעק דאמיניקא פון קריט, דער „על גרעקא״.

עס איז איינער פון די שפּאַנישע פּאַראַדאָקסען. שפּאַניע איז פול פון זיי. איז דאָס ניט דער גרעסטער פּאַראַדאָקס פון אַלע, אַז דער, וואָס האָט געשאַפען אַ צוקונפט פאַר דער שפּאַנישער קולטור איז געווען קאלומב? אַן איטאַליענער, אַ איד — ווער ווייסט — אָבער זיכער ניט קיין שפּאַניער. אָבער וואָס פאַר אַ וואונדער? עס איז דאָך שפּאַניע — און דאָס מיינט אַ פּאַראַדאָקס פון דעם אָנהויב פון איהר געשיכטע ביז — היינט.

* * *

איך בין „פאַרטיג״ מיט דעם פּראַדאָ. און איך האָב שוין ניט וואָס צו טאָן אין מאַדריד. אָדער אפשר אין שפּאַניע בכלל? אָדער ווייטער נאָכגעהן דעם פּאַראַדאָקס פון דעם גאָל־זאַמדיגען, שוואַרץ־געקליידטען, אייראָפּייאיש־אַפריקאַניש־רוימיש ־ קאַטויליש־אידיש־אַראַבישען לאַנד?

ווייטער נאָכגעהן נאָך דעם שאָטען פון דאָן קיכאָט? איך וועל עס פּרואווען.

אויגוסט 15, 1926

# וויגען און קברים

## פון מיין רייזע איבער שפּאַניע

### 1

### קאָרדאָוואַ

זעקס אַזייגער אין דער פריה, כמעט נאָך באַגינען. איך געה אַרויס פון דעם וואָקזאַל אין קאָרדאָוואַ. ליידיג דער פּלאַץ, — דער ברייטער, ווייסער, פּיערעקיגער פּלאַץ. עס שלאָפען די קליינע הייזלאַך; עס רייבט זיך נאָך די אויגען דער הימעל פון שלאָף. אַ בלויליכער שיין ליגט נאָך אויף דער ערד. שטיל און פאַר־חלומ׳ט. קאָרדאָוואַ אָטעמט.

ווייסט איהר, וואָס דאָס מיינט? קאָנט איהר פיהלען דעם טעם פון דעם דרום, ווען ער כאַפּט זיך נאָר־וואָס אויף פון דעם שלאָף? פרישער טוי, מאַראַנצען־גערוך, עפּעס אַ זיסער, שטאַרקער פּאַרפיום אין דער לופט. באַרג־סילועטען, פּאַלמען, וואָס פאַר־ברעמען די וועגען, הויכע קיפּאַריסען און פּלאַטאַנען, וואָס שאָקלען זיך קוים וואָס דאָס אויג באַמערקט, — און אין די ווייטע, זון־דורכגעוועבטע, שטראַלען־פאַרשפּונענע ליכטיגקייטען — אַ שטילער געזאַנג. מען הערט ניט קיין מעלאָדיע, — מען ווייסט ניט פון וואַנען זי קומט, — אָבער מען פיהלט זי. עס זינגט די לופט און דער הימעל הערט זיך איין.

אין אַזאַ פריהמאָרגען בין איך געגאַנגען איבער די גאַסען פון קאָרדאָוואַ. גאַסען? — שמאָלע שפּעלטעלאַך צווישען קליינע שטיי־נערנע הייזער. געסעלאַך ווי שלאַנגען: זיי דרעהען זיך און קרומען זיך, — פאַרשלאָפען ווי אַ שלאַנג און פול סכנה ווי אַ שלאַנג.

שטיל און יום־טוב׳דיג אין קאָרדאָוואַ. האָט זיך עס מיר בלויז אויסגעוויזען? אָדער איז עס אַזוי געווען? האָט אפשר דער נאָמען קאָרדאָוואַ, — דער פאַקט, וואָס איך טרעט אויף דער ערד פון דער לעגענדאַרישער שטאָדט, — מיך אַליין פאַרשלע־

פערט? איז דאָס ווירקליכקייט, אָדער אַ מין פאַר׳חלומ׳טקייט, אַ טראַנס?

איך בין אין קאָרדאָוואַ! — ווער האָט שוין דאָ ניט געשפאַנט איבער די שמאָלע, ענגע געסעלאַך, אויף די האַרטע פלאַסטער־שטיינער? וואו מיין פוס טרעט, האָט געטראָטען דער פוס פון סענעקאַ, דעם רוימישען פילאָזאָף, וואָס איז געבוירען און ערצויגען געוואָרען אין די דאָזיגע געסלאַך; רוימישע לעגיאָנען, גאָטען, סלאַווען, אַראַבער און ווער ניט? מזרח און מערב, דרום און צפון, אַפריקע, אייראָפּע, אַזיע, — זיי האָבען דאָ געקעמפט פאַר זייער לעבען, פאַר זייער הערשאַפט.

ווער געהט דאָרט אויף דער גאַס? ווער דערנעהנטערט זיך מיט שטילע טריט? — איך זעה איהם ניט, איך הער איהם בלויז. איז דאָס אפשר אווערראָעס, דער טיפסטער דענקער פון דער אַראַבישער קולטור? איז דאָס גאָר דער שלאַנקער אידישער אינגעל, דער זוהן פון דעם קאָרדאָוואער דיין ר׳ מיימון, — דער יונגער משה, וואָס געהט גאַנץ פריה אין בית־המדרש אַריין? אָדער איז דאָס דער קאַליף אַבדוראַמאַן, וואָס געהט, ווי ארון־אל־ראשיד, איינגעוויקעלט אין דעם ווייסען בורנוס, אויסקוקען די שטאָדט, זעהן, וואָס דאָס פאָלק באַדאַרף?

די טריט דערנעהנטערען זיך: צו דעם קלאַנג פון מענשען־טריט אויף די פלאַסטער־שטיינער קומט־צו אַ שטילער טאָן פון אַ גלעקעלע, — אַ פייפעלע שפּילט טרויעריג אַ מזרח־מעלאָדיע, — און באַלד באַווייזט ער זיך, דער איינזאַמער וואַנדערער: אַן אַנדאַלוזישער פאַסטוך, — אַ פאַטשיילע אויפ׳ן קאָפּ און איבער דער פאַטשיילע אַ ברייטער קאַפעליוש, — טרייבט אַ טשערעדע שעפעלאַך, די „מאָרענאָס״ פון אַנדאַלוזיע. רויט־געפינטעלטע, מיט קונציג־געדרעהטע הערנער. שטיל קלינגט דאָס גלעקעלע, טרויעריג שפּילט דאָס פייפעלע, און עס כאַפּען זיך אויף פונ׳ם שלאָף די גאַסען פון קאָרדאָוואַ.

געסעל נאָך געסעל, — און פּלוצלינג אַ ווייסער, געלבליכער פּלאַץ. קליינע שטיינערנע הייזעלאַך, מיט פלאַכע דעכער און אויף איינער פון די ווענט אַ מאַגיש וואָרט: „כודעריאַ״ — „דער אידען־פערטעל״. עס טוט אין מיר ממש אַ ציטער דאָס האַרץ. די גאַנצע ליידענשאַפטליכע, גרויסאַרטיגע, בלוט־געטונקטע, פייער־

דיגע געשיכטע פון דעם שפּאַנישען אידענטום טוט מיר אַ שלאָג אין קאָפּ, ווי אַ הייסע כוואַליע.

אָט דאָס איז זי, — די וויג פון דעם גרויסען ספדר׳ישען אידענטום. און וואָס שטעהט אויף דער וואַנט, דאָרט, אין דעם קליינעם, שמאָלען געסעל? איז עס ניט „מאַימאָנידיס״? דער רמב״ם? די גאַס פון ר׳ משה בן מיימון? די גאַס, וואו דער גרעסטער פיהרער פון דעם אידישען גייסט איז געבוירען געוואָרען?

און וואָס איז דאָרט? — אַ פרוי, אַ יונגע פרוי, מיט אידישע אויגען, שטעהט אויף דער שוועל און רופט מיך: סעניאָר, לאַ סינאַגאָגאַ! — עס איז די אַלטע שוהל פון קאָרדאָווא. איך געה אַריין אין הויף. די יונגע פרוי ברייננגט די שליסלען: זי עפענט די שוהל. אַ קליין חדר׳ל, ווייס, נאַקעט, בלויז אַרום דער סטעליע אַ פּאָר העברעאישע אויפשריפטען, — די אַלטע אייביגע סימבאָלען פון דעם אייביג זוכענדען פאָלק.

איז דאָס אַלץ? איז דאָס געוועזן די שעהנקייט און די גרויסקייט פון דעם שפּאַנישען אידענטום? אָט דאָס קליינע, אָרימע, מאַוריטאַנישע שוהלכעל? מעהר ניט?

„אָ, געוויס, סעניאָר״, ענטפערט מיר די פרוי, „עס זיינען געוועזן נאָך אַנדערע, אָבער זיי זיינען איצט קירכען״.

און איך ווייס ניט, צי טוט עס איהר באַנג, צי פרעהט זי זיך, אָדער זי איז בכלל גלייכגילטיג.

איך פרעג איהר ניט מעהר: עס איז ניטאָ וואָס צו פרעגען: עס איז אַזוי קלאָר. פאַר מיר שטעהט אַ אידישע טאָכטער, פאַרבליבען פון די אַלטע צייטען, ווען אויף די גאַסען פון קאָרדאָווא זיינען געגאַנגען פּראָצעסיעס פון מאַנאַכען מיט ברענענדיגע ליכט און פון מאַראַנען, וואָס מען האָט געפיהרט צום פייער־טויט.

„אַניטאַ, אַניטאַ!״ דערהערט זיך אַ מענער־שטימע פון דעם הויז, לעבען דער שוהל.

„פּאַרדאָן, אוסטע״ (פאַרצייהעט, מען רופט מיך), זאָגט מיר די יונגע פרוי און לאָזט מיך איבער אַליין אין דער אַלטער, פאַר־יתומ׳טער שוהל.

איך ווער באַלד מיד. עס לייגט זיך אויף מיר ווי בליי די פאַרגאַנגענהייט. די פרייד פון שטעהן ביי דער וויג איז פאַרגאַנגען. און דער טרויער פון קבר איז געקומען.

איך געה אַרויס פון דער שוהל: דורך גאַס, פאַרביי קליינע, ווייסע הייזלאַך, מיט בלומען, — רויטע, בלויע, שמעקעדיגע בלו־מען, — און די מאָזאאיק־געפלאַסטערטע הויפען, און געה אַרויס צו דעם טויער פון אַלמאַנדאוואַר, — דער טויער, וואָס איז געווען דער גרעניץ טויער — צו דער אַלטער בריק אויף דעם גוואַ־דאַלקוויוויר.

ברייט און רוהיג איז דער אַלטער טויער. גרין אונטער דער פרישער זון. איבער דער אַלטער, גרויער רוימישער בריק געהען פּאַסטוכער מיט טשערעדעס, פון יענער זייט בריק — צוויי אַלטע, שוואַרצע ווינט־מיהלען. די אַראַבער האָבען זיי געבויט מיט אַכט הונדערט יאָהר צוריק, און זיי שטעהען נאָך אַלץ, — און מען מאָלט נאָך דאָרט אַלץ די קערנער, וואָס אַנדאַלוזיע גיט אַרויס. און ווער ווייסט, צי די, וואָס מאָלען איצט, זיינען ניט די אור־אייניקלאַך פון די, וואָס האָבען געבויט די מיהלען?

איך קירעווע זיך אַריין אין אַ געסעל דורך אַן אַלטען גאָטישען טויער, און אָט בין איך אויפ׳סניי אין דער אַלטער שטאָדט, — און פאַר מיינע אויגען — דער גרעסטער וואונדער פון קאָרדאָווא, — ניין, פון גאַנץ שפּאַניע: די קאַטעדראַלע פון קאָרדאָווא, אָדער, ריכטיגער, די „מעסקיטאַ״, די מוסולמאַנישע מאָשעי, וואָס די קריסטען האָבען געמאַכט פאַר אַ קלויסטער.

געל און שוואַרץ, געל און גרוי שטעהט ער, דער אַלטער בנין, וואָס איז שוין איבערגעגאַנגען אַלצדינג, וואָס האָט שוין צו אַלע געווע־טער געדינט. געווען אַמאָל, — גאַר, גאַר אַמאָל, — אַ רוימישער טעמפּעל, פאַר אַפּאָלאָן, — געוואָרען דערנאָך אַ גאָטישע קירכע פון סאַן־וויסענטע; דערנאָך, — און דאָס איז געווען מיט עלף הונדערט און פופציג יאָהר צוריק, — געוואָרען די גרעסטע, די שעהנסטע מאָשעי, וואָס דער איסלאַם פאַרמאָגט. דער קאַליף אַב־דוראַחמאַן האָט זי אויסגעבויט; צוויי הונדערט יאָהר נאָכאַנאַנד האָט זי יעדער קאַלף פאַרבעסערט און פאַרשעהנערט; די אַראַ־בישע וועלט האָט אַריינגעהויכט איהר נשמה אין איהר; ביז די צייט איז געקומען, ווען קאָרדאָווא איז געוואָרען ווידער קריסט־ליך, — און העכער פון זיבען הונדערט יאָהר נאָך איהר אויפבוי איז די מאָשעי געוואָרען אויפ׳סניי — די קריסטליכע קאַטעדראַלע.

עלף הונדערט, צוועלף הונדערט יאָהר, יאָהר נאָך יאָהר, זונען־אויפגאַנג נאָך זונען־אונטערגאַנג, — אָבער דער מאָנומענט פון

שטיין שטעהט אַזוי רוהיג, אַזוי פאַרטראַכט, אַזוי גלייכגילטיג.

שטיל און רוהיג שטעהען די מאַראַנצען־בוימער אין דעם „פאַטיאָ דע לאס נאַראַנכעס״, דעם מאַראַנצען־הויף פאַר דער מאָשעי, — שטעהען און שענקען אַוועק זייער בליה און זייער ריח.

שטרענג און רוהיג שטעהען די געלע ווענט. זיי וויסען, ווי שעהן זיי זיינען. ווי קאָן מען עס ניט וויסען, ווען מען שפּיגעלט זיך אין דעם קוואדאלקוויוויר, שפּיגעלט זיך מיט די וואונדערבאַר־גראַציעזע אַרקאַדען, געל מיט רויטע פאַסען, — מיט די שוואַרצע באַגאַלטענע, מיט די רויטליך־רויזענפאַרביגע מירמעלשטיינערנע קאָלאָנען? וויפיל זיינען זיי, אָט די שלאַנקע גאַזועלען, אָט די געטאַקטע פּרויען־פּיס, וואָס טראָגען אויף זיך דעם שטאָלצען בנין? איך האָב זיי געפּרובט צעהלען, — געצעהלט ביז הונדערט, און זיך פאַרפּלאָנטערט.

און זיך פאַרבלאָנדזשעט, זיך פאַרלוירען אין דעם וואַלד פון קאָלאָנען און נישען און טירען, און פאַרטאַלען און סטאַטועס. אַרום און אַרום מאָזאַאיק־גאָלדענע אויפשריפטען פון דעם קאָראַן, בלוי אויף גאָלד. אויף יעדען טריט — אַ נייער סימבאָל: דער מזרח, וואָס האָט געקעמפט פאַר זיין לעבען מיט דעם מערב — און איז באַזיגט געוואָרען.

אָבער ניט אין גאַנצען. דער מערב האָט ניט געקאָנט פאַרקאַטעדראַליזירען די גאַנצע מאָשעי. בלויז איין ווינקעל איז קריסטליך, — מיט די שווערע אָרגלען, מיט די גאָלד־באַפּוצטע אַלטאַרען, מיט די באַרבאַרישע סטאַטועס און די שוואַרצע איינגערעמעלטע הייליגע בילדער. דער גרעסטער טייל איז ליידיג, פריי. דאָרט איז נאָך דער גייסט, די שטימונג פון דעם מזרח; דאָרט פלאַטערט נאָך דער ווייסער בורנוס און דער גרינער טורבאַן פון אַבדוראחמאַן.

שוואַרצע מאָנאַכען, פעטע גלחים, הויבען אָן אַריינצוקומען. רויטע יאַרמולקעס, שוואַרצע יאַרמולקעס, קעפּ מיט טאַנדורעס, מאָנאַכען באַרוויסע, מאָנאַשקעס אין שוואַרץ, קליינע כאָר־איינגעלאַך אין ווייס, — די שפּאַנישע קירכע גיט אָפּ איהר פריהמאָרגענגרוס צו דער קאַטעדראַלע פון קאָרדאָווא.

איך זעץ זיך אויף אַ באַנק. דער אָרגעל שפּילט, דער ריח פון ווייַרויך פאַרשפּרייט זיך איבער דער קירכע, די מאָנאַכען הויבען אָן צו זינגען. איך פאַרמאַך די אויגען. איך זעה אידען,

וואָס זיינען געוואָרען קריסטען, זינגען אידיש־אָריענטאַלישע מעלאָ־
דיעס לכבוד אַ אידען פון גליל.

און אַבדורראַחמאַן שטעהט אין אַ ווינקעל פון זיין מאַשעי און
שמייכעלט אין דער לאַנגער באָרד אַריין: געקעמפט, געזיגט, און
וואָס? אויפ'ן אָרט פון מעקאַ דאַוועגט איהר צו ירושלים, —
און צוליב דעם אַזוי פיל בלוט!

דער געזאַנג הערט אויף. עפּעס אַ שטימע לעבען מיר וועקט
מיר אויף: אַן אַלטע שפּאַנישע פרוי בעט אַ נדבה.

און איך געה אַרויס פון דער „מעסקיטא" — צו דעם אַלטען
קוואדאלקוויוויר, — צו דעם איינציגען עדות פון קאָרדאָווא, וואָס
האָט זיך ניט געביטען.

עס געהט צו מיטאָג. די זון צעפלאַקערט זיך. עס ווערט צו
הייס. קאָרדאָווא ווערט ווידעראַמאָל פאַרשלאָפען. אַלע אַניטאַס
און קאַרמעליטאַס און דיעגאָס באַהאַלטען זיך אין שאָטען, און איך
געה אויך אין שאָטען אַריין, — אין דעם שאָטען פון אַלטע וויגען
און — קברים . . .

## 2

## סעווילִיא

און ווידער אַ קאַטעדראַלע, און ווידער אַראַבישע, מורישע
חורבות. דאָס מאָל ניט מעהר אַ מאַשעי ווי אין קאָרדאָווא, נאָר אַ
קעניגליכער פּאַלאַץ, — דער אַלקאַזאַר. קאַליפען האָבען איהם
געבויט, שפּאַנישע קעניגען באַוואוינען איהם פון צייט צו צייט.

אָבער די צייט ווערט אַלץ זעלטענער, און דער אַלקאַזאַר
ווערט אַלץ איינזאַמער, שטילער, אַלץ מעהר רואינע און גע־
דעכעניש.

אַ נאָכמיטאָג אין דעם גאָרטען פון דעם אַלקאַזאַר. איך זיץ
אויף אַ מירמעל־שטיינערנער באַנק ביי אַ בלומען־פאַרברעמטען
טייכעלע. עס איז די „ליבעס־באַנק", אַזוי זאָגט די אַראַבישע
אויפשריפט. זי זאָגט נאָך מעהר: זי דערצעהלט פון וואונדער־
ליכע טויזענט־און־איין־נאַכטיגע ראָמאַנען און אָוואַנטיורעס, פון
שטילע זיפצען, פון הייסע קושען, פון ליידענשאַפטליכע נעכט, פון
פאַרשלייערטע געליבטע און ליבהאָבער אין זיידענע בורנוסען און

מיט גאָלדענע שווערדען אויף די לענדען; זיי דערצעהלען, — אָבער רעדען זיי דען ניט איצט אויך, — די בלויע בלומען, די רויטע מאַראַנצען, די בלויע, שטילע וואַסערען, די טיפע שאָטענס צווישען די בוימער?

זיי רעדען; און ווער עס קאָן הערען — הערט, און זיפצט צום אַלטען זיפץ פון אייביגקייטען.

אַ פּאָר טריט ווייטער: די קאַטעדראַלע; די גוואַלדיג גרויסע, די ריין גאָטישע, די האַרבע, פינסטערע, שפּאַניש־קאַטוילישע.

ניטאָ מעהר קיין גראַציע, קיין גרינגע, שפּילעוודיגע שעהנ־קייט. שווער און מאַסיוו און פאַנאַטיש. דער גערמאַנישער צפון, וואָס האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין דעם הייסען דרום און האָט זיך נוקם געווען אָן זיין ליכטיגקייט, פאַרשפּאַרט, פאַרקייטעלט זיין אַראָמאַטישע גרינגקייט.

עס איז ניט קיין מאָנומענט פון גלויבען, עס איז אַ מאַוזאָלעי פון נקמה, — אַזוי ווי דאָס גאַנצע קריסטענטום, ווי שפּאַניע האָט איהם פאַרשטאַנען און געפורעמט, — אַ שנאה צו דער זון, האָס צום לעבען און זיין וואַרימער רויטקייט.

אין גאַס אַריין. סעווילּיא לאַכט. אין דער ענגער הויפּטגאַס, „לאַס פּיערסעס" (די שלאַנגען), — אַ גאַס, וואו צוויי מענשען קאָ־נען קוים פאַרבייגעהן, — טאַנצט אַנדאַלוזיע, זינגט דאָס שפּאַניש־אַראַביש־אידישע בלוט. ווייטער, אויפ'ן פּלאַץ אַלאַמעדאַ, שפּילט מוזיק. פון אַלע זייטען קינעמאַטאָגראַפען אין פרייער לופט. מען וויזט טשאַרלי טשאַפּלינ'ס קונצען, און דער עולם לאַכט ניט. מען וויזט עפּעס אַ שפּאַנישע קאָמעדיע, און די פּעדראָס, די דיעגאָס, די דאָלאָרעסעס ווערען כמעט ווילד פון פרייד. ערגעץ־וואו טאַנצט אַ פּרוי די סעווילּאַנאַ; אָן אַנדערע — דעם פלאַמענגא; פּיס אין טאַקט, אַפּזאַצען, וואָס קלאַפּען־צו; קאַסטאַנעטען קנאַקען. צווישען דעם עולם באַווייזט זיך אַ טאָרעאַדאָר אין זיין גאָלד־געשטיקטען מאָדנעם לבוש און מיט אַ פעדער אויף זיין קיילעכדיגען קאַפּעליוש. מען דערזעהט איהם און מען אַפּלאָדירט. מאָרגען, אָדער איבער־מאָרגען, איז „אַ קאָרידאָ די טאָראָס" אין סעווילּיא; מען גרייט זיך צום נאַציאָנאַלען שפּיל: מענשען קעמפען מיט ביקעס.

דר. א. קאָראַלניק

סעווילִיא חלומ׳ט ניט, ווי קאָרדאָווא: סעווילִיא האָט פאַר־געסען.

בלויז איין געסעלע אין סעווילִיא האָט ניט פאַרגעסען. זיי רופען עס אָן „באַריאָ דע סאַנטא ספּיריטאָ״, — דער קוואַרטאַל פון דעם הייליגען גייסט, — אָבער זיין אמת׳ער, זיין היסטאָרישער, פאָלקסטימליכער נאָמען איז: „כודעריאָ״. ווידעראַמאָל דער אידען־פערטעל, די אַמאָליגע געטאָ פון סעווילִיא.

אַ פּאָר ענגע, שמאָלע, ריינע, ווייס־בלישטשענדיגע געסעלאַך לעבען דעם וואונדערבאַרען גאָרטען פון מוראַלאַ.

און ווידעראַמאָל שאָטענס: יהודה הלוי שטעהט אויף פון זיין שלאָף און באַגלייט מיך איבער די געסלאַך. דאָרט איז ער גע־בוירען געוואָרען, דאָרט האָט ער געלעבט, און געזונגען, ביז צו זיין לעצטער רייזע, — די רייזע קיין ירושלים. און דער שאָטען דערצעהלט, — אַזוי זיס, אַזוי טיף, ווי נאָר יהודה הלוי קאָן דער־צעהלען, — פון גאַזעלען־אויגען און ווייסע לייבער, פון טיפער בענקשאַפט און שווערע חלומות, פון מענש און וועלט און גאָט.

עס ווערט אָווענט. די בוימער שעפּטשען, זיי זיפצען. איך הער דעם אַלטען אַראַביש־שפּאַנישען זיפץ: „אַי דע מי אַלהאַמאַ״, דער זיפץ פון אַ באַזיגטען, וואָס האָט פאַרלוירען.

אַ שטימע לעבען מיר וועקט מיך אויף פון מיין פאַר׳־חלומ׳טקייט:

„סעניאָר, קיערע אונאַ סעווילִיאַנאַ?״ (איהר ווילט אַ סע־ווילערין?).

און דער שעהנער חלום פון ר׳ יהודה הלוי׳ס סעווילִיא ווערט צערונען.

„אַ, דע מי אַלהאַמאַ!״ — די שעהנקייט איז פאַרביי . . .

אויגוסט 21, 1926

# דאָס ווידער־קול פון די געפּיי־ניגטע אידען אויף דעם פּלאַץ פון שייטערהויפנס

## פון מיינע „שפּאַנישע בלעטער"

אַרום אַ טישעל ביי דעם „קאַפע דעל אוניוועוסאַ" אויף דעם פּלאַץ סאָקאָדאָווער, דעם הויפּט־פּלאַץ פון טאָלעדאָ, איז געזעסען אַ מערקווירדיגע גרופּע. אויפ׳ן ערשטען בליק אַ גאַנץ געוויינ־ליכע, נאָרמאַלע שפּאַנישע געזעלשאַפט. קיין איינציג פרעמד וואָרט, קיין זשעסט, וואָס זאָל אונטערשיידען גראָד דעם טיש פון די אַלע איבעריגע טישלאַך אַרום און אַרום. אַ גלח, אַ קאַפּיטאַן פון דער זשאַנדאַרמעריע, אַ פאַבריקאַנט פון טאָלעדאָ, צוויי סוחרים און נאָך איינער, וואָס האָט ניט באַלאַנגט צו קיין קאַטעגאָריע און וואָלט געקאָנט באַלאַנגען צו יעדער.

מען האָט גערעדט שפּאַניש. און ווי דער מנהג איז אין דעם לאַנד פון שטאַרקע פאַרבען און הויכע ווערטער — זעהר הילכיג. גערעדט וועגען פּאָליטיק, וועגען די עקאָנאָמישע פּראָבלעמען פון טאָלעדאָ און פון שפּאַניע בכלל; איבער „טאָראָס", דעם נאַציאָ־נאַלען שפּיל פון שפּאַניע — אַלצדינג, ווי עס דאַרף צו זיין.

און קיינער האָט ניט באַמערקט, אַז אַרום דעם טישעל וואַנדע־רען שאָטענס, טראַגישע, סודות׳דיגע, שאָטענס פון פאַנטאַסטישע צייטען. און קיינער האָט ניט באַמערקט, אַז דאָ האָט זיך אַוועק־געזעצט ביי אַ גלאָז קאַווע די גאַנצע געשיכטע פון אייראָפּע — אין איהר גאַנצער פאַרבען־סקאַלאַ. דאָן ניקאָלאָס, דאָקטאָר פון קאַנאָנישען רעכט און קאַנאָניקוס פון דער טאָלעדישער קאַטעד־ראַלע, אַ גלח מיט אַ קלוגען פּנים און מיט אַ ראַפינירטען שמייכעל אַרום די ליפּען; דאָן כעראָנימאָ, אַ פאַבריקאַנט, אַ תושב פון טאָ־לעדאָ, הויז־און גרונט־באַזיצער, הויך און דין און מיט אַ לאַנגען, על־גרעקאָ׳שען פּנים, ממש דער פּנים פון דעם גראַף אָרגאַז אויף דעם באַרימטען בילד פון על גרעקאָ; פּעפּע בראַוואָ, אַ זשאַנ־דאַרמעריע־קאָמענדאַנט אין מאַראָקאָ — אָהן אַ רעקעל, אָהן אַ

קאַלנער, היימישליך, גוט־ברודעריש, אָבער אין די אויגען אַ געפערליכער פונק. אָט־אָט צעברענט ער זיך, צעפלאַמט ער זיך, און עס צינדט זיך אָן דער גרויזאַמער פייער פון דעם שפּאַנישען סאָלדאַט, וואָס האָט אַמאָל געטראָטען אויף האַלב אייראָפּע און צעטראָטען האַלב אַמעריקע. צוויי אידען. איינער אין שוואַרצען — אַ מאַראָקאַנער פון טאַנזשיר, אַ בלייך, פאַנאַטיש פּנים. דער צווייטער אַ דיקליכער, אַ קאַליריגער, אַ באַלעבאַטישער, אַ באַנקיר און „חכם” פון סעאוטאַ, אין שפּאַניש־מאַראָקאָ.

און דער לעצטער — פון דעם ווייטען, ווייטען צפון, אַ שפּיגעל פון טויזענטערליי געשטאַלטען, אַ קנויל פון שיקזאַלען, אַ וואַנדערער, וואָס קאָן ניט און וויל ניט זיך אָפּשטעלען, זיך פאַראַנקערען.

אַ קילער שפּעט־נאָכמיטאָג נאָך אַ הייסען טאָג פון אַרומגעהן איבער דער אַלטער און פאַר„כישוף”ענדיגער שטאָדט טאָלעדאָ. אַ טאָג, איינגעטונקען אין מיסטישער שעהנקייט. אַ טאָג צווישען קברים און מצבות.

ווייל אַלצדינג אין טאָלעדאָ איז בית־עולמ׳דיג. לויטער פאַרגאַנגענהייט, אָהן שום איבערגאַנג און אָהן שום שייכות צו דעם היינט. מיר דאַכט זיך, די איינציגע שטאָדט אין דער וועלט, וואו דער נעכטען, דער אייערנעכטען, האָט אינגאַנצען איינגעשלונגען דאָס לעבען און פאַרשטעלט איהם דעם וועג.

די שמאָלע גאָסען, די באַרגיגע, זיגזאַגיגע געסעלאַך, וואָס הויבען זיך אָן מיט כמעט אַ מאָדערנעם הויז, דרעהען זיך איבער אָכצעהנטען און זעכצעהנטען יאָהרהונדערט, פאַרקירעווען אין דעם מיטעלאַלטער, שפּרינגען־אַריבער קיין אַראַביע און פאַרענדיגען זיך עפּעס אַזוי פלוצלינג, אומגעהערט, פאַר אַ וואַנט, אַ רואינע, אַ ווייסען שטיין, וואו כנענים און רוימער, אידען און אַראַבער, גאָטען און אַלע פעלקער פון אייראָפּע האָבען אַראָפּגעקוקט אויף דעם ברייטען, רוהיגען, גרינליכען טייך טאַראָ.

געסעלאַך אָהן נעמען. עס זיינען פאַראַן אויפשריפטען, און אַלע אַזוי עכט־קאַטוילישע, ווירוויכיגע. אָבער הינטער די נעמען — אַנדערע, אַראַבישע, העברעאישע, פעניצישע, ווייל טאָלעדאָ — טולטילאַ — האָט שוין געלעבט און געטומעלט, ווען חירם פון צור האָט געהאָלפען שלמה פון ירושלים בויען דעם מקדש.

אַזוי די לעגענדע, און זי איז ניט ווייט פון ווירקליכקייט. אַ שטאָדט, וואָס האָט גאָר ניט קיין אָנהויב. אַזוי נאַטירליך איז איהר אַלטקייט, אַזוי זעלבסטפאַרשטענדליך.

אין די איבעריגע שטעדט פון שפּאַניע פּיהלט איהר, ווי די פאַרגאַנגענהייט שמייכעלט צו אייך, קאָקעטירט מיט אייך. „זעהט, ווי איך בין שעהן! קוקט זיך איין אין מיר!" אין קאָרדאָוואַ און אין סעוויליאַ און נאָך מעהר אין גראַנאַדאַ איז געשיכטע אַ פּאַראַד, אַ דראַמע אין ראָמאַנטישען סטיל. טאָלעדאָ איז ערנסט. טאָלעדאָ איז אַ שטיינערנער גאַרטעל, טויערן און פעסטונגען, גאָטישע, מאָורישע, שפּאַנישע. וואו דאָס אויג פאַלט — אַ פעסטונג.

און שטיל איז טאָלעדאָ, ווי אַ בית־עולם. שטיינערנע „אוהל'ס" — די הייזער, און אַרום זיי דרעהען זיך אַרום מענשען, וואָס וואַרטען אויך נאָך אויף זייער צייט, אויף זייער לעצטער שעה.

„העי, רעד שטיל!" מיקעל אַנדזשעלאָ'ס שלוס־סטראָפע פון זיין באַרימטען ליד, דעם ליד, וואָס הויבט זיך אָן מיט די ווער־טער: „איך וואָלט געוואָלט זיין ווי אַ שטיין". זיי וואָלטען באַ־דאַרפט זיין איינגעקריצט אויף די טויערען פון טאָלעדאָ. ווייל אַלע ווערטער זיינען שוין געזאָגט געוואָרען — און אַלע פאַרקלונגען, פאַרגאַנגען. אַלע ליידענשאַפטען אויסגעברענט און אויסגערויכט, ווייל אַלצדינג שוין געווען — און אומזיסט.

איך געדענק דעם טראַגישען געפיהל, וואָס האָט מיך אַרומגע־נומען, ווען איך בין אַריינגעקומען אין דער „כודריאַ", די אי־דישע גאַס פון קאָרדאָוואַ, אין דעם אַלקאַזאַר פון סעוויליאַ אָדער דער אַל־האַמבראַ פון גראַנאַדאַ. פון אַלע זייטען דער זיפץ: „אַי, דע מי אַלהאַמבראַ!" — וועה צו מיין אַלהאַמבראַ — דער זיפץ פון דעם לעצטען מאָורישען קעניג, דעם יונגען ביי־אַבדול, ווען ער האָט פאַרלאָזט די אַנדאַלוזישע ערד.

שוין די נעמען, די געשטאַלטען, וואָס האָבען אַרום זיי גע־שוועבט: רמב"ם, ר' יהודה הלוי, שלמה אבן גבירול. פון יעדען שטיין, פון יעדער וואַנט האָט מיר אַנטקעגענגעקלונגען דאָס גע־זאַנג פון דורות. און עס האָט זיך ניט געגלויבט, אַז עס איז פאַר־שטומט אויף אייביג. און איז דען דער רמב"ם ניט לעבעדיג היינט, ווי מיט אַכט הונדערט יאָהר צוריק? און קלינגט ניט יהודה

הלוי׳ס: „ציון הלא תשאלי״ פון די „כאַרדינעס״ אין סעווילאַ ביז צום לעצטען ישוב פון אידען אין דער וויטער וועלט? זינגט ניט דאָס אידענטום פון אַלע לענדער גבירול׳ס לידער — די לידער וואָס זיינען געבוירען געוואָרען אַט אַרום דעם אַל באַיסין אין גראַנאַדאַ?

אָבער טאָלעדאָ איז טויט — אָהן טראַגיק. איך געה אַריין אין דער „סינאַגאָגאַ דעל טראַנסיטאָ״, דער שוהל פון שמואל הנגיד. ווירדיג, רוהיג, אויסגעליטען, אויסגעקעמפט. ניטאָ מעהר קיין ברענענדיגער ווייטאָג און קיין פּאַטעטישער אויסגעשריי.

זון־שטראַלען דרינגען־אַריין דורך די הויכע פענסטער. אַרום דעם קאַרניז לויפען אין בלויער מאָזאַיק פסוקים פון תהילים: „למנצח על הגיתית״. האַרפען־קלאַנגען, אָהן מלחמה־טאָן, אָהן ביטערקייט.

מיר געהען־אַריין. דאָן כעראַנימאָ טיעראָ פירט אונז אין אַן אַלטער אַראַבישער מאָשעי. הונדערטער יאָהרען געווען אַ מאָנאַס־טיר, דערנאָך פאַרגעסען און פאַרשלאָסען, ביז דאָן כעראַנימאָ האָט אָפּגעקויפט דאָס הויז און וויל עס ווידער פאַרקויפען צו אידען — אפשר וועלען זיי דאָרט אַנטדעקען אַ שוהל.

איך צעשטער די אילוזיעס פון דעם גוטען דאָן כעראַנימאָ: ווייז איהם, אַז דאָס האָט ניט געקאָנט זיין קיין שוהל, נאָר בלויז אַ „מסגד״ פון מוסולמאַנען. און בעט איהם: פאַרקויפט ניט, מאַכט ניט קיין טומעל און ניט קיין פּאָליטיק. זאָלען זיי שלאָפען מיט זייער אייביגען שלאָפען — די הייזער פון אמונות. בעסער אַזוי. זאָל דער חלום פון אַמאָל בלייבען אַזוי, ניט פאַרענדיגט, פאַר־שטיינערט, ניט־אויסגעלעבטע מעגליכקייטען.

בעסער אַזוי — מאַרמאָר־שטיקער, גראָז אויף דעם הויף און זון איבער חורבות. נאָר ניט צוריקבויען, נאָר ניט קיין תחית־המתים.

ווייל שרעקליך דער טאָג, ווען די טויטע שטעהען־אויף, יעדער אין זיינע תכריכים און מיט טויט־שרעק אַיעדער. „זיס איז דער שלאָף״ — דער שלאָף אין טאָלעדאָ.

מיר געהען־אַריין אין דעם הויז פון „שמואל לוי״, שמואל הנגיד. אָפיציעל הייסט עס דאָס הויז פון על־גרעקאָ. דאָרט האָט ער געלעבט און געאַרבייט, דער מערקווירדיגער גרעק פון

קרעטאַ, דאָמעניקאָ טעאָטאָקאָפּולאָ, וואָס האָט זיך באַזעצט אין שפּאַניע און איז געוואָרען דער אייגענאַרטיגסטער מאָלער פון מערב־אייראָפּע.

צוויי עפּאָכעס, צוויי סטילען, צוויי שיקזאַלען: שמואל הלוי, דער אידישער גביר און למדן און על־גרעקאָ, דער מיסטיקער. איין לעבענס־קרייז געהעט־אַריין אין דעם צווייטען. אַ ראָד איז אַ ראָד. שטיל אין דעם הויז, ווי פאַרצויבערט. אַלצדינג ווי עס איז געווען מיט הונדערטער יאָהרען צוריק. יעדע כלי אויף איהר אָרט. דער טיש געגרייט, דאָס חדר געפּוצט. וואו איז דער באַלעבאָס? און עס ווייזט זיך מיר אויס: אָט קומען זיי — שמואל הנגיד, דער שפּאַנישער גביר אין זיין מאַנטעל און ברייטען הוט, און מיט איהם — רבנים, דיינים, לומדים. און נאָך זיי אידען, וואָס לויפען גיך דורך דעם הויז אַראָפּ אין דעם קעלער, אין די אונטערערדישע באַהעלטענישען; דאָרט אויף גיך אָנגעטאָן דעם טלית — און עס קלינגט פון דעם קעלער אַרויס די גרייז־גרויע תפילה, און איהר עכאָ'ט, ענטפערט אַן אַנדער קול פון דעם פּלאַץ אַנטקעגען — דער קול פון די געפּייניקטע אויף דעם פּלאַץ פון דעם אויטאָ־דאַ־פע.

און ווידער ווערט עס לײדיג און שטיל אין דעם גרויסען הויז. איבער שבעה ימים צעשפּרייט און צעזייט די, וואָס האָבען דאָרט געלעבט. פון אַמסטערדאַם און פון פערנאַמבוקאָ, פון האַמ־בורג און פון סטאַמבול טראָגען זיך בענקענישען נאָך דעם שטילען הויז אין טאָלעדאָ, נאָך זיין גאָרטען, נאָך דער קרעניצע אינמיטען הויף און נאָך דער פּאַנאָראַמע, וואָס עפענט זיך פון דער ווערראַנדע: די בערג, דער טאַראָ, דער שטיינערנער גאַרטעל פון טאָלעדאָ.

און אָט קומט־אַרויס פון דעם קעלער אַן אַנדער געשטאַלט. אַ פּינזעל אין דער האַנט. דער גריכישער מאָלער. אַ פרעמדער אין דעם לאַנד, אַ פרעמדער אין דער וועלט. און אַזוי מאָלט ער זי אויך, מיט פרעמדע אויגען. געשטאַלטען, ווי זיי קומען ניט פאָר, אַחוץ אין דעם חלום. אויסטייטשונגען פון מענשען — ניט מענשען ווי זיי געהען און שטעהען. און על־גרעקאָ האָט דער ערשטער, אפשר אויך דער לעצטער, דערפיהלט און געוויזען די נשמה פון דער שטיינערנער שטאָדט, דער שטאָדט, וואָס איז אַ לייטער צו אַן אומבאַקאַנטען ציל.

דר. א. קאַראַלניק

* * *

מיר זיצען אויף דעם פּלאַץ סאָקאָדאָווער, יעדער פון אונז אַן אָפּגעשלאָסענע וועלט. און יעדער רעדט פון זיינע געהיימסטע, טייערסטע ענינים. די צוויי מאַראָקאַנער — פון זייער שפּאַנישער פאַרבונדענקייט און זייער געדענקען. זיי דערצעהלען, ווי אויף דעם וועג פון מאַדריד קיין טאָלעדאָ האָבען זיי אַ גאַנצען וועג געזאָגט, געזונגען אויפ'ן קול קאַפּיטלאַך תהילים. דער קאַנאַניקוס פאַרוואונדערט זיך ניט. דאָן כעראַנימאָ שמייכעלט — ליטעראַריש. קלינגט ווי אַ ליד, קלינגט ווי די פּראָזאַ פון מאַריס באַרעס, וואָס האָט אַזוי גוט פאַרשטאַנען די נשמה פון טאָלעדאָ, די נשמה פון „בלוט און תאוה". די אידען פיהלען, אַז זיי רעדען פאַרביי, אַז זייערע ווערטער געפינען ניט מעהר קיין עכאָ, ווייל זיי זיינען די איינציגע, וואָס טראָגען אין זיך אַלט־טאָלעדאָ אין דער נשמה, דעם פייער פון גלויבען און די פאַרשטיינערטע עקשנות.

און דער פרעמדער, זייטיגער מיט זיי, דער פון מרחקים געקומענער, הערט, קוקט און זעהט פאַר זיך אַן אַלטע פּראָצעסיע, אַ סימפּאָניע פון פאַרקלונגענע טענער — טויטע, וואָס ראַנגלען צווישען זיך.

שאָטענס לייגען זיך איבער דעם סאָקאָדאָווער. אַ וואַרימע שפּאַנישע נאַכט בעט זיך אויס איבער טאָלעדאָ. און אַרום דעם שטיינערנעם „אוהל" ווערט נאָך שטילער.

און מיר, די לעבעדיגע, זעצען זיך אַריין אין אויטאָמאָביל און פאָהרען קיין מאַדריד, פון דעם פאַרגאַנגענעם אייערנעכטען צו דעם שטורמישען היינט.

קוים אַרויס פון די טויערן פון דער שטאָדט טולטילאַ — ווערט לעבעדיג דער שמועס. דאָן כעראַנימאָ באַווייזט מיר, ווי שעדליך די פינאַנץ־פּאָליטיק פון שפּאַניע איז געווען, ווי דער מאָנאָפּאָל־סיסטעם רואינירט די אינדוסטריע. די אידישע פריינט רעדען וועגען זייערע מאַראָקאַנישע געשעפטען. פּעפּע בראַוואָ זינגט אַ ליד, אָבער איך קוק זיך אַלץ אום, אפשר לויפט מיר נאָך אַלט־טאָלעדאָ? איך קוק זיך אום — רוהט שוין די טויטע שטאָדט? און ווי געטרייע שומרים שטעהען די שטיינערנע ווענט אַרום טאָלעדאָ, און פון די טורעמס וועהט דער שלאָף.

אויגוסט 9, 1931

# אויף דער אַרענאַ פון זאַמד און בלוט

## פון מיין רייזע איבער שפּאַניע

צוויי טעג נאָכאַנאַנד האָט זיך מאַדריד געוויגט. אויף די טראָטואַרען, לעבען די קאַפעס, אין די טאַבאַק קראָמען, אומעטום איין טעמע און איין אויפרעגונג: די „קאָרידאַ", דער קאַמף מיט די ביקעס. פּאָליטיק, ליטעראַטור — אַלצדינג צוריקגעטראָטען אין אַ זייט. אַלצדינג פאַרגעסען. אפילו דער שיכפּוצער מיט דעם בלייכען פּנים, וואָס באַט אייך אָן אַמאָל פּופּצעהן אַ טאָג צו פּוצען אייערע שיך — „לימפּיאַ באָטאָס!" רופט ער מיט אַזאַ חניפה'דיגען, אונטערטעניגען קול — אפילו ער פאַרפיהרט מיט אייך, קניענדיג פאַר אייך און פּוצענדיג די שיך, אַ שמועס וועגען די טאָרעאַדאָרען, מאַטאַדאָרען, פּיקאַדאָרען, ד. ה. ביקעס־קעמפער, ביקעס־טויטער, ביקעס־שטעכער. ער רופט אייך אָן נעמען — „באַרימטע" נעמען: מאַנאָעליאַ, לאַלאַנדאַ, ביענוועאַדאַ, א. אַז. וו., און קרעכצט־אונטער: „אַי, וואָס פאַר אַ שאָד, וואָס פאַר אַן אומגליק, וואָס דער „ריטאַניליאַ", דאָס ציגיינערל, איז קראַנק!" דער „ריטאַניליאַ" איז דער באַרימטסטער און באַליבטסטער טאָרעאַדאָר פון שפּאַניע, אַ נאַציאָנאַלע פיגור. די בולעטענס וועגען זיין קראַנקהייט ווערען יעדען טאָג אָפּגעדרוקט אין די צייטונגען, זיינע בילדער פּאַראַדירען אויף אַלע אַפישעס, אין אַלע אילוסטרירטע צייטונגען. און „ריטאַניליאַ" איז קראַנק — אַ ביק האָט איהם אַ קלאַפּ געטאָן. אין שפּאַניע צאָלען די „העלדען" פאַר זייער פּאָפּולאַריטעט זעהר שווער. אין לעבען, אין דער פּאָליטיק, ווי אויף דער אַרענאַ פון זאַמד און בלוט.

אַלע רעדען „טאָראָס" — ביקעס; אַלע חקירה'ן זיך און אַלע פאַרקויפען איינטריט־בילעטן צום קאַמף. אפילו די יונגע פרוי, וואָס געהט־אַרום טאָג און נאַכט מיט אַ קינד אויף די הענט — אַ קינד פון עטליכע וואָכען — אַ קיילעכדיגע פרויעלע, מיט דעם פּנים פון אַ קינד, און שרייט: „סעניאָריטאָ, קויפט אַ לאָטעריע־

צעטעל, מאַרגען דער שפּיל, מאָרגען דער גורל, קויפט, קויפט, מאָרגען!" — און דאָס פּיצעלע קינד אויף איהרע הענט שאָקעלט מיט זיין נאַקעטען קעפּעלע און קוקט אויף איך מיט די מילכיגע אויגעלעך — אפילו זי פּאַרקויפט שוין „קאַרידאַ בילעטן" און פאַר־כלינעט זיך אַזש, ווען זי שרייט־אויס די נעמען פון די טאָרעראָס.

איך קויף ביי איהר אַ בילעט. דאָס עופ'עלע אויף איהרע הענט ווינט זיך פלוצלינג פאַנאַנדער, און די קיילעכדיגע מוטער לייגט איהם אַריין אַ פעטען פינגער אין מויל אַריין. „וועט איהר אויך געהן צו דער קאַרידאַ?" —פרעג איך ביי דער קיילעכדיגער יונגער מאַמע. און זי ענטפערט מיט אַ גליקליכען שמייכעל: „סי, סעניאָר! אַודאי!" — „און דאָס קליינע עופ'עלע?" — „אויך — לאָז עס אויך זעהן!"

און אָט געהען מיר, גרויס און קליין, אָרים און רייך, ממש זקנים פאַר דער גסיסה און קינדער נאָר־וואָס געבוירענע, צו דעם „פּלאַסאַ דע טאָראָס", דעם פּלאַץ פון די ביקעס.

האַלב מאַדריד, אָדער אפשר גאַנץ מאַדריד, יעדענפאַלס איז גאַנץ מאַדריד אין גייסט אויף דעם פּלאַץ, מיט דעם האַרצען, מיט דער פאַנטאַזיע, מיט דעם גאַנצען „איך".

אַן אָפענער אַמפיטעאַטער. טויזענטער מענשען, צעהן טוי־זענט, פופצעהן, צוואַנציג — איך קאָן ניט אָפּשאַצען; אָבער פון אַלע זייטען אַ ים פון קעפּ, שוואַרצע מלבושים, פאַרביגע פעכערס, שטיינערנע בענק און שוואַרצע, רויטע, גרינע, לעדערנע קישעלעך. די זון ברענט, ליכט פון אַלע זייטען. קיין איין רמז אויף אַ שאָטען און ניט קיין לופטעלע. אַ קיילעכדיגער, שטיינערנער, אַנגעגליהע־טער אויוון. איך וויל אַראָפּנעהמען דעם הוט, וויל זיך באַפרייען פון דעם רעקעל. אומזיסט מיין מיה. צונויפגעקוועטשט פון אַלע זייטען. אָרום מיר אַרבייטער, פויערים, פרויען — ניטאָ וואו זיך אַ קעהר צו טאָן. און ערגיץ־וואו, גאָר וויט, גאָר אויבען, דערזעה איך אַ באַקאַנט פנים — די קיילעכדיגע מוטער מיט דעם וואָכען־אַלטען קינד. איהר פעט פנים שטראַלט און דאָס נאַקעטע קעפּעלע פון דעם קינד שאָקעלט זיך אין דער זון.

אַ סיגנאַל — און די „קאַרידאַ" הויבט זיך אָן. עס עפענען זיך טויערען אין דעם קרייז אַרום דער אַרענאַ און עס קומט־אַריין די „קאַוואַלקאַדאַ", ווי אין אַ צירק, די טאָרעאַדאָרען אויף פערד, וואונדערבאַרע שוואַרצע פערד מיט פאַנטאַסטישע זאָטלען,

און די טאָרעאַדאָרען אין גאָלד־געשטריקטע, שווערע קאָסטיומען, שטאָלצע רייטער אויף שעהנע פערד. נאָך זיי, ווי די באַגלייטונג פון מלכים, די פּיקאַדאָרען, מאַטאַדאָרען, די וואָס רייצען דעם ביק, די וואָס שטעכען איהם. און זיי אויך אין מיטעלאַלטערליכע, מאַ־לערישע קאָסטיומען: קורצע הויזען, רויטע, געשטריקטע רעקלאַך, ווייסע זאָקען, האַלב־שיך מיט זילבערנע שנירלעך, און אויפ'ן קאָפּ דער טראַדיציאָנעלער, סאַמעטענער, שוואַרצער בערעט.

דער עולם אַפּלאָדירט, די טאָרעאַדאָרען פאַרנייגען זיך, שמייכ־לען, גריסען, און פאָרען־אַריין צוריק דורך די טויערען פון דער אַרענאַ.

דער פּראָלאָג האָט זיך פאַרענדיגט. דער שפּיל הויבט־אָן. קאָן מען אָנרופען אַזאַ ביטערע, טראַגישע, טויט־ערנסטע ווירק־ליכקייט — שפּיל? שפּיל איז, צ. ב., בייזבאָל, פוטבאָל, אַלע די שפּילען פון דעם אַנגלאָ־זאַקסישען ספּאָרט. מען לויפט, מען קעמפט, מען לייגט־איין וועלטען, און דער רעזולטאַט איז — גאָר־נישט. האָט בייב רוט שוין געמאַכט אַ „האָום־ראָן" — וואָס־זשע האָט זיך געענדערט אין דער וועלט? ווער האָט דערפון געליטען, ווער איז דאָ ניצל געוואָרען פון אַ טויט־סכנה? אַן אָנשטעל — ניט מעהר!

דאָ אָבער איז דאָס אַ שפּיל אויף לעבען און טויט. מענש אַנטקעגען חיה, קראַפט אַנטקעגען קראַפט. ווער פריהער — דער לעבט; ווער עס פאַרזאַמט איין מינוט — דער האָט פאַר־שפּילט זיין לעבען. דאָ איז דאָס בלוט און וואונד, און הערנער, שווערט און שפּיז, און רויט־געוואָרענער זאַמד.

ווידער אַ סיגנאַל. ווידער עפענען זיך די טויערען, און עס לויפט־אַריין אַ ביק, אַ שוואַרצער, אַ יונגער, אַ פלינקער. איינער אַליין אויף דער אַרענאַ. ער ווייסט ניט וואו ער איז, וואָס דאָס באַטייט. ער זעהט נאָר זאַמד און גרינע ווענט און אַ ים פון מענשען.

הינטער דעם פאַרקאַן פון דער אַרענאַ שטעהען די פּיקאַדאָרען. זיי געהען־אַרום, זיי טאַנצען־אַריין, אָט די פלינקע, גרינגוואַגיקע, רויט־געקליידטע, מיט לאַנגע, רויטע מאַנטלען אין די הענט און הויבען־אָן זייער טאַנץ אַרום דעם ביק. די בהמה דערזעהט דעם רויטען שטאָף און וואַרפט זיך אויף איהם, און דער מענש שפּרינגט־אַוועק. און אַן אַנדערער — ווידער דאָס אייגענע. מענש

און בהמה און רויטער טוך — אַלע איין בילד, אַ מין מיסטישער, אוראַלטער טאַנץ, דער טאַנץ פון דער שטומער באַשעפעניש.

אַ וואונדער־שעהנער טאַנץ. געמאָסטען און געצעהלט דער טריט. אַזוי קונסטפול, אַז אפילו די חיה פאַלט־אַריין אין דעם ריטם, ווערט פאַר׳כישופ׳ט פון דעם שפּיל. און אָט יאָגען זיי זיך — מענש און אָקס; אָט־אָט האָט דער ביק איהם שיעור ניט אַרויפגעכאַפּט אויף די הערנער; איין דרעה און דער מענש איז אויסער סכנה. און דאָ שטעהען ביידע איינער אַנטקעגען דעם צווייטען, די ביידע טענצער, און קוקען זיך אין די אויגען. דער עולם אַפּלאָדירט, דער שפּילער פאַרנייגט זיך, דער ביק — כמעט אויך; ווייניגסטענס שטעהט ער אַזוי שטיל, גלייך ווי ער וואָלט געוואוסט, אַז דאָס איז זיין ראָלע.

דער ביק איז שוין אַביסעל צערייצט, אָבער נאָך ניט גענוג. און עס הויבט זיך אָן דער צווייטער טייל — די פּיקאַדאָרען אויף די פערד. צוויי שפּיזען־טרעגער. די פערד מיט פאַרבונדענע אויגען; אָבער אפילו פאַרבונדען, פיהלען די פערד די סכנה און זיי ווילען ניט געהן. אַ בייטש, אַ שטאָך מיט די שפּאָרען און דאָס בלינדע פערד לויפט אויפ׳ן ביק. דער ביק שטעלט זיך אָפּ ווי פאַרוואונדערט, אָבער באַלד ווערט ער ווילד. דער מענש — מילא, צו איהם איז ער צוגעוואוינט, רייצט ער איהם ניט, האָט דער ביק צו איהם אויך גאָרנישט; אָבער פערד, אָבער חיה אַנט־קעגען חיה? און דער ביק וואַרפט זיך מיט זיין גאַנצער קראַפט אַנטקעגען דעם אָרימען פערד, שניידט זיך אַריין אין זיינע זייטען מיט די הערנער, און באַלד איז דאָס פערד אויף דער ערד — אויפ־געריסען די זייט. בלוט באַדעקט די אַרענאַ, דאָס פערד וואַרפט מיט די פיס, עס גוסס׳ט. אַ שטאָך מיט אַ מעסער און דאָס פערד ליגט רוהיג, אויסגעשפּילט, אויסגעקעמפט.

אָבער אָט איז אַ נייער פּיקאַדאָר, אויף אַ פרישען פערד. דער ביק איז שוין מיד. דער פּיקאַדאָר וואַרפט זיין שפּיז און טרעפט — דער שפּיז שטעקט אין דעם רוקען פון דעם ביק. דאָס ערשטע בלוט פון דעם קרבן. און ווייטער געראַנגעל, און באַלד זיינען שוין דריי, פיער שפּיזען אין דעם רוקען. די פּיקאַדאָרען געהען־אַוועק, און אַנדערע שטעכערס קומען־אַריין, צופוס, זילבער־באַפּוצט, מיט צוויי ווייסע שפּיזען אין די הענט. דער ביק זעהט זיי, אָבער ער וויל ניט קעמפען. ער שטעהט אין מיטען דער אַרענאַ אַ פאַרלוי־

רענער. אין זיין ביק׳עשען קאָפּ הויבט שוין, הפּנים,אָן צו שימע־רירען דאָס באַוואוסטזיין: אַרומגערינגעלט פון שונאים. און ער וויל ניט דעם קאַמף.

אָבער דער מענש וויל קעמפען. און ער רופט, לאָקט, רייצט דעם ביק. „טאָראָ, טאָראָ, אָלאָ, העי!״ — ער רופט דעם ביק, און די אָרימע חיה פאַלט ווידער אַריין אין דעם כישוף פון דעם ריטם און לויפט אַנטקעגען דעם מענשען. נאָהענט, גאַנץ נאָהענט, נאָך אַביסעל און ער איז דורס דעם זילבער־באַפּוצטען שפּילער. אָבער דער מאַן אין זילבער שפּרינגט־אָפּ, און שפּרינגענדיג וואַרפט ער ביידע שפּיזען אין דער לופט און זיי פאַלען אויף דעם רוקען פון דעם ביק.

איינער און צוויי — און ווידער איינער; שפּיזען און מעסערס שטעקען שוין אין דעם רוקען פון דעם אָרימען ביק, און איבער זיין שוואַרצער, גלאַטער הויט רינט אַ טייך פון בלוט.

איצט דער הויפּט־אַקט — דער טאָרעאַדאָר איז אויף דער סצענע. אַליין, רויט־אָנגעטאָן, אין דער לינקער האַנט אַ שווערט, אַרומגעוויקעלט מיט אַ רויטען מאַנטעל. דער קאַמף פון מענש און חיה, אויג אויף אויג, אויף צוויי טריט דיסטאַנץ — דער קאַמף צווישען מעסער און הערנער הויבט זיך אָן. דער לעצטער אַקט.

אַ מערקווירדיגער קאַמף. דער ביק וויל ניט. דער טאָרע־אַדאָר צווינגט איהם. מיט וואָרט, מיט באַוועגונג, טאַנצענדיג אַרום איהם, שיער־שיער ניט טוליענדיג זיך צו איהם, אַזוי נאָ־הענט, אַז אָט־אָט שטעכט דער ביק דעם טאָרעאַדאָר מיט זיינע הערנער. דער טאָרעאַדאָר בויגט זיך אָן, קוקט דעם ביק אין די אויגען אַריין, און מיט אַמאָל — דער שווערט איז אין דעם רוקען פון דעם ביק.

די חיה טוט אַ ציטער, דער עולם אַפּלאָדירט. „מוטשאָ, מוטשאָ!״ — אַ סך, אַ סך — שרייט הינטער מיר אַ פעטע שפּאַ־ניערין. און וואָס מעהר בלוט, וואָס שרעקליכער די וואונד, אַלץ גרעסער דער ענטוזיאַזם, און „מוטשאָ, מוטשאָ!״ — שרייט זיך הייזעריג די פרוי. „בראַוואָ, מאַנאָעליטאָ, בראַוואָ!״ דער אַמפּי־טעאַטער רעוועט, דער טאָרעאַדאָר פאַרבויגט זיך, און דער צעבלו־טיגטער ביק טרייסעלט דעם קאָפּ, כדי אַראָפּצוואַרפען פון זיך די שפּיזען, די מעסערס, די שווערטען.

מען דערלאַנגט דעם טאָרעאַדאָר אַ פרישען שווערט, און אויפ׳־

סניי דער בלוטיגער שפּיל. ביז פלוצלינג, קוים וואָס איהר זעהט, ווי אַזוי און ווען, טוט דער ביק אַ ציטער, די פיס בויגען זיך איהם אונטער, און ער פאַלט אויף דעם זאַמד. ער קאָן ניט מעהר, ער האָט פאַרלוירען דעם קאַמף. עס לויפט־צו איינער מיט אַ קורצען מעסער, שטעכט איהם אַריין אין דעם נאַקען אַריין, און דער ביק ווערט שטיל. און אין אַ פּאָר מינוט אַרום — אַ געשפּאַן פון שוואַרצע פערד, דער ביק ווערט צוגעקייטעלט צו אַן אייזערנער טאַטשקע, און מען פיהרט־אוועק אין גאַלאָפּ דעם טויטען ביק פון דער אַרענאַ.

און אַ נייער ביק — און דאָס שפּיל אויפ'סניי.

אַזוי אַכט מאָל נאָכאַנאַנד. בלוט, מעסערס, יאוש פון דער גע־פייניגטער באַשעפעניש, און „מוטשאַ, מוטשאַ!" — שרייט די פרוי הינטער מיין רוקען!

די זון פאַרגעהט. דער שפּיל איז צו ענד. דער עולם צע־געהט זיך. און מיין פריינט, אַן אַמעריקאַנער, אַ איד און אַ אידי־שער שרייבער דערצו, איז אויסער זיך: „שרעקליך, מורא'דיג, אכזריות! אַ פאָלק, וואָס קאָן האָבען אַזעלכע שפּילען, איז פעהיג צו אַלעמען".

„יאָ, מעגליך, אַ גרויזאַם שפּיל. אַ שפּיל פון פיין און בלוט. אָבער אפשר איז דאָס אַ מין קאַנאַל פון די ליידענשאַפטען, די בייזע, בלוטדורשטיגע תאוות, וואָס לעבען אין אונז? וויניגסטענס, זיי זיינען ניט היפּאָקריטיש, אויב שוין הרג'ענען — וואָס איז דער חילוק? און ווייטער — זעהט, אָט קלאָגט זיך דער פראַנצויזישער שרייבער דיוהאמעל אויף אַמעריקע און געפינט איהר סימבאָל אין דעם „סטאָק־יאַרד" פון שיקאַגאָ. דאָרט הרג'עט מען ביקעס — אויטאָמאַטיש, און „אָהן באַציאונג". אַ ביק אַ סעקונדע. אַ קלאַפּ מיט דעם האַמער, און פאַרטיג. און אָט דעם אויטאָמאַטיזם פון דעם הרג'ענען דערשרעקט, דערצאָרענט דעם אייראָפּייער. אפשר איז ער גערעכט. אויף דער „פּלאַסאַ דע טאָראָס" איז דאָס דאָך טעאַטער, און דער ביק שפּילט אַ ווירדיגע, אַ מיסטישע ראָלע דאָס איינציגע מאָל אין זיין לעבען — פאַר דעם טויט. ווי מיר אַלע, ניט אַזוי?"

מיין פריינט איז ניט געווען מסכים מיט מיר, און איך האָב געפּרואווט איהם צו דערקלערען די דעטאַלען, דעם ריטם, די פאָרם

פון דעם בלוטיגען שפּיל. און ער האָט מיך באַוואונדערט פאַר מיין געוואַלדיגער בקיאות אין דער ביק־קאַמף קונסט.

אָבער אויף דעם צווייטען טאָג האָב איך געלייענט די קריטיק אין די צייטונגען, און איך האָב פאַרשטאַנען, וואָס פאַר אַן עם־הארץ איך בין. וואָס פאַר אַ תורה, וואָס פאַר אַ געניטקייט זיי האָבען אַרויסגעוויזען, די קריטיקער. אַ טערמינאָלאָגיע, וואָס איך האָב קיינמאָל גאָר ניט געהערט פון איהר, און מאַסשטאַבען!

„קארידא, טאָראָס" — אַ פּאָר טעג שפּעטער אַ נייער קאַמף, אַ נייער טומעל, אָבער דאָס מאָל האָב איך שוין ניט געוואָלט געהן. „גענוג!" — האָב איך געזאָגט צו דעם קייליכדיגען ווייבעל מיט דעם וואָכעדיגען קינד — איינמאָל איז גענוג, סעניאָראַ. פאַרקויפט מיר שוין בעסער אַ לאָטעריי־צעטעל".

„ע לאסטריא, סעניאר" — „עס איז אַ שאָד" — האָט זי גע־שאָקעלט מיט איהר קאָפּ און דאָס קינד מיט איהר — „ווי קאָן מען זיך אָפּזאָגען צו געהן צו אַ קארידאַ? מילא, לאָז אייך די היי־ליגע יונגפרוי העלפען, אַז איהר זאָלט געווינען אין דער לאָטערייע — מוטשאָ, מוטשאָ, — אַ סך, אַ סך!"

שוין ווידער „מוטשאָ" — און דאָס בילד פון דעם צעבלוטיג־טען, געפּייניגטען ביק איז מיר נאָכגעגאַנגען אויף די טראָטוארען פון מאַדריד.

יולי 11, 1931

# אַלטע ווינקלען

שטעהט אַ שטעדטעל ביי דעם רהיין. אַ קליין שטעדטעל אָהן אַ נאָמען אין דער וועלט. אַ פאַרוואָרפען ווינקעל. און „ווינקעל" הייסט עס אויך. געהייסן ווינקעל מיט פופצעהן הונדערט יאָהר צוריק, ווען די היינטיגע וועלט־שטעדט זיינען נאָך געווען לעכער, קליינע דערפלאַך, אָדער בכלל נאָך ניט געווען אויף דער וועלט. בערלין איז נאָך אפילו קיין דאָרף ניט געווען, בלויז אַ פעלד, אַ שטייניג שטיקעל ערד. פאַריז, לאָנדאָן זיינען געגאַנגען אין קינדער־הויזלאַך. און רוים — רוים איז שוין דעמאָלט אויך געווען אַלט — און אַ חורבה.

די וועלט האָט זיך געביטען. נייעס איז געבוירן געוואָרן, דאָס אַלטע האָט זיך באַנייט, פון קליינע דערפלאַך זיינען אויסגעוואַקסען מיליאָנען־שטעדט. אָבער ווינקעל האָט זיך ניט געביטען. געווען אַ ווינקעל — באַשיידען, היימיש־ענג, פּראָווינציעל־געמיטלעך, אַ קליין שטעדטעלע ביים גרינעם רהיין, צווישען טרויבען — און געבליבען אַ ווינקעלע.

און אין ווינקעל שטעהט אַ הויז. שוין איבער צוועלף הונדערט יאָהר. ערגיץ אין אַ שמאָל, ענג געסעל, אַרומגערינגעלט מיט יונגוואַרג, מיט קונדיסים, מיט הייזער פון נעכטן, וואָס זיינען אַלט קוים פיער־פינף הונדערט יאָהר; אַ זקן צווישען גרינער און פאַרשייטער יוגענט.

בייטאָג שלאָפט דער זקן. די זון מאַכט איהם מיעד. אומפאַר־שטענדליך לעבען, טומעלדיג, צושראָקען און צושטרייט. אַלט ווי ווינקעל איז — די זון שיינט דאָרט אויך — און שפּילט קאַטאָוועס מיט אַלט און יונג, מיט לעבעדיגע און טויטע. בייטאָג קלאָפּט דאָס לעבען פון דעם טאָג, וואָס פאַרגעהט, און ווי וויכטיג נעהמט זיך דער טאָג! וואָס קירצער אַלץ וויכטיגער; וואָס נעהנטער דער גרעניץ — אַלץ שטאַרקער דער פאַרלאַנג צו זיין, צו דער־גרייכען, צו דערלויפען. בייטאָג — דייטשע רעפּובליק, מלחמה־אָפּקלאַנגען, האַס און פאַנטאַזיע, ווילען און דראַנג.

אָבער ביינאַכט, ווען ווינקעל שלאָפט? דאָס יונגוואַרג איז

מיעד און ווערט אַנשלאָפּען. דאָס איינציגע „ליכטשפּיל־הויז", די „מואווי" פון ווינקעל איז געשלאָסען, די ליכט זיינען אויסגעלאָשען, די גאַסען זיינען ליידיג — עס איז שטיל, און נאָר דער רהיין רוישט, און אַזוי ווייטער, ווי עס הייסט אין היינע'ס לאָרעליי.

און דעמאָלט וואַכט דער זקן אויף. פערציג דורות דערמאָנען אָן זייער אַמאָליגקייט. צוועלף הונדערט — אָדער זיינען עס מעהר ? — פון מענשליכער נישטיגקייט און געטליכקייט, חלומות און דער־גרייכונגען, פיאַסקאָס און עקסטאַזען.

אין אַ ווינקעלע ביי דער וואַנט איז געשטאַנען אַ בעט. דאָרט איז מיט עלף הונדערט אַכט און זעכציג יאָהר צוריק געשטאָרבען ראַבאַנוס מאורוס. אָט אויף דעם אייגענעם פּלאַץ, וואו עס זיינען געשטאַנען אַזוי פיל אַנדערע בעטען, וואו עס זיינען געשטאָרבען אַזוי פיל אַנדערע מענשען.

ראבאנוס מאורוס — שוין דער נאָמען אַליין אַזוי ראָמאַנטיש־מיטעלאַלטערליך, אַ לויטערער מאָנאַך — געבוירען אין דער אַל־טער שטאָדט מאַינץ, געלעבט ביי דעם הויף פון קאַרל דעם גרויסען, אַ געלערנטער, איינער פון די ערשטע „משכילים" פון דער מערקווירדיגער, אומפאַרשטענדליכער, לעגענדען־באַוואַקסענער צייט; אַ פּעדאַגאָג — איינער פון די ערשטע, וואָס האָט זיך פאַר־טראַכט איבער דער קונסט פון ערציהונג; אַ פרומער, אַ זוכענדער, נאַאיוו, גלויביג, בייטאָג לערנענדיג מיט קינדער, אָבער אויך מיט גרויסע; טראַכטענדיג ווי אַזוי צו ברעכען די ווילדקייט פון דער חיה אין דעם מענשען, אָפּשניידען די קלויען פון דעם בער, דעם דייטשען בער; ביינאַכט זינגענדיג הימנען, דיכטענדיג לידער פון בענקשאַפט, דער בענקשאַפט פון אַ מאָנאַך.

און ווינקעל־שכנים האָבען ניט איינמאָל געמוזט הערען אין דער שפּעטער שעה פון דער נאַכט אַ מערקווירדיג־טרויעריגען גע־זאַנג פון דעם געלערנטען מאָנאַך, דעם געזאַנג, וואָס איז פאַרבליבען ביז אויף היינטיגע צייטען: „וועני קרעאַטאָר" — „קום, דו שעפער".

אַלטע, געלע פּאַרמעטען, פול מיט נאַאיווע אותיות, אַ פּאָר ווערטער פון בענקשאַפט אָדער טרויעריגער חכמה, אַן אַלטע מע־לאָדיע, און אַ פּאָר נעמען — אָט וואָס בלייבט פון אַ גאַנץ לעבען פון אַ צייט, און אָט וואָס איז געבליבען פון צוועלף הונדערט יאָהר ווינקעל — ווינקעל־לעבען. פון יעדען ווינקעל.

נאָך ראבאנוס מאורוס ווערט ווינקעל געשיכטלאָז. מיר ווייסען ניט ווער עס האָט געוואוינט אין דעם אַלטען הויז — נאָך איהם. אָבער וואָס איז אין די נעמען? מענשען, וואָס האָבען אויפגענומען אין זיך די ערציהונג פון דעם אַלטען מאָנאַך, און נאָך זיי אַנדערע, תלמידים פון תלמידים — אַ קייט מיט פאַר־זשאַווערטע רינגעלאַך.

און פערציג דורות ווייטער. פאַרוואָס ניט? פאַרוואָס זאָל דאָס הויז אין ווינקעל ניט שטעהן נאָך צוועלף הונדערט יאָהר? בערלין און פאַריז וועלען שוין אויך אפשר ווערען אַ לעגענדע, די גאַנצע פיזיאָנאָמיע פון דער ערד וועט זיך ענדערען, אָבער ווינקעל וועט בלייבען און באַהאַלטען אין איהר אַלטען בוזעם אַלע עכאָס פון די שטורמישע דורות, אַלע אָפּקלאַנגען פון די מיליאָנען לעבענס. מעהר בלייבט דאָך סיי ווי סיי ניט. דער צוועק פון דעם לעבען איז דאָך אַן עכאָ.

וואויל איז דעם, וואָס קאָן איהם בלויז הערען, און אַריינרופען זיין קול אין דער וועלט אַריין, האָפענונג אויף אַ ווידערקלאַנג.

* * *

אייגענטליך: דאָס איז אייראָפּע. ניט מעהר. ניט דאָס נייע, נאָר דאָס אַלטע, ניט די גאַס, נאָר דער ווינקעל. און ניט די צייטונג און דער פסיכאָלאָגישער ראָמאַן, ניט די דראַמען־קונצען און די קונצען־קונסט, נאָר ראבאנוס מאורוס און די אַלטע פאַר־מעטען. און דאָס איז קולטור: די קונסט צו בויען אַ ווינקעל און צו לעבען אין אַ ווינקעל; אַ קונסט, וואָס געהט אַלץ מעהר און מעהר פאַרלוירען.

אייראָפּע צווישען צוויי עקסטרעמען: רוסלאַנד און אַמעריקע. אַמעריקע צושטערט דעם ווינקעל און בויט די גאָס. רוסלאַנד צושטערט און בויט גאָרניט — מאַכט אַ פעלד, אַ פּלאַך. אַמעריקע פאַרשטעהט ניט וואָס דאָס איז אַ ווינקעל, ווייל איהר ליניע איז גלייך און פשוט; רוסלאַנד האַסט דעם ווינקעל, ווייל פאַר איהר איז דאָס אַ טורמע און אַ גרוב פון נויט און פיין. פאַר איהר איז דער ווינקעל „פּאָדפּאָליע". לעוו שעסטאָוו האָט געוואָלט ער־קלעהרען דעם גאַנצען גייסט פון דאָסטאָיעווסקי — און דורך איהם דעם גייסט פון רוסלאַנד — דורך דעם „פּאָדפּאָליע". און דאָס איז ניט, ווי דער פּשוט׳ער טייטש וואָלט געוויזען — די אונטערוועלט,

אַ וועלט פון אינסטינקטען, פון פאַרברעכען, פון ליידענשאַפטען, אַ וועלט, וואָס האָט זיך אָפּגעשיידט פון דער געזעלשאַפט, וואָס איז אַנטי־סאָציאַל.

די דאָסטאָיעווסקישע, די רוסישע „פּאָדפּאָליע”, איז בלויז אַ ווינקעל־לעבען, ניט דאָס געוועהנליכע, שטילע, באַנאַלע, דורות־איין, דורות־אויס׳עדיגע לעבען, ניט אַנטי־סאָציאַל, ניט קעגען דער געזעלשאַפט, נאָר אַ — סאָציאַל, נאָך ניט דערגרייכט ביז צו גע־זעלשאַפט. אַ לעבען פון כאָאָס. און דער מענש פון דעם רוסישען ווינקעל האַסט זיך אַליין און די ווענט, וואָס פאַרשפּאַרען איהם. און פון די ווענט ווערט זיין האָס אַריבערגעטראָגען אויף יעדער גרעניץ, אויף יעדען צוים. און פון זיין ווינקעל געהט אַרויס אַ געזאַנג פון האָס, אַ לויבגעזאַנג פאַר דער צעשטערונג.

און דאָס איז די אייגענטימליכקייט פון אונזער צייט: מיר פאַרבייטען ווינקעל מיט „פּאָדפּאָליע” און קעמפען קעגען דעם ווינ־קעל. מיר רייסען איין אַלע ווענט, ברעכען אַלע זיילען. „תמות נפשי עם פלשתים”, אָבער די זיילען פאַלען ניט. די פלשתים שטאַרבען ניט, אונזער „נפש”, דאָס אינטימע אין אונז, די שטיל־קייט, די בענקשאַפט — זי שטאַרבט אַוועק. מיר זוכען אַ ווינקעל וואו זיך באַהאַלטען — און געפינען איהם ניט מעהר. דער רוים איז פאַרנומען, פאַרבויט, פאַרשטעלט.

פון צייט צו צייט דערטראָגט זיך צו אונז אַ זיפץ: „וועני קרעאַטאָר” — קום, שעפער! געגוג צושטערען, געגוג כאָאָס. מיר ווילען אויף אַ בנין — לאָז זיין אַן ענגער. ענג איז די וועלט שוין סיי־ווי־סיי. מיר ווילען זי שוין אַליין מאַכען ברייט. האָט דען ניט ראבאנוס מאורוס פון זיין ענג ווינקעלע אין דעם שטעד־טעלע ווינקעל געזעהן אַ ברייטע, אַן ענדלאָזע וועלט — מיט מלאכים און שרפים, איז דען די נשמה פון דעם מיטעלאַלטערליכען מאַנאַך ניט געוועזן אַזוי וועלט־אַרומנעהמענד ווי אונזערע? און אפשר מעהר? ער האָט זיך ערלויבט צו גלויבען און צו חלום׳ען. מיר קאָנען עס זיך ניט ערלויבען, מיר זיינען צו קלוג, מיר ווייסען צופיל. אָדער צו ווייניג. וואָס מעהר אַלץ וועניגער.

ווינקלען פעהלען אונז; ווינקלען, וואו די נשמה קאָן זיך פאַר־טראַכטען, אָפּרוהען; וואו פון איהר טיפעניש זאָל קאָנען אַרויס דער ריינער, עקסטאַטישער הימן: „קום,שעפער”. און ווען מען רופט איהם, קומט ער.

אָבער ניט אומעטום קאָן מען איהם רופען; ניט פון אומעטום. טעמפלען דאַרף מען האָבען, און מיר האָבען זיי צושטערט; באַ־העלטעונישען זיינען נויטיג — און מיר האָבען גענעפענט אַלע טירען און טויערען; אינטימיטעט מוז מען האָבען — דאָס גרויסע שוויי־גען, דאָס טיפע זיך־פאַרטראַכטען, דאָס אַריינקוקען זיך אין זיך אַליין — און אונזער וועלט איז אַזוי עפענטליך — צופיל ליכט.

„מעהר ליכט״. געטהע האָט געשטעלט די פאָדערונג פאַר דעם מאָדערנעם מענשען. און זיין פאָדערונג איז ערפילט. מיר זיינען באַשטראַהלט פון ליכט פון אַלע זייטען, מיר באָדען זיך אין אַ ים פון ליכט. ווייניגער וואָלט געווען בעסער. אַביסעל מעהר שאָטענדיגקייט, מעהר „קלער־אָבסקיור״, מעהר האַלב־טאָ־ניגקייט. מעהר ווינקלען — ווינקלען, ווי ראבאנוס מאורוס, דער ערציהער און דער מאָנאַך, האָט זיי געהאָט.

אָדער אפשר זיינען שוין אַלע ליניען אויסגעגלייכט, אַלע ווינקלען — ליניען? אַ גלייכע וועלט, אַ גראַדע וועלט, אָהן אַ בויג — און אָהן אַ בויגען? קאָן אַ געביי זיין אָהן בויגענס? אָדער פעהלט דער נייער אַרכיטעקט? און ווידער אַמאָל קלינגט אַרויס דאָס ליד פון ווינקעל: ."Veni Creator"

יאַנואַר 13, 1924

# צווישען אַלטע הייזער

## פון דער סעריע : „בערג, שטעדט, מענשען"

אויף דער רעכטער זייט פון דעם רהיין דער דייטשער ברעג, אויף דער לינקער — די שווייץ. און אינמיטען דער ברייטער, דער שטילער, דער גרינער רהיין. ביידע ברעגעס כמעט גלייך, בלויז אויף דעם שווייצערישען זעהען זיך פון ווייטענס, ווי סילו־עטען, רוקענס פון בערג. די אַלפען זיינען שוין ווייט הינטער אונז. מיר זיינען שוין אין טאָל — ד. ה. ניט אין טאָל ממש, נאָר אין כוואַליעדיג זיך הויבענדיגען און ווידער זיך אַראָפּנידערענדי־גען פלאַך — שטיל, אידיליש. אַזוי שטיל, אַז דער איינציגער גערויש איז דאָס פליעסקען פון דעם וואַסער, ווען די שיף געהט איבער דעם רהיין. אַזוי אידיליש, אַז עס גלויבט זיך גאָר ניט, אַז עס איז פאַראַן ערגעץ אַ וועלט פון ליאַרם, פון פּאַסירונגען, אַז ערגעץ־וואו בויען מענשען גיגאַנטישע בנינים, פליהען אויף לופט־שיפען, ריזיקירען, שאַפען, און נאָך מעהר — צעשטערען.

אין קליין שטעדטעלע — אויף דעם שווייצער ברעג — האָט מיר פאַרכאַפּט. עס האָט מיך אפילו ניט אינטערעסירט ווי דאָס שטעדטעלע הייסט. „שטיין" אָדער „רהיינפעלד" אָדער אַן אַנדער נאָמען. עס איז מיר אויך גאָר ניט געווען קיין שום נפקא־מינה. אַ פּאָר הונדערט אַלטע הייזער, גרויסע שטיינער, רויטע אָדער גרינע שינדלען אויף די דעכער, קרומע אַלטע, האַלב מיט גראָז פאַר־וואַקסענע, בוימער־פאַרשטעלטע געסלעך. זעלטען וואָס מען זעהט אַ מענשען. און באַוויזט זיך אַ געשטאַלט — איז דאָס אויך אַן אַלטער בוים, אָדער אַ שטיין וואָס געהט אַרום, פּאַמעלעך, ערד־פאַרקאָוועט, באַרג־געפּענטעט.

וואו זיינען די מענשען ? מערקווירדיג — וואָס קלענער אַן אָרט, אַלץ זעלטענער זעהט מען דאָרט מענשען, פונקט דער היפוך פון אונזערע שטעדטלאַך אין דער אַלטער היים — אין רוסלאַנד. דאָרט אויך נאַטור, נאָהנטקייט, דאָרט אויך דאָס טייכעל — אין

מיטען שטאָדט, ציגען פּאַשען זיך אויף דער גאַס, בוימער, גערט־נער — אָבער איהר פּיהלט די „שטאָדט" — איהר זעהט אויף יעדען טריט מענשען. קרעמער שטעהען פאַר די קלייטען. אידען געהען מיט די שטעקעלאַך. קינדער לויפען, שרייען, ליאַרעמען. פויערים פאָהרען אַריין מיט זייערע פוהרען פון דאָרף — עס זשור־מעט, עס רעש'ט, עס לעבט. דער מענש זעהט זיך אָן.

און דאָס ניט בלויז אין די שטעדטלאַך פון אידישען תחום — נאָר אויך פון טיף־רוסלאַנד. דאָס שטעדטעל — ווי קליין עס זאָל ניט זיין — איז אַ צענטער. עס איז דאָ נאָך אַ קלענערע געזעל־שאַפטליכע איינהייט — דאָס דאָרף.

אין מערב־איראָפּע איז אייגענטליך ניטאָ קיין דאָרף. זיי זיינען דאָרט פאַרוואקסען אינאיינעם: דאָרף און שטעדטעל; דער איבערגאַנג איז קוים צו באַמערקען. עס איז פאַראַן בלויז די קליינע און די גרויסע שטאָדט. און דער גאַנצער ליאַרם פון דעם לעבען איז קאָנצענטרירט אויף דער גרויסער. דאָרט ווערט אויס־געגעבען ענערגיע — אין דער קליינער שטאָדט ווערט זי גע־זאַמעלט, אָדער געשאַפען . . .

און די קליינע שטאָדט איז ניט נאָר רוהיגער. זי איז אויך טיפער, פאַרטראַכטער, פילאָזאָפישער. זי געדענקט אויך מעהר.

איך געה אויף די „גאַסען" פון דער קליינער שמוציגער שטאָדט. אַן אַלט הויז — אין דעם סטיל פון דעם פופצעהנטען יאָהרהונדערטס — שטעלט זיך אַריין אין מיין זעה־פעלד. מיט גאַניקלאַך, מיט טורעמלאַך, באַמאָהלט די ווענט — מען זעהט ניט מעהר די פיגורען, אָפּגעבליאַקעוועט די פאַרבען — אָבער מען באַמערקט נאָך די פאַסען וואָס זיינען אַמאָל געווען באַמאָהלט, און דאָ אָדער דאָרט איז נאָך פאַרבליבען אַ פוס, אַ קאָפּ פון די אַלטע בילדער.

דער דאַך־קאַרניז געשניצט. אַ האָהן מיט עפּעס אַ פיגור פון אַן אַמאָליגען מענשען אין די מלבושים פון אַ ריטער אָדער אַ סאָלדאַט. אַ ברייט לייבעל מיט וואַטירטע אַרבעל, ברייטע פלור־דערען, אַ שווערד, אויפ'ן קאָפּ אַ ברייטער הוט מיט פעדערען.

און איבער דער הויכער, שוואַרצער טיר אַן אויפשריפט אין פאַרעלטערטען דייטש:

„דאָס הויז איז מיינס
און דאָך ניט מיינס.
דער וואָס געווען פאַר מיר,
געווען אויך ניט זיינס.
דו געהסט אַרויס,
און נאָך מיין טויט
וועט׳ס אויך אַזוי זיין.“

געוויס, ניט קיין געוואַלדיגע פילאָזאָפיע, און אויך די „פּאָעזיע“ ניט זעהר קיין געהויבענע. אָבער פון די פּשוט׳ע, כמעט קינדישע ווערטער, געשריבען פון אַן אומבאַקאַנטער, שוין פון לאַנג אַש־געוואָרענער האָנט מיט פיער אָדער פינף הונדערט יאָהר צוריק, האָט מיר אַנטקעגענגעוועהט אַזויפיל היסטאָרישער אמת. אַזאַ מענשליכע עניוות, אַזאַ שטאַרקע קהלת־עכאָ, אַז איך האָב זיך ניט געקאָנט אָפּרייסען פון דעם הויז, און איך האָב פאַרגעסען אַן דעם ציל פון מיין רייזע, אַן דער צייט פון אָפּפאָהרען, און אַרומגעגאַנגען שעה׳ענווייז אין דעם שטעדטעל, אָהן אַן אַנדער באַשעפטיקונג, ווי נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל צוגעהן צום הויז און לייענען די מערק־ווירדיגע אויפשריפט.

מיינס און ניט מיינס — און יעדער נאַרט זיך, ווער עס מיינט, אַז עפּעס איז זיינס. אַזוי געווען, אַזוי איז עס — און וועט תמיד זיין אַזוי — אַזוי לאַנג ווי די בערג וועלען שטעהן — און נאָך ווייטער און נאָך לענגער.

זיי האָבען געהאַט אַ מערקווירדיג־שאַרפען טויט־געפיהל, די מענשען פון אַמאָל. „מיטען אין דעם לעבען זיינען מיר טויטע“ — האָט געזונגען דער פרומער מאָנאָך נאָטקער — דער כבד־פּה. האַלביין אין דייטשלאַנד און אָרקאַניאַ אין איטאַליע האָבען געמאָלט דעם „טויטען־טאַנץ“ — דער טויט אַלס טאַנץ־מייסטער, די מענשען אַלס נאַרישע טענצער. יעדער טאַנצט פאַר זיין ביסעלע לעבען — דער קיסר פאַר זיין קרוין, דער בעטלער פאַר זיין ביסען ברויט, דאָס מיידעל פאַר איהר ליבע. אַ טויטען־טאַנץ — אָדער ווי דער אייגענער האַלביין האָט עס — אין איינעם פון זיינע וואונדערבאַרע האָלץ־שטיכען געמאָלט — אַ „מאַלפּע־טאַנץ“. און וואָס עלטער, וואָס פאַרצייטיגער די קולטור, אַלץ שטאַר־קער דער טויט־געפיהל. אַחוץ אפשר דער אידישער,

וואו די באַציהונג צום לעבען איז געווען תמיד שטאַרקער, ווי צום טויט; וואו ד ע ר פּראָבלעם איז געווען צו לעבען, ניט צו שטאַרבען. דער „העלדען־טויט” איז אין אַלע אַנדערע קולטורען, אפילו אין דער ראָפינירטסטער, דער גריכישער — דער העכסטער און לעצטער אידעאַל. דאַן זיינען שוין די סטאָאיקער געקומען מיט זייער אידעאַל פון לעבען, וואָס איז געווען זייער לעצט וואָרט: „עווטאַנאַזיאַ” — גוט שטאַרבען, מיתה יפה!

דער אידישער אידעאַל איז געווען תמיד: ה ע ל ד ע נ ־ ל ע ב ע ן . ניט לעבען ווי אַ העלד, נאָר העלדיש; ניט ווי אַ גבור, אָבער שטאַרק. און דערנאָך: „תמות נפשי עם פלשתים” — און אַ סוף.

און אַזוי אַ גאַנצען טאָג — אַרומגעוואַנדערט צווישען אַלטע, גרויע הייזער, ביז דער פייף פון דעם לעצטען מאָטאָר־שיף, וואָס פיהרט פון שאַפהויזען קיין קאָנסטאַנץ, פון דער שווייץ קיין דייטש־לאַנד, פון דעם רהיין צו דעם „באָדענ־זעע”, האָט מיך דערמאָנט, אַז איך דאַרף ערגיץ פאָהרען, אַז דאָס קליינע שטעדטעל ביים רהיין איז גאָר ניט מיין לעצטער ציל.

און פאַרוואָס ניט? וואו איז דער „לעצטער ציל”? וואו קאָן מען זיך אָפּשטעלען, און וואו זאָל מען זיך? דאָ, דאָרט, — אַלצ־דינג איז „מיינס און דאָך ניט מיינס” — און נאָך מיין טויט וועט עס ווייטער אַזוי זיין. ווייטער וועלען שטעהען די גרויע שטיינער און קוקען אויף דעם גרויען רהיין ביז אויך זיי וועלען צוזאַמענ־פאַלען אין דעם רהיין...

אַ גליק, וואָס מען מוז פאָהרען ווייטער. צו שווער ווערען די געדאַנקען. „לעבען איז ניט נויטיג, פאָהרען איז נויטיג”. די אַלטע רוימער, וואָס האָבען אויסגעטראַכט דאָס ווערטעל, זיינען געווען קלוגע מענשען. זיי האָבען געוואוסט: דער איינציגער זין פון דעם לעבען איז — וואַנדערען.

נאָוועמבער 8, 1927

# די אײַזערנע בתולה

איך בין געפֿאָהרען קײן נירנבערג — ניט אַזױפֿיל צוליב דעם היסטאָרישען כאַראַקטער פֿון דער שטאָדט, װי צוליב צװײ זאַכען, װאָס איך האָב געװאָלט זעהן: די קלײנע סטאַטוע פֿון דעם „מענ־שעלע מיט די גענז", װאָס שטעהט אויף דעם מאַרק פֿון נירנבערג, און צוליב דעם שטעדטעלע צירנדאָרף — אַ האַלבע שעה רײזע פֿון נירנבערג. אַ פֿאָרשטאָדט פֿון דער אַלטער, אידיש־באַריהמטער פֿירט.

און בײדע זײנען זײ פֿאַרבונדען מיט יעקב װאַסערמאַן. מיט די „אידען פֿון צירנדאָרף" האָט װאַסערמאַן אָנגעהױבען זײן ליטע־ראַרישע קאַריערע — און פֿון דעם בוך װעהט יוגענט־שטימונג, באַגײַנענדיגקײט. אין דעם „מענשעלע מיט די גענז" איז יעקב װאַסערמאַן אַ פֿאַרטיגער אַ צו־פֿאַרטיגער. ער לײגט אַרײן אין אַן אַלטער, נאַאיװער נירנבערגער לעגענדע צופֿיל כונות, אַ צו־שטאַרקע פּעסימיסטיש־פֿאַרטיפֿטע פֿילאָזאָפֿיע, װאָס דערהױבען איהר צו אַ װעלט־סימבאָל.

איך בין געקומען קײן נירנבערג כדי צו געפֿינען די קװאַלען פֿון אַ פּאָעט, אָבער איך האָב זעהר באַלד אָן איהם פֿאַרגעסען. דאָס „מענשעלע מיט די גענז" האָט זיך אַרױסגעװיזען פֿאַר אַ גאַנץ גע־װעהנליכער סטאַטועטקע פֿון בראָנז — אַזױ װי איך האָב זי געזעהן אין אַ סך אַנדערע קלײנע שטעדט אין דרום־דײטשלאַנד. צירנדאָרף — און אפֿילו פֿירט, זײנען אויך געװען בלויז קלײנע שטעדטלאַך — אָהן אַ סך שטימונג. אָבער דערפֿאַר האָט נירנבערג אַלײן באַלד מאַכט באַקומען איבער מיר. נירנבערג, אײנע פֿון די װײניגע שטעדט אין אײראָפּע װאָס זײנען פֿאַרבליבען אַזױ עכט־מיטעל־אַלטערליך, אַזױ אָהן־קונצענדיג, אַזױ ניט־מוזעעדיג, אַז עס גלױבט זיך גאָר ניט.

אָט אַזאַ געפֿיהל האָט מען, װען מען קומט אַרײן אין דער אַל־טער שטאָדט פּאָמפּעי. אַ גאַנצע שטאָדט פֿאַרבליבען פֿון אַלטע צײטען, פֿון צװײ טויזענט יאָהר צוריק. גאַסען, פּלעצער, הײזער, טעמפּלען, אַלצדינג װי עס איז אַמאָל געװען, אײדער די שטאָדט

איז פאַרשאָטען געוואָרען פון אַש. עס פעהלען בלויז די דעכער, עס פעהלט נאָר דאָס לעבען, ד. ה. מענשען, וואָס טראַכטען גאָר ניט פון אַמאָליגקייטען, לעבעדיגע באַשעפענישען פון היינט, מיט די דאגות פון היינט, און מיט די פרייד, מיט די האָפענונגען פון דער שעה.

פאַמפעי — איז אַ מוזעי, אָבער נירנבערג איז אַ לעבעדיגע שטאָדט. עס דוכט זיך — און עס איז אויך אַזוי — אַז קיינער טראַכט ניט דערפון, אַז ער געהט אַרום, אַז ער לעבט „אונטער דעם שאָטען" פון צום מינדסטען אַכט הונדערט יאָהר, אַז דאָס איז די מיטעלאַלטערליכסטע שטאָדט פון גאַנץ דייטשלאַנד, און אפשר פון גאַנץ אייראָפּע. עס טראַכטען דערפון בלויז די פּאָר היסטאָ־ריקער, די אַרכיוו־פאָרשער און די „פיהרער", וואָס באַגלייטען די פרעמדע באַזוכער און דערצעהלען זיי מיט התלהבות — פיער מאַרק די טאַקסע — וועגען די אַלטע דייטשע קייזערס, וואָס האָבען גע־פּראַוועט זייער מלוכה אין דער אַלטער „קייזער־שטאָדט" נירנבערג. וועגען דעם „בורג", וואָס שטעהט שוין מינדסטענס זעקס הונדערט יאָהר, וועגען דעם הויז פון די האָהענצאָלערנס, די דינאַסטיע, וואָס האָט גרויס געמאַכט דייטשלאַנד און סוף־כל־סוף זי רואינירט, וועגען דעם דייטשען מייסטער אַלברעכט דירער — דער מאָהלער, וואָס איז דייטשלאַנד'ס לעאָנאַרדאָ דאָ ווינטשי, אויך אַזאַ פאַרטראַכ־טער, פאַרטיפטער, אַזאַ געלערנטער און פאָרשענדער, נאָר שווע־רער, בלויז נאַאיווער און אַ סך, אַ סך קלענער. און ווייטער דער־צעהלט אויך דער פיהרער — און דאָס היסטאָרישע בוך וועגען נירנבערג — וועגען האַנז זאַקס, דעם שוסטער, וואָס איז געווען אַ פּאָעט, איינער פון די „מייסטערזינגער", פאַראייביגט פון ריכאַרד וואַגנער, באַשרייבט אַלטע הייזער, וואו עס האָבען געלעבט די נירנבערגער „פּאַטריציער", ד. ה. די רייכע סוחרים, וואָס האָבען, ווי אין אַלע אַלטע שטעדט — באַהערשט דעם ראָט, געהאַט די הויפּט־דעה אין דער רעגירונג.

געוויס, דער פיהרער האָט פאַרגעסען צו דערצעהלען, אַז דאָרט וואו עס שטעהט די וואונדער־שעהנע „פרויען־קירך" — אַרום דעם אַלטען מאַרק, איז אַמאָל געווען די אידישע געטאָ, אַז דאָרט איז אין דעם יאָהר 1389 פאַרגעקומען די גרויסע נירנבערגער שחיטה, וואו מען האָט פאַרברענט די אַלע אידען, וואָס האָבען ניט געקאָנט אַנטלויפען פון דער שטאָדט. ער האָט אויך ניט דערמאָנט, אַז אַט

אַרום די דאָזיקע אַלטע גאַסן איז געשטאַנען אַ בית־המדרש, וואו עס האָט געלערנט תורה ר׳ יעקב פּאָלאַק, דער „ערפינדער" פון דעם פּלפּול, אַ שיטה פון לערנען, וואָס האָט געהאַט אַזאַ מערקווירדיקן, שאַרפנדן, בויגנדיקן אײַנפלוס אויף דעם גאַנצן מזרח־אידנטום.

דאָס אַלץ אינטערעסירט זיכער ניט די דײַטשן, וואָס לאָזן זיך פירן איבער די גאַסן פון נירנבערג — און אפילו ניט די אידן, וואָס וואוינען איצט אין דער שטאָט. זיי זײַנען, ווי אומעטום אין דײַטשלאַנד, די גרעסטע געשעפטסלײַט, די באַנקירן, די ליבעראַלן — און ווילן גאָר ניט דערמאָנט ווערן אָן זייער טרויעריקער, פּאַטעטישער פאַרגאַנגענהייט.

וואָס גייט זיי אָן ר׳ יעקב פּאָלאַק און זײַן פּלפּול, אַז זיי קענען שוין גאָר קיין עברי ניט, און אַז אפילו זייער נאָהנטער שכן און כמעט־לאַנדסמאַן יעקב וואַסערמאַן איז שוין אויך צו־שווער, צו־קאָמפּליצירט פאַר זיי?

אָבער אײנס ווײַזן די דײַטשן אין נירנבערג — ווײַזן עס און ווײַסן אַליין ניט וואָס פאַר אַ שאַרפע קריטיק און באַשולדיקונג דאָס איז אַנטקעגן זיי. אַנטקעגן זייער קולטור און אַנטקעגן דער גאַנצער קריסטלעכער וועלט.

זיי ווײַזן אײַך „די אײַזערנע בתולה".

אין דעם פינפעק־טורעם, דעם עלטסטן בנין פון נירנבערג, אַ געבײַ וואָס מען האָט שוין מיט פינף הונדערט יאָהר צוריק גערופן „אַלט־נירנבערג", אַ געוואַלדיקער, מאַסיווער טורעם אויף אַ באַרג, איז דאָ אַ חדר׳ל. דאָס בלײַכע מיידעל, וואָס פירט אַרום די באַזוכער, דערציילט אײַך מיט אַ מילדער, בלאַסער שטים וועגן דעם וואָס האָט זיך אָפּגעטאָן צווישן די שטיינערנע ווענט. און עס איז ניט שווער זיך אָנצושטויסן. די עדות פון אַמאָל שטייען נאָך אויף זייערע ערטער: שרויפן פאַר הענט און פיס. שפּילקעס וואָס מען פלעגט אַנגליהען און אויסשטעכן די אויגן, אײַזערנע בעטלאַך מיט שפּיצן, וואו מען האָט אַרײַנגעלייגט און צוגעבונדן נאַקעטע מענשן, און נאָך און נאָך.

„עס איז געווען דער חדר פון „פּײַניקן" — דער אָרט וואו דער תליון האָט געמוטשעט די אומגליקלעכע, וואָס זײַנען אַרײַנגעפאַלן אין די הענט פון דער נירנבערגער גערעכטיקייט. און געוועהנליך, זײַנען דאָס געווען גאָר ניט קיין שווערע פאַרברעכער,

נאָר גרינגערע, קלענערע. ווי פלעגט מען אַמאָל זאָגען אין נירנ־בערג: „קליינע גנבים הענגט מען אויף, די גרויסע לאָזט מען לויפען". אָבער עס איז פאַר זיי ניט געווען גענוג גלאַט אויפ־צוהענגען אַ קליינעם גנב. זיי האָבען איהם פריהער נאָך אָנגעטאָן געבראָטענע לייד, זיי האָבען איהם געפייניגט אויף דעם אַכזריות'־דיגסטען אופן.

און אָט קומען מיר צו דעם „טשוואָק" פון דער גאַנצער פיי־ניגונגס־קאַמער — דער „אייזערנער בתולה". אויפ'ן ערשטען קוק אַ סטאַטוע פון אייזען. עס שטעהט אַ מין מאַדאַנא — אַ פרוי אין מיטעלאַלטערליכע קליידער, מיט אַ פרומען, מילדען שמייכעל אויף די ליפען. אָבער אָט עפענט זיך די „בתולה" — און איהר דערזעהט אַ בילד, וואָס, דוכט זיך, קאָן ווערען אויסגעטראַכט נאָר פון אַ סאַדיסטישער, תליונ'ישער פאַנטאַזיע. די „בתולה" איז אינווייניג אינגאַנצען אויסגעפילט מיט לאַנגע, אייזערנע צוועקעס. דער פאַר'משפט'ער איז אַריינגעשטעלט געוואָרען אין דער „בתולה" — און די צוויי העלפטען האָבען זיך אָנגעהויבען פאַמעלעך צו פאַרשליסען. פאַמעלעך, כדי די אייזערנע — און דערצו נאָך צעגליהטע — שפיצען זאָלען זיך וואָס שטאַרקער, וואָס זיכערער, וואָס פייניגענדער אַריינשטעכען אין דעם גוף.

דער פראָצעס פון פאַרשליסען די בתולה האָט געדויערט לאַנג, מען זאָל קאָנען הערען וואָס העכער, וואָס לענגער די קולות פון דעם געפייניגטען. און דערנאָך — האָט זיך די אייזערנע בתולה ווידער פאַרמאַכט. ווידער האָט אויף איהרע ליפען געשטראַלט אַ שמייכעל — און די תלינים, די מאָנאַכען, די שופטים פון דער פרייער רייכס־שטאָדט נירנבערג — זיינען זיך צעגאַנגען. איינער אין דעם קלויסטער צו זינגען „אַוועמאַריאַ" צום כבוד פון דער „הימלישער בתולה", די אַנדערע אין שענקעל, אָדער גאָר צו מייסטער דירער און צו מייסטער האַנז זאַקס, צו באַוואונדערען זייער קונסט און אינאיינעם מיט זיי צו זינגען פון „מיני", ד. ה. פון ליבע, פון שעהנקייט א. אַז. וו.

דאָס בלייכע מיידעל דערצעהלט מיט אַ זיסען שמייכעל די אַלע שווידערליכע דעטאַלען — און די יונגע דאַמען, וואָס פאָהרען מיט זייערע מענער אויף זייער „האָכצייטס־רייזע" — דאָס איינ־ציגע מאָל ווען אַ דייטש פאָהרט בכלל מיט זיין ווייב — זיפצען

אַזוי סענטימענטאַל: „ווי שרעקליך, אַך, הער־גאָט. וואָס פיר גרויזאַמע זיטען!"

און זיי פיהלען גאָר ניט, זיי ווייסען גאָר ניט, די נאַאיווע נשמות, אַז עס איז פאַראַן אַ המשך אין דעם לעבען, אַז אויב עס איז מעגליך געווען די „אייזערנע בתולה" אין שכנות מיט דעם קולט פון דער „מאַדאָנאַ", מיט דער „קריסטליכער ליבע" — ווען עס איז מעגליך געווען אַזאַ אַכזרות, גלאַט אַזוי — אפילו אָהן אַ רעליגי־עזען עקסטאַז, ווי די שפּאַנישע אינקוויזיציע — אויב דאָס איז געווען מעגליך — איז די גאַנצע קולטור אַ זעהר מסופק'דיגע, איז אויך די ירושה ניט אַזוי ריין, ווי די דייטשען, ווי די אייראָפּייער, ווי די קריסטליכע וועלט בכלל מיינען. זיי פאַרשטעהען עס ניט, אָדער זיי וואָלטען ניט אַרויפגעבראַכט די „אייזערנע בתולה" פון דעם פינסטערען קעלער, וואו זי איז אַמאָל געשטאַנען — אין דעם הויכען טורעם, אין דעם פינף־עקיגען טורעם מיט די קאָלירטע פענסטער, אין דעם טורעם, וואָס הייסט און וואָס איז „אַלט־אַכזריות.

און אפשר איז טאָקע אין דעם דאָזיגען ניט־פאַרשטעהן זייער קראַפט, נאָר אַזוי קאָן אויפוואַקסען אַ רייכע, אַ מעכטיגע קולטור: אין און פון ווידערשפּרוכען, אין אייביגען פיין, אין בלוט און אַכזריות.

זיי האָבען געמוזט אויסטראַכטען דאָס בילד פון דער הימעל־שער בתולה — כדי אויסצולייזען די ווירקליכקייט פון דער איי־זערנער. און די הימלישע האָט ניט אויסגעלייזט.

אָקטאָבער 29, 1927

# דער חכם

## פון דער סעריע: „בערג, שטעדט און מענשען“.

ווייטאַר. אַ שטאָדט מיט מזל. באַשערט איהר אויף אייביג צו פאַרבלייבען אין דער געשיכטע פון דייטשלאַנד, פון אייראָפּע, פון דער וועלט. וואָס אַלע אַנדערע שטעדט פון דייטשלאַנד האָבען אָנגעהויבען — האָט זי פאַרענדיגט. אין איהר איז דייטשלאַנד געקומען צו גרויסע ענטשיידונגען. שוין צוויי מאָל נאָך אַן איבערברוך איז אין ווייטאַר געזאָגט געוואָרען דאָס וואָרט — וואָס האָט געראַטעוועט דייטשלאַנד.

ערשט ניט לאַנג צוריק — פאַר אונזערע אויגען — נאָך דער גרויסער דייטשער קאַטאַסטראָפּע, נאָך דער וועלט־מלחמה — איז אין דעם ווייטאַרער שטאָדט־טעאַטער געשאַפען געוואָרען אַ נייע פאָרם פון דייטשען לעבען. דאָרט איז זיך צונויפגעקומען די פאַרטרעטונג פון דעם דייטשען פאָלק — די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג — און האָט געגעבען דער צעבראָכענער דייטשלאַנד: די רעפּובליק.

אַ איד — פּראָפ. הוגאָ פרויס — האָט געשריבען די קאָנסטיטוציע, אַ איד האָט פּרעזידירט, ווען דייטשלאַנד׳ס גורל איז באַשלאָסען געוואָרען. אַ נייער אויסגאַנגס־פּונקט, — אַן אָנהויב פון אַ היסטאָרישער עפּאָכע.

אַ סך שטעדט אין דייטשלאַנד האָבען געוואָלט און געזוכט דעם כבוד, אָבער די קליינע ווייטאַר האָט געוואונען. זכות אָבות האָבען איהר געהאָלפען. ווייל דייטשלאַנד האָט מיט איהר שטאַרקען זין פאַר היסטאָרישער טראַדיציע, פאַר המשך — פאַרשטאַנען, אַז נאָר אין דער שטאָדט וואו עס האָט געלעבט און געשאַפען דער גרעסטער און פרייסטער מענש, וואָס דאָס דייטשע פאָלק האָט ווען עס איז אַרויסגעגעבען, דער גרעסטער, אויב ניט דער איינציגער אייראָפּייער, דער וועלט־מענש — נאָר דאָרט וואו געטהע האָט געאָטעמט — קאָן דייטשלאַנד אָנהויבען פריי אָטעמען: און דאָרט וואו דער קוואַל פון דייטשער חכמה — זאָל אויך זיין, דאַרף אויך זיין, דער קוואַל פון דייטשלאַנד׳ס פרייהייט.

עס איז באמת אַ גליק. ניט יעדע אומה איז זוכה דערצו.

עס זיינען דאָ פעלקער, וואָס לעבען זיך אויס די יאָהרען און דער־לעבען ניט — קיין איין איינציגען גרויסען מענשען. און אפילו די וואָס דערלעבען איהם — גרויס צו גרויס איז ניט גלייך. די איטאַליענער האָבען דאַנטע׳ן — זיכער אַ גרויסער פּאָעט, איינער פון די מעכטיגסטע וואָס האָבען געלעבט. אָבער דאַנטע איז נאָר פּאָעט — און דערצו נאָך אַזוי פאַרעלטערט, מיטעלאַלטערליך, אומפאַרשטענדליך פאַר דעם היינטיגען מענשען, מעהר לעגענדע וויווירקליכקייט.

די ענגלענדער האָבען שעקספּיער — דעם איינציגען אמת־גרויסען, וואָס זיי פאַרמאָגען. אָבער שעקספּיער — בלויז דאָס בוך, ניט דער מענש, האַמלעט לעבט, מאַקבעט און אָטעלאָ געהען אַרום צווישען אונז. אָבער דער פּאָעטער וויליאַם שעקספּיער — פון איהם ווייסט מען כמעט גאָר ניט. ער איז אַ פאַר׳חתמ׳עטער, אַ פאַרשוואונדענער.

אָבער די דייטשען האָבען — דאָס איינציגע פאָלק אין איי־ראָפּע, — זייער גרויסען מענשען, זייער מענשליכען אידעאַל, אין אַ לעבעדיגער געשטאַלט, און דאָס איז געטהע. פּאָעט — קינסטלער — פאָרשער — שטאַאַטסמאַן — דענקער — מענש.

אַ מענש מיט אַלע שוואַכקייטען, מיט אַלע פעהלערען — און מיט די גרעסטע מעלות, וואָס קאָנען נאָר באַשערט זיין אַ בשר ודם.

איך האָב ניט ביי דער האַנט עמערסאָן׳ס באַריהמטע עסעיס איבער די „רעפּרעזענטאַטיווע מענשען״ — איך געדענק ניט, ווי אַזוי עמערסאָן האָט קלאַסיפיצירט און אָנגערופען געטהע׳ן. אויב איך האָב קיין טעות ניט, האָט ער איהם אַרויפגעקלעפּט דאָס צעטעלע: דער פּאָעט.

געוויס, דאָס איז אויך אמת. וואָרים וואָס מען זאָל ניט זאָגען וועגען געטהע׳ן — וואָס פאַר אַ טיטעל מען זאָל איהם ניט צולייגען — ער וועט איהם פּאַסען. דער פּאָעט — זיכער, עס זיינען פאַראַן ווייניג פּאָעטען אין דער וועלט, וואָס זאָלען זיין זיינס גלייכען — און נאָך ווייניגער, וואָס זאָלען שטעהן איבער איהם.

דער קינסטלער — דער געלערענטער, דער פאָרשער — אַלצ־דינג איז אויף איהם ווי צוגעמאָסטען. און דאָס אַלץ איז ניט גענוג. עס שעפּט ניט אויס דעם תוך, דעם אומגעהויער רייכען אינהאַלט פון דעם איינציגען מענשען געטהע. און ווען איך וואָלט באַדאַרפט — איך האַלט עס פאַר אַ שטות און קליינקעפּיג־

— קייט — „באַצעטלען" געטהע'ן, וואָלט איך איהם אָנגערופען: דער חכם. ניט מעהר, ניט ווייניגער.

חכם — הייסט ניט דער קלוגער. קלוגע האָבען מיר גענוג. און נאָך מעהר קלוגעטשקע, פקחים. קלוג הייסט דאָך — אֵי, וואָס הייסט עס: קלוג? איך זוך שוין פון יאָהרען צו פאַרשטעהן וואָס איז דאָס אַ קלוגער — און קאָן ניט דערגעהן דערצו. איינס אָבער ווייס איך, פיהל איך, זעה איך: חכמה איז ניט קלוגשאַפט. עס איז מעהר, אַ סך מעהר, אַ סך אַ סך מעהר, און העכער אָט די חכמה, וואָס איז איינע פון די העכסטע ספירות, די העכסטע מדרגה.

חכמה הייסט ניט מעהר פאַרשטעהן, נאָר אויך וויסען — און דענקען. ד. ה. — אַריינשטעלען יעדע זאַך פון דעם לעבען, יעדע ערשיינונג — גרויס אָדער קליין — אין דעם ברייטען צוזאַמענהאַנג.

חכמה איז מילדקייט — און שעהנקייט. ווייל נאָר פאַר דעם איז די וועלט שעהן — ווער עס האָט שעהנקייט אין זיין אויג. און מילד זיין הייסט — פאַרשטעהן די גרעניצען פון מענשען און ניט משפט'ן איבער זיי צו שאַרף, ווען זיי קאָנען ניט אַריבערשפרינגען זייער ענגע מחיצה.

עס איז באמת אַ וואונדער, אַ רעטעניש: ווי אַזוי קומט אַזאַ מענש ווי געטהע צו דייטשען? וואָס האָט דער דאָזיגער וואולקאַן צו טאָן מיט דעם דייטשען פאָלק? ווי קומט דער קינסטלער צו די פיליסטער?

געאָרג בראַנדעס האָט עס געפרואווט ערקלעהרען — מיט אַ וואונק. עס איז מעגליך — זאָגט ער — אַז געטהע איז גאָר ניט קיין עכטער, קיין ריינער דייטש. ביי זיין פאָטער אין הויז זיינען געווען איינגעקוואַרטירט פראַנצויזישע אָפיצירען — געטהע'ס מוטער, די „פרוי ראַט", איז געווען זעהר פריינדליך מיט אַ פראַנצויזישען קאַלאָנעל — און ווער ווייסט — אפשר איז געטהע פאַרט אַ האַלבער פראַנצויז!

ווער ווייסט? אָבער וואָס איז אונז דער חילוק! גאַנצער דייטש, האַלבער פראַנצויז, — וועמעס יורש ער זאָל ניט זיין — געטהע בלייבט געטהע — דער איינציגער גרויסער אייראָפּייער, דער חכם פון דער מערב־מענשהייט.

איך געה אַרום אין דעם „געטהע הויז", דעם הויז וואו ער האָט געלעבט און וואָס איז איצט אַ „געטהע מוזעי". און איך בין פאַרגאַפט. וואָס פאַר אַ ברייטקייט פון אינטערעסען דער דאָזיגער

מענש האָט דאָס געהאַט! קונסט: געזאַמעלט בילדער, סטאַטועז, צייכענונגען, פּאַזירונגען — אַליין געצייכענט — און זעהר פיין, זעהר קינסטלעריש.

ליטעראַטור, וויסענשאַפט — עס איז גענוג צו זעהן זיין ביבליאָטעק, כדי צו פאַרשטעהן ווי וויט, ווי ברייט זיין פאַרנעהם איז געווען. עס איז, דוכט זיך, ניטאָ קיין איין געביט פון מענשליכער קולטור, וואו ער איז ניט געווען ביי זיך אינדערהיים. ער האָט כמעט אַלצדינג געלערענט, אַלצדינג געוואוסט, איבער אַלצדינג געטראַכט, און דער עיקר — איבער די יסודות פון דער נאַטור.

שעה'ענווייז בין איך אַרומגעגאַנגען אין זיינע פיזיקאַלישע און כעמישע לאַבאָראַטאָריעס, אין זיין מינעראַלאָגישען קאַבינעט, באַקוקט די וואונדערליכע אינסטרומענטען — די ביכער וואָס ער האָט דאָרט שטודירט, די עקספּערימענטען וואָס ער האָט דאָרט געמאַכט — איבער פאַרבען, איבער דער אַנטוויקלונג פון פלאַנצען. איבער מענשליכער אַנאַטאָמיע, — און וואָס מעהר איך האָב זיך אַריינגעקוקט — אַלץ גרעסער איז געוואָרען מיין יראת הכבוד פאַר דעם געוואַלדיגען גייסט, וואָס האָט דאָ געאַרבייט.

און ניט אַזוי פיל פאַר זיין געניאַליטעט — דאָס איז אַ „גאָט־זאַך". נאָר פאַר זיין אַרבייטס־קראַפט, פאַר זיין פלייס, פאַר זיין גרויסען ערנסט.

און אפשר איז דאָס אויך געווען אַ טייל פון זיין געניאַליטעט? מחמת — נאָר דער קאָן זיין „פלייסיג", נאָר דער קאָן „אַרבייטען", ווער עס ווייסט דעם זין און דעם תכלית פון דער אַרבייט. נאָר דער זוכט — ווער עס ווייסט וואָס מען דאַרף זוכען.

און פון די לאַבאָראַטאָריעס, פון דער ביבליאָטעק, פון דעם שרייב־צימער, וואו דער גרויסער קינסטלער האָט געשריבען זיין „פאַוסט" — פיהרט אַ וועג אין אַ קליין חדר'ל — ממש פיר שפאַן — און אין דעם חדר'ל אַן אַלט, שמאָל בעט — דאָרט איז דער חכם געשטאָרבען. דאָרט האָט ער געזאָגט זיינע לעצטע — קלאַסיש געוואָרענע ווערטער: מעהר ליכט!

צוויי־און־אַכציג יאָהר אָפּגעלעבט — איבערגעלעבט זיין גאַנצען דור. אַלע זיינע פריינט, זיינע געליבטע, זיין פרוי, זיין זוהן — אַליין אין אַ פרעמד געוואָרענער וועלט — אין אַ קליין, האַלבטונקעל צימערעל, בעט זיך דער גרויסער זקן — נאָך אַביסעל ליכט — איידער ער געהט אַוועק.

קאָן זיין, דאָס איז אויך אַ לעגענדע. מעגליך, ער האָט גאָר־נישט געזאָגט — אָדער אפשר גאַנץ באַנאַלע ווערטער, ווי יעדער מענש, ווען עס האַלטביים סוף, אָבער דאָס איז דאָך דער סוף פון דער געניאַליטעט: זי שאַפט אַלצדינג אויפ׳סניי, און אפילו דאָס באַנאַלע ווערט פריש. און אַ פערז פון אַ ליד האָט מיר גע־קלונגען אין אויער, בשעת איך בין געשטאַנען אין געטהע׳ס טויט־צימער — פון אַ ליד, וואָס אַ מיטעלמעסיגער רוסישער פּאָעט האָט אָנגעשריבען נאָך דעם טויט פון געטהע: „איינער וואָס האָט געהערט ווי דאָס גרעזעלע וואַקסט״. איינער פון די ווייניגע מענשען אין דער וועלט — וואָס האָבען געהאַט דעם אויער פאַר דעם סודות־דיגסטען— און פשוט׳סטען — פאַר דעם פאַרבאָרגענסטען אין דער נאַטור.

איינער פון די גאָר־גאָר ווייניגע — וואָס האָט פאַרשטאַנען ספּינאָזאַ׳ס — דעם „הייליגען ספינאָזאַ׳ס״, ווי ער האָט איהם אָנגע־רופען — תהומות׳דיג טיפען געדאַנק וועגען דער „איינהייט פון גאָט און נאַטור״.

ספּינאָזאַ האָט דערטראַכט דעם געדאַנק ביז צום סוף — אָבער ער האָט איהם גענומען מעהר פון דער עטישער און ריין־פילאָזאָ־פישער זייט. געטהע האָט איהם געזעהן. זיין אויג איז געווען אַ שפּיגעל, וואו דיביידע שטראַלען זיינען צונויפגעקומען!

* * *

דער מוזעי־דינער קלינגט. צייט צו פאַרלאָזען דאָס הויז. פון דעם געהייליגטען חדר׳ל אויף דער גאַס פון וויימאַר, פון געטהע — צו די שולצעס און מילערס.

און ווען איך טו אַ טראַכט, אַז מיט הונדערט יאָהר צוריק איז אויף דער אייגענער גאַס אַרומגעגאַנגען אַ גראָבליכער, עלטערער דייטש, דער „געהיימראַט פאָן געטהע״ — געטרונקען ביר אין דעם „ווייסען שוואַן״, געגעסען וואורשט און גערעדט דייטש מיט דעם ברייטען, אַביסעל קאָמישען פראַנקפורטער אַקצענט — קומט מיר אַלצדינג דאָ אויס אַזוי אויסטערליש.

אַ קאָמעדיע פון מאַסקעס. דער „גייסט״ פאַרקליידט זיך, פאַר־שטעלט זיך — שפּאַצירט אַרום איבער דער וועלט — אַ וואַנדערער מיט קאַפּריזען. און אַ מערקווירדיגער קאַפּריז האָט איהם גע־בראַכט צו די דייטשען, זיי האָבען עס זיכער ניט פאַרדינט.

נאָוועמבער 15, 1927

# אין נעפּעל

זונטאָג. שטיל, ליידיק די גאַסען. זעלטען, זעלטען געהט פאַרביי אַ מענש. און איך געה אַרום איבער די גאַסען פון וויען. און מיט מיר, און הינטער מיר — דער נעפּעל. אַ גרויער, אַ געדיכטער, ווי אַ וואָלקען פון רויך. ווי אַ שלייער פון טונקעל־גרויען זייד לאָזט ער זיך אַראָפּ איבער וויען, און נעהמט זי אַרום און פאַרדעקט איהר פּנים.

אַ מערקווירדיג בילד. דו זעהסט ממש ווי ער נידערט אַראָפּ. גלייך ווי אַ האַנט וואָלט איהם אויסגעצויגען און געגלעט זיינע קנייטשען און פעלדעלאַך ווי אַ פרויען־האַנט, וואָס פאַרדעקט לאַנגזאַם און מיט אַ קאָקעטישען זשעסט איהר קאָפּ. אַ זשעסט פון אַמאָל, ווען דער שלייער האָט פאַרדעקט איר יונגע, בליהענדע שעהנקייט — געבליבען ביז היינטיגען טאָג, ווען עס זיינען דאָ שוין נאָר שפּורען.

עס זיינען דאָ שטעדט, וואָס זיינען שעהן און אינטערעסאַנט בלויז ווען זיי זיינען ליכטיג און פרעהליך, רייך און יונג. קומט אָבער די מינדסטע כמאַרע איבער זיי, איז די זון פאַרשטעלט, הענגט איבער זיי אַ בלייענער, טריפענער הימעל, ווערען זיי מיאוס און טיף טרויעריג. עס זיינען דאָ שטעדט ווי מענשען, וואָס פאַרטראָגען ניט די טרויעריגקייט.

און עס זיינען דאָ שטעדט, ווי מענשען, וואָס אַנטפּלעקען זיך ערשט, ווען עס קומט איבער זיי די גרויסע מעלאַנכאָליע.

בערלין איז ממש ניט צו דערליידען, ווען שטיל און אומעטיג, ווען גאַס איז פאַרכמורעט. איינס צו איינס די הייזער, און אַלע גלייך. און די גאַסען — און די מענשען — אַזוי וואָכעדיג־גרוי און ברוגז.

אָבער ווענעציע איז אַמשעהנסטען. ווען עס פאַלען דריבנע רעגען־טראָפּענס אין דער קאַנאַל־גראַנדע, ווען אין די וואַסערען פון די לאַגונען שפּיגעלט זיך אַ צאַפּעלדיג ליכט פון די לאַמטערנעס, דעמאָלט ווייזט זיך אויס, אַז אַלט־ווענעציע שטעהט־אויף. אויף דער ריאַלטאָ בריק — שיילאָק און דזשעסיקאַ און אַנטאָניאָ, אויף

דעם פּלאַץ פון סאַן־מאַרקאָ דער דאָדזש מאַרינאָ פאַליערי. דער ווייסער זקן און זיין יונגע, וואונדער־שעהנע פרוי. דער היינט באַהאַלט זיך און די נעכטענס געהען מיט דיר איבער די בריקען פון ווענעציע.

מחמת — דער היינט איז נאָר איינער, און די נעכטענס זיינען מחנות.

און אַזאַ שטאָדט איז וויען. תמיד געווען — און איצט נאָך מעהר ווי ווען עס איז.

די פראַנצויזען האָבען דערפאַר אַ וואָרט: „עוואָקאַסיאָן" — אַרויסרופען. ווי שאול, ווען ער קומט צו דער כישוף־מאַכערין און לאָזט זיך ביי דער נאַכט. ביי ליכט פון דעם פאַקעל אַרויס־רופען דעם שאָטען פון שמואל.

דער נעפּעל געהט מיט מיר — און אין דעם נעפּעל געשטאַל־טען, איינע נאָך דער אַנדערער. גאַנץ וויען, אַלט־עסטרייך, אַ וועלט וואָס ווייזט זיך אויס, ווי אַ מין לעגענדע, און איז דאָך געווען אַ פאַקט.

ערשט ניט לאַנג צוריק, ווען איז דאָס אייגענטליך געווען? אָט זיינען מיר געגאַנגען איבער די אייגענע גאַסען פון וויען — און האָבען געבויט און האָבען צעשטערט.

אָט, דאַכט זיך נאָר וואָס. און עס זיינען דאָך טאַקע בלויז נאָר צוואַנציג יאָהר. עסטרייך אויף דעם שפּיץ פון איהר מאַכט. זי ווייזט דעם לעצטען טאַנץ, דעם הערצאָגישען זשעסט. גראַף עהרענטאַל אַנעקסירט באָסניאַ־הערצעגאָווינאַ. רוסלאַנד ווערט אויפגערעגט. סערביע וויגט זיך, ביי דער רומענישער גרעניץ ווערט מאַנעווורירט. איטאַליע ליאַרעמט — אָבער עסטרייך שמיי־כעלט. „קוש די האַנט" — דער טשאַקאָ וואויל־יונגעריש אויף אַ זייט. דאָס אונגאַרישע אולאַנער־רעקעל אַזוי כוואַטסקע אויף איין אַרבעל — און וויען זינגט: „סערוואוס, בזשעזינאַ — האָט זי צו מיר געזאָגט". זינגט, זיצט אין קאַפע, לייענט צייטונגען, שפּילט טאַראָק און איז געמיטליך.

„וואָס וועט זיין?" — די צייטונגס־מענשען, די פּאָליטיקער האָבען זיך געבראָכען די קעפּ. געהט עסטרייך באַרג־אַרויף אָדער באַרג־אַראָפּ? איז דאָס אַן אָנהויב אָדער — דער אָנהויב פון סוף?

מחמת דאָס האָבען מיר אַלע דעמאָלט געפיהלט: עס איז אַ

נייער קאַפּיטעל. אָדער עסטרייך שלינגט איין איהרע קליינע שכנים און ווערט די גרויסע דונאַי־פעדעראַציע, עסט אויף סערביע, פאַרבייסט מיט רומעניע, דערגעהט אַזש קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, שאַפט איין גרויסען סלאַוויש־אונגאַריש־דייטש־רומענישען פעל־קער־בונד.

אָדער — עסטרייך ווערט אויפגעגעסען.

אין „בורג״ איז געזעסען דער אַלטער קייזער — דער „הער פּראָהאַסקאַ״. ווי די וויענער האָבען איהם גערופען גוטמוטיג־איראָניש — געשאָקעלט מיט דעם גרויען קאָפּ, צעקעמט די ווייסע באַקען־באָרדען און געזאָגט: „עס וואַר זעהר שעהן. עס האָט מיך זעהר געפרויט״ וויי־טער גאָרנישט. אין פּאַלעי שוואַרצענבערג איז געזעסען דער ערץ־הערצאָג פראַנץ פערדינאַנד און געקאָוועט די גרויסע שווערד, און געגרייט פּלענער פאַר אַ נייער אימפּעריע. אין האָטעל זאַכען איז אַרומגעלאָפען אַ שיכור׳ער, און אָפט אַ נאַקע־טער — בלויז מיט אַ שווערד אַרומגעגאַרטעלט — דער ערץ־הערצאָג אָטאָ.

און אין דער קאַפּעי, אָדער וואו די פּאָליטיקער האָבען זיך פאַרזאַמעלט. אויף דער בערזע, וואו שאַרפע אידישע מוחות האָבען געטראַכט דעם געדאַנק פון עסטרייך — האָט מען זיך געפרעגט: ווער רעפּרעזענטירט די אַלטע מאָנאַרכיע — דער ניכטערער פּרינץ פערדינאַנד אָדער דער נאַקעטער אָטאָ מיט דעם אומנויטיגען, גע־פעהרליך־שאַרפען שפּילכעל, די שווערד?

„טריאָלאָגיש״ — עסטרייך־אונגאַרן מוז זיך איבערשמעלצען אין אַ נייעם שטאַאַט — האָבען די חכמים פון דער קאַפּעי, אָדער אין די רעדאַקציעס, גע׳דרש׳ענט. פעדעראַליזם — האָבען גע־שריען די קראָאַטען און די סערבען און איטאַליענער אין איין קאַפּעי. אָפּטיילונג, זעלבסטשטענדיגקייט — האָבען אַנדערע גע־פּרעדיגט אין אַן אַנדער קאַפּעי. און איצט?

אינדערפריה, ביי דער קאַפּע, האָב איך געלייענט די צייטונגען, ווי אַמאָל — דער אייגענער טאָן, די אייגענע קילאָמעטער־אַרטיק־לען, די אַלטע טערמינאָלאָגיע, פּעליטאָן אין דער פּאָליטיק און לי־טעראַטור — אפילו אין דעם עקאָנאָמישען טייל.

די אייגענע נעמען, גלייך ווי עס האָט זיך גאָרנישט געביטען, אַלצדינג ווי עס איז געווען — אָבער נאָר אין קאַפּעי. נאָר אין

דער צייטונג. אַ קוק דורכ׳ן פענסטער — און דו זעהסט דעם אומ־געהויערן, דעם געוואַלדיגען אונטערשייד.

איך געה אין דעם נעפּעל — און וויען געהט מיט מיר.

דאָס פּאַרלאַמענט. גרויסאַרטיג — אַ פּאַלאַץ ווי מען זעהט איהם זעלטען אין דער וועלט. ברייט און גרויס און מאַסיוו. גע־בויט מיט אַ ברייטער האַנט. אויף דורות. געבויט פאַר אַ גרויס־מאַכט, וואָס וויל נאָך גרעסער ווערען.

איך געה אַריין אין דעם געביי. דער ווייטער, עכאָדיגער זייַ־לען־קאָרידאָר. אָט, דוכט זיך, שטעהען זיי, געהען זיי אַרום, זשעסטיקולירען זיי, קריגען זיך, געאַרעמט ווערטלען זיך, מאַכען וויצען. מאַסאַריק, מיט זיין שפּיציג בערדעל. אַ רוסישער פּראָ־פעסאָר ווי ער שטעהט און געהט, מיט דעם „אידעאַליזם״ אויפ׳ן פּנים.

אָט קומט אַרויס — לויפט אַרויס — אַ צעהיצטער, דער טשע־כישער נאַציאָנאַליסט קליפאַטש. ער האָט נאָר וואָס געקלאַפּט אויף דעם שטענדער אין דעם זיצונגס־זאַל, געמאַכט קולות. געמאַכט סקאַנדאַלען — געשרייען „האַנבאַ״ (שאַנד), ווען עס האָט גערעדט דער דייטשער פּאַרטרעטער פון בעהמען — דער איד סטראַנסקי. עס געהען אַרום צוויי גלחים, שוואַרצע סיטאַנען, ווייסע קעפּ: ביאַנקיני, דער דאַלמאַציער, איז דער נידערעסטרייכישער פּאַטער שמידט, דער אַנטיסעמיט. דער אידישער דעפּוטאַט קוראַנזאַ, מיט דער געבויגענער נאָז, און דער ציוניסט שטאַנד פון לעמבערג, מיט זיין כמעט־סלאַווישען פּנים.

סלאָווענען, טשעכען, איטאַליענער, דייטשען, רוטענער, רומע־נער פון טשערנאָוויץ, פּאָליאַקען פון גאַליציע, אידען פון אומעטום — אַלע שפּראַכען פון מזרח־און דרום־אייראָפּע.

און איבער אַלע קלאַנגען און שפּראַכען — דער גאָלדענער, וויכער, וויענער הומאָר.

וויען איז געשטאַנען לעבען זיי — געקוקט אַזוי איראָניש־גוטמוטיג: „מיר זאָן מיר״.

„וואו פאַרזאַמעלט זיך איצט דאָס פּאַרלאַמענט?״ — פרעג איך אַן אַלטען דינער, וואָס געהט אַרום איינזאַם און טרויעריג. און ער ווייזט מיר: אַ קליינער זאַל, אַמאָל דאָס „הערענהויז״ — ד. ה.

פאַר די גרויס־מאַגנאַטען, וואָס האָבען זיך קיינמאָל ניט פאַר־זאַמעלט.

די גרויסהערען זיינען מעהר ניטאָ. זייער פּלאַץ איז לעדיג. און עסטרייך קאָן זיך באַגעהן מיט אַ קליינעם זאַל פאַר איהר שטיקעל פּאַרלאַמענט.

צעפאָהרען זיך, צעגאַנגען זיך, צעלאָפען — פאַנאַנדערגעריסען — יעדער צו זיך, פאַר זיך, בענקט זיך זיי ניט — זיי אַלעמען — נאָך דעם אַלטען ווינער פּאַרלאַמענט, וואו מען האָט געמאַכט טע־אַרעטישע געשיכטע, וואו מען האָט געקעמפט ווי דאָן קיכאָט מיט ווינט־מיהלען ?

עס איז דאָך געווען אַ מין ראָמאַנטיק אין דעם כאַאָס — און היינט איז אַלצדינג אַזוי רעאַליסטיש, אַזוי זעלבסטפאַרשטענדליך.

און די שעהנקייט, די איינציגקייט פון ווין איז געווען דאָך גראַד דאָס, וואָס אַלצדינג איז דאָרט געווען אַזוי אומפאַרשטענדליך, אומלאָגיש. און ווייל אַזוי — מיט אַ טיפערען, העכערען זין. אַ מין אוטאָפּיע, וואָס ראַנגעלט זיך נאָך איהר דערפילען. זי האָט זיך ניט דערראַנגעלט.

איך האָב זיך געפרעגט : וואָס איז מיר העקובאַ ? וואָס איז מיר די נפקא־מינה ? פאַרוואָס קומען גראַד ביי מיר אויף אָט די דאָזיגע זכרונות ? איז דען ווין מיר ניט פרעמד געוואָרען — און איך ווין ? איז עס מיר — איז עמיצען אויף דער גאָרער וועלט — אַזוי וויכטיג, צי דער ווינער „פילכער״ — אָט דער דיקער בעקער און קצב פון מאַריאַהילף לעבט אונטער איין דאַך, אין איין שטאַאַט מיט דעם פאַן זאַוולאַזיל פון פּראַג און דעם סלאָווענער פון לאַיבאַך ? ווען אַרט עס ?

אָבער עס ווייזט אויס, נאָר פרעמדע, אָדער אויב איהר ווילט „היימיש פרעמדע״, קאָנען פיהלען די שעהנקייט און דעם זין, דעם טיפען היסטאָרישען מהות פון אַ שטאָדט, פון אַ שטאָדט פון קולטור.

און דערפאַר אפשר זיינען אידען די בעסטע אויסטייטשער און די געטרייסטע באַגלייטער פון אַלע קולטורען, וואָס קומען זיי אי־בער׳ן וועג.

זיי זיינען די איינציגע וואָס שעצען, די איינציגע וואָס פאַר־

שטעהען. און דערפאַר אויך די שנאה. מענשען האָבען פיינט דעם וואָס פאַרשטעהט זיי.

די וועלט איז די לעגענדאַרע איזיס, די געטין פון סאַיס, וואָס וויל באַוואונדערט ווערען — אומגעזעהענערהייט — דורך איהר שלייער. און וועה איז צו דעם וואָס דעקט־אויף איהר פנים. ער ווערט פאַרשטיינערט. דאָס איז דער עונש פון דער פאַרשלייערטער וועלט.

און נאָך געדיכטער האָט זיך וויען איינגעוויקעלט אין איהר נעפּעל־שלייער און נאָר איינזאַמע ליכט־שטראַלען האָבען געצי־טערט דאָ און דאָרט.

און איך בין נאָכגעגאַנגען דעם ציטערענדיגען שיין — איבער די איינזאַמע גאַסען פון וויען — אויף די וועגען פון מיין פאַרגאַנ־גענער, אויסגעלאָשענער יוגנט.

יאַנואַר 30, 1929

# די לעגענדע פּראָג

אַ שטאָדט וואָס האָט פאַרשטאַנען — צו בלייבען אַלט. עס איז נאָך אפשר אַ גרעסערע קונסט, אַ שעהנערע קונסט, ווי צו בלייבען יונג. אַלט־ווערען קאָן יעדער, אָבער ניט יעדען איז עס באַשערט צו זיין אַלט — מיט דער גאַנצער שעהנקייט און רייפקייט און פאַר׳חלומ׳טקייט פון אַלטקייט. די עלטסטע שטאָדט פון דער וועלט — דער וועלט וואָס באַטייט עפּעס — האָט עס ניט פאַר־שטאַנען. רוים האָט עס ניט געקאָנט. איהר אַלטקייט איז געוואָרען אַ מוזעאום און אַן אויסשטעלונג פאַר נייגעריגע פרעמדע. און די יונגע שטאָדט, די נייע, קוקט מיט אַ מין רחמנות און פאַראַכטונג אויף איהר אַלטער באָבען, וואָס ווייזט איהרע פאַרמעטענע קנייטשן — פאַר נייגיריגע.

די איינציגע שטאָדט, וואָס איז נאַאיוו אַלט, וואָס ווייסט גאָר ניט אַז עס קאָן זיין אַנדערש, וואָס איז זיך ניט מתקנא אין יוגענט — און וויל איהר ניט נאָכמאַכען — איז פאָרט נאָך פּראָג, פּראָג וואָס איז אַרומגעשפּונען מיט אַ געוועב פון לעגענדעס, די פּראָג פון טיכאָ־בראהע און ברודער רודאָלף, די פּראָג פון די „גאָלד־מאַכער״, פון יאָהאַן הוס, פּראָג פון דעם מהר״ל און דעם גולם, הייזער און גאַסן. קלויסטערס און טורעמס, בריקען און — מענ־שען. אפילו די מענשען האָבען אַזאַ אַלט־מיטעלאַלטערליכען אויס־זעהן, אַן אָפּשיין פון אַמאָליגקייטען.

* * *

איך האָב זיך אַ גאַנצען פריהמאָרגען אַרומגעדרעהט אין דער „אַלטער שטאָדט״, אָהן אַ ציל — און אפילו אָהן היסטאָרישער ניי־גיריגקייט. אין מיין זכרון איז נאָך געווען פריש דער איינדרוק, וואָס פּראָג האָט געמאַכט אויף מיר מיט יאָהרען צוריק, ווען איך בין דאָרט געווען צום ערשטען מאָל. עס האָט זיך עפּעס געביטען — שפּראַך, אַטמאָספערע. דעמאָלט איז דאָס נאָך געווען עסטרייך, די הויפּטשטאָדט פון דעם מערקווירדיגען, אַלטען, שעהנעם, קלאַנגענרייכען „קעניגרייך״ בעהמען. דעמאָלט האָט מען נאָך אויף

די גאַסען פון פראַג גערעדט דייטש, וויענער דייטש. עס האָט זיך געפיהלט אַן אַנגעשטרענגטקייט און אַ באַהאַלטענער כעס. די שטי־מונג פון די אַלטע צייטען, פון דער דרייסיג־יאָהריגער מלחמה, פון דעם קאַמף צווישען די ראַסען, צוויי קולטורען, צווישען סלאַווען און דייטשען, צווישען פראָטעסטאַנטען און קאַטוילּיקען, האָט אַלץ נאָך נאָכגעציטערט אין די אַלטע גאַסען פון פראַג. אָבער דאָס האָבען געפיהלט בלויז די, וואָס האָבען עס געוואוסט, וואָס האָבען געקענט די גאַנצע פאַרדרעהטע און טומעלדיגע פּאָליטיק פון דער האַבסבור־גער מאָנאַרכיע. אָבער פאַר דעם באַזוכער, פאַר דעם וואָס פאַר־טיפט זיך ניט, וואָס זעהט בלויז די אויבערפלעך פון דעם לעבען, איז פראַג געווען כמעט אַ דייטשע שטאָדט. דער גראָבען — די ברייטסטע גאַס פון דער וועלט — האָט געשטראַלט אין ליכט, דער וועןצעלס־פּלאַץ האָט געלאַקט מיט זיינע קאַפעס, מיט זיינע רייכע קראָמען — און די פּראַגער אידען זיינען אַרומגעגאַנגען שטאָלץ און צופרידען אין זייערע הויכע צילינדערס און די שוואַרצע „פּרינץ־אַלבערטס”.

היינט איז דאָס אַלץ פאַרשוואונדען. קיין דייטש וואָרט, קיין דייטשע אויפשריפט — אויף אַ מוציא. דער גראָבען הייסט שוין — טשעכיש — „נאַ פּערעקאָפּו”. אַלע גאַסען טראָגען טשעכישע נעמען — שווער אַרויסצורעדען, אוממוזיקאַליש. אויף די גאַסען הערט מען כמעט ניט קיין אַנדער שפּראַך אַחוץ טשעכיש. מען האָט אַ לאַנגע צייט ניט געטאָרט רעדען קיין דייטש. און אָט דער דאָזיגער געפיהל פון צוואַנג, פון באַוואוסטזיניגער אונטערדריקונג פון אַ קולטור, פון פּלאַנמעסיגער, עקשנות׳דיגער נאַציאָנאַליזירונג האָט אַריינגעטראָגען אין דער לעבעדיגער, פרעהליכער פּראַג אַ מין אומעט.

וואו, וואו, גראָד אין פּראַג איז יעדער ברוך מיט דעם אַלטען, מיט איינגעוואָרצעלטע געוועהנהייטען און טראַדיציעס, אַזוי אומ־פּאַסיג. און פּראַג פיהלט עס.

פון גאַס צו גאַס, אָהן אַ פּלאַן, אָהן אַ ציל. בריק נאָך בריק, טורעם נאָך טורעם. איך בין אַריין אין עפּעס אַ געסעל — אין דער ״אַלטער־שטאָדט״. איינע פון די אַלטע געסלאַך, וואָס מען געפינט בלויז אין געצעהלטע שטעדט פון אייראָפּע, אין די שטעדט פון מיטעלאַלטער. ענג און קרום און געפלאָכטען ווי אַ שלאַנג. מען ווייסט גאָר ניט וואוהין זיי פיהר׳ען. זיי פיהרען אַריין ערגעץ

אין טיפֿע ווינקלען, אין טויערן שוואַרצע, אייזערנע, צו הייזער, וואו דורות האָבן זייער לעבן פֿאַרבראַכט. געסלאַך פֿון סודות, געזעטיגט פֿון אַלטען, רייכען לעבען. און אין אַ ווינקעל, לעבען אַזאַ טויער, האָב איך דערזעהן אַ מערקווירדיגע געשטאַלט. אַן אַלטער מאַן — ווייסע לאַנגע האָר, אַ ווייס, שמאָל בערדעל, אָנגעטאָן אין אַ לאַנגען שוואַרצען ראָק, אויפ׳ן קאָפּ אַ סאַמעטען היטעל אָהן אַ דאַשיק, אַ מין יאַרמולקע — איז געזעסען דאָרט אויף אַ שטיינערנער באַנק. אין איין האַנט האָט ער געהאַלטען אַ פֿידעל, מיט דער צווייטער האָט ער געגלעט דעם קאָפּ פֿון אַ קליין אינגעלע. זיידע און איניקעל. אַ גאַסען־שפּילער. איך האָב זיך אָפּגעשטעלט, געוואַרט ביז דער אַלטער וועט אָנהויבען שפּילען. אָבער דער אַלטער האָט לכתחילה גאָר ניט אַרומגעקוקט זיך אויף מיר. זיין אויג האָט זיך אויף איין אויגענבליק אָפּגעשטעלט אויף מיר — אַ רוהיג, שטיל אויג, אַן אויג פֿון אַ מענשען וואָס וויל גאָרנישט, וואָס זעהט בלויז אין זיך — אין דער אייגענער וועלט, וואָס איז שוין טויט פֿאַר אונז, אָבער לעבט נאָך פֿאַר איהם. און ווידער אַמאָל איז זיין בליק אַוועק פֿון מיר, און צוגעשמייכעלט צום איניקעל.

און דאָרט האָב איך צום ערשטען מאָל דערזעהן פּראָג — דערזעהן אַ שטיק פֿאַרבליבענעם מיטעלאַלטער. אָט אַזוי האָבען באַדאַרפֿט אויסזעהן די מענשען, וואָס האָבען געלעבט אין די שטורמישע צייטען פֿון קייזער רודאָלף, מיט פֿיר הונדערט יאָהר צוריק, — אַלכעמיקער, האַלבע מכשפֿים, מיט פֿיר הונדערט יאָהר צוריק, אפֿשר האָט אויסגעזעהן דער „הויכער רבי ליב״, דער לעגענדאַרישער באַשאַפֿער פֿון דעם גולם. וואָס טוט דאָס שטיק פֿאַרגאַנגענהייט אין דער היינטיגער צייט? וואָס איז איהם, דעם אַלטען מיט דער סאַמעטענער יאַרמולקע, די גאַנצע פּאָליטישע איבערקעהרעניש, — טשעכען, דייטשע רעפּובליק, מאָנאַרכיע, מאַזאַריק אָדער האַבסבורג — ער לעבט אין אַן אַנדער וועלט, וואָס האָט גאָרנישט וואָס צו טאָן מיט די דאָזיגע כוואַליעדיגע פּאַסירונגען. זיין וועלט איז די אַלטע, געשטאָרבענע און אין איהר טויט שעהנע שטאָדט פּראָג. פּראָג, וואָס איז ניט מעהר קיין שטאָדט, נאָר אַ לעגענדע.

לאַנג בין איך געשטאַנען און באַטראַכט דעם אַלטען. און ווען איך בין אין אַ שעה אַרום צוריקגעקומען אין דעם אייגענעם געסיל

— האָב איך נאָך אַלץ געפונען אויף דער אייגענער שטיינערנער באַנק ביים טויער דעם אַלטען. ער האָט לאַנגזאַם און פאַרטראַכט געשפּילט אויף זיין פידעל. אַן אַלטע מעלאָדיע — אַ פאַרגעסענע, פון צייטען וואָס זיינען שוין פאַרגעסען. שטילער אומעט און אַלטע, ווייס־געוואָרענע בענקשאַפט. די מעלאָדיע פון פראָג.

* * *

איבער דער שטיינערנער קאַרל־בריק צום „הראַדזשין", דער אַלטער „בורג" פון פראָג. פון ביידע זייטען אויף דער בריק סטאַטוען. קריסטוס, אַפּאָסטעל און אַלטע העלדען. אַ גאָלדענע סטאַטוע, געגאָסען פון אידישען גאָלד. אַ איד האָט אַמאָל — מיט הונדערטער יאָהרען צוריק — אויף דער אייגענער בריק ניט אָראָפּ־גענומען דאָס היטעל פאַר אַ קריסטוס־בילד, און דער שטאָדט־מאַ־גיסטראַט האָט איהם דערפאַר גע'קנס'ט, און פון דעם גאָלד וואָס ער האָט געמוזט באַצאָהלען האָבען די פרומע פראַגער געגאָסען אַ שעהנע, גרויסע, גאָלדענע סטאַטוע, אַ מאָטיוו וואָס קעהרט זיך אום אומעטום, וואו עס זיינען נאָך פאַרבליבען די שפּורען פון מי־טעלאַלטער. פון דעם טיטוס־געלט אויף אידישען אומגליק, דער בויגען וואָס די שטאָלצע רוימער האָבען אויסגעבויט — אַלס אַ זכר לחורבן — ביז צו דער סטאַטוע אויף דער קאַרל־בריק — איין וועג, איין איינציגער: דער דערנער־וועג פון דעם איינזאַמען אידען.

העכער, אַלץ העכער, איבער שמאָלע געסלאַך, איבער שטיי־נערנע ברוקען — און אָט איז דער הראַדזשין, אַ גרויסער פּלאַץ, אַרומגערינגעלט פון פּאַלאַצען. און אַלע אינאיינעם — איין פּאַ־לאַץ, אַ מאָנומענט פון די האַבסבורגער. דער אַלטער פיהרער, אַ פראַגער טשעך מיט דעם טיפּישען פראַגער דייטשען אַקצענט — האַרט און זינגענדיג — האָט מיך צוויי שעה נאָכאַנאַנד אַרומגע־פיהרט איבער אַלטע קלויסטערס — טויזענד יאָהר איז דאָס קלענ־סטע וואָס אַזאַ קלויסטער קאָן זיך ערלויבען — אָדער שלעסער, זאַלען, — און יעדער ווינקעל רעדט אין דער שפּראַך פון אַמאָל, דערצעהלט וועגען שטורמישע, שטאָלצע, העראָאישע צייטען.

און אין דעם מיטעלפּונקט שטעהען קייזער רודאָלף, יאָהאַן הוס, דער דרייסיג־יאָהריגער קריג. פון דעם שלאָס פיהרט דער וועג אין אַ קליין געסעל — פאַרזייהט מיט קליינינקע, כמעט קאַ־

טאָוועסדיגע הייזלאַך. דאָס זיינען די וואוינונגען פון די „אַלכע־מיקער". אַהין האָט דער מערקווירדיגער האַבסבורגער, קייזער רודאָלף פאַרשפּאַרט די אַלכעמיקער, די „גאָלדמאַכער", און זיי געצוואונגען דאָרט צו אַרבייטען — מאַכען גאָלד. אין איינעם פון די דאָזיגע הייזלאַך וואוינט דער אַל־טער פיהרער, וואָס איז מיט מיר אַרומגעגאַנגען. ער האָט מיר איינגעלאַדען צו זיך. צוויי פּיצינקע חדרים'לאַך — די ווענט באַ־מאָלט מיט סימבאָלישע בילדער פון דער אַלכעמיע, מיט קבלה־צייכענס, די מעבעל געשניצט פון אַלטען האָלץ. אין מיטן שטיבעל שטעהט אַ לייטער. מען מוז אַרויפקלעטערן אויף איהם, כדי צו קומען אין אַ קליין חדר'ל — דאָרט שטעהט אַ בעט, אויך פון אַלטען רויטען האָלץ. די סטעליע איז אַ בויגען, איבערגעשפּאַנט איבער דער בעט. און אויך אַזאַ בויגען־פענסטערעל אין דער וואַנט. און פון דאָרט קוקט מען אַרונטער אויף פּראָג — אויף די גרינע בערג, אויף דעם שלאָס בעלוועדער, אויף די פּאַלאַצען און קלויסטערס און די שוואַרצע טורעמס — און אויף דער גרינער מאָלדאַו, וואָס ציהט זיך ווי אַ ברייטע סטענגע אונטער די בריקען פון פּראָג.

ווי מען האָט מיר דערנאָך דערצעהלט אין פּראָג, באַזעצען זיך אין די דאָזיגע הייזלאַך פון צייט צו צייט קינסטלער, מאָלער און שרייבער. זיי זוכען דאָרט מאָטיוען און שטימונג. דאָס איז דאָך סוף־כל־סוף דער לעצטער צוועק פון יעדען לעבען: געבען שטאָף און פאַרב פאַר נייע שאַפונגען.

* * *

עס האָט זיך מיר ניט געגלוסט אַוועקצוגעהן פון דעם דאָזיגען שטיבעל און פון דעם גאָלדמאַכער געסעל. צו וואָס ווייטער זוכען, וואָס ברענגען אונז נייע איינדרוקען? אונטער טויזענדער פאָרמען דאָך דאָס אייגענע: דער חלום פון דעם אוממעגליכען. און איך וויים ניט פאַרוואָס — אָבער אין דעם גאָלדמאַכער־שטיבעל איז פאַר מיינע אויגען אַרויפגעשוואומען אַן אַנדער וועלט, אַ לעבעדיגע, אַ ליאַרמענדיגע, אַ יונגע, אַ שטאָדט פון גאָלדמאַכער — ניו יאָרק. דאָ אייביגער שלאָף און שטילקייט — דאָרט שטענדיג אויף דער וואַך און רעש. דאָ און דאָרט: גאָלד. אָבער דאָ — אין די סודות'דיגע הייזלאַך איז אויך דאָס גאָלד געווען ניט בלויז גאָלד — נאָר אַ מין מיסטישער צייכען, אַ שטיק קבלה, אַ רמז. קייזער

רודאָלף האָט טאַקע באַדאַרפט האָבען דאָס גאָלד פון זיינע אַלכע־מיקער, אָבער נאָך מעהר האָט עס איהם געלאָקט אַריינצוקוקען אין די סודות פון דער וועלט, אויפהויבען דעם פאַרהאַנג. עס איז גע־ווען גאָלד — פאַר אַ מזבח. אפשר וועט אַמאָל — אין הונדערטער, אין טויזענדער יאָהרען אַרום — אויך אַרומגעהן אַ וואַנדערער אי־בער די גאַסען פון ניו יאָרק און אַן אַלטער פיהרער וועט איהם באַגלייטען איבער די גרויסע, שטילע, פאַרוואַקסענע פּאַלאַצען, אי־בער די רוהיגע, איינגעשלאָפענע, פאַרגליווערטע גאַסען — און וועט איהם אויך דערצעהלען אַ לעגענדע פון אַ דור, וואָס האָט גע־זוכט גאָלד, געגראָבען אַן אוצר — און געגאַרט נאָך אַ נייעם לע־בענס-סימבאָל. קליינע געסלאַך, ברייטע גאַסען, הייזלאַך און פּאַ־לאַצען — דער תוך איז דער אייגענער, און אויך דער סוד.

* * *

עס איז געווען שבת. די אידישע גאַס האָט גערוהט. די באַ־ריהמטע אַלט־ניי־שול איז געווען פאַרמאַכט. פאַרשלאָסען אויך דער בית־עלמין. איך האָב געקלונגען אין אַלע גלעקלאַך, גערופען אַלע שמשים אָבער די שמשים אין די צילינדערס האָבען געהאַט אין ענטפער: „עס איזט הייטע שאַבעס". און וואַרטען האָב איך ניט געקאָנט, אויך ניט געוואָלט. שוהלען זיינען ניט ראָמאַנטיש—פון אינוויינינג, ווי אַלט זיי זאָלען ניט זיין. דאָס אידענטום איז שטרענג און קאַרג און האַרב. אַלט אָדער ניי — די אייגענע פּשוט׳קייט און אַבסטראַקטע, קאַלטע גרויסקייט. די אַלט־ניי־שוהל — אַ שוהל ווי יעדע אַנדערע. זי האָט אויף מיר געמאַכט קיין איינדרוק דעם ערשטען מאָל, ווען איך האָב זי געזעהן — איך האָב ניט געבענקט נאָך איהר. נאָר דאָס אויסערע איז גרויסאַרטיג. ווייל אָריגינעל. די אָריגינעלסטע שוהל וואָס מען קאָן זיך אויסמאָלען. אַ סטיל פון לעגענדאַרישע צייטען, פון אַלטע גהעטאָס, פון פאַרשפּאַרט, פאַרמויערט לעבען. איינגעבויגען ווי אַן אַלטער איד — און שטאַרק און שטאָלץ אין איהר פּשוט׳קייט ווי דאָס אידענטום. און געהט מען אַריין אין דער שוהל, מוז מען זיך איינבויגען, און מיט אַן אַראָפּגעלאָזטען קאָפּ אַריבערטרעטען די שוועל. אָבער דער גאַנצער כשוף און שעהנקייט פאַרשווינדט, ווען מען איז שוין אין דער שוהל. דאָס איז דאָך דער אומגעהויערער כח פון דעם אידענטום: ער איז אייביג אַלט.

אויך דער בית־עלמין האָט מיך ניט געצויגען. איך בין צוגע־גאַנגען צו דעם טויער — און עס האָבען מיר פון דאָרט, אין דער פאַרגאָלדענער בין־השמשות־זון, אַנטקעגענגעגלאַנצט די וואונדער־באַרע ווערטער — די אויפשריפט אויף דעם טויער: „יראת הכבוד פאַר דעם אַלטען, אַכטונג פאַר דעם אייגענטום, מנוחה פאַר דעם טויטען". די גאַנצע פילאָזאָפיע פון דעם אידענטום — אויף דעם אַלטען טויער פון דעם פּראַגער בית־עלמין. ווי ווייניג קען דער די אידען, ווער עס האָט ניט געלייענט דעם דאָזיגען אייביגען מאָ־טיוו פון דער אידישער נשמה!

* * *

„איהר געהט אַרום דעם אידענטום — אַרום און אַרום" — האָט צו מיר געזאָגט מיין באַגלייטער, אַ באַקאַנטער פּראַגער שריי־בער, וואָס זוכט אויך אַ שליסעל צו דעם אידישען פּראָבלעם. „יאָ, אַרום און אַרום — דאָס איז מיין וועג. און איך גלויב, אויך דער איינציגער וועג. דאָס אידענטום איז צופיל תוך — וואָס מיר מוזען פאַר איהם שאַפען איז: דאָס אַרום־און־אַרום".

מיט די ווערטער האָב איך זיך מיט איהם געזעגענט — מיט איהם און מיט דער אַלטער, וואונדערבאַרער לעגענדע פּראַג. איינ־געטונקט זיך, ווי גע׳טובל׳ט זיך אויף אַ טאָג אין קדושה, אין מיס־טיק — און צוריק צו דער וועלט, וואָס זוכט ערשט איהר קדושה, אַרום און אַרום, אויפ׳סניי דער וועג.

סעפּטעמבער 10, 1923

# בערג, שטעדט און מענשען

**שניי און אייז**

פון זינט איך האָב געלייענט גראַף קאַיזערלינג׳ס „רייזע־בוך פון אַ פילאָזאָף״ — האָב איך מורא זיך צוצוריהרען צו „רייזע־באַשרייבונגען״. ניט דערפאַר, וואָס דער פאַרגלייך איז צו־גרויס, און אויך ניט פון איבער גרויסער עניוות. פונקט פאַרקעהרט. גראַף קאַיזערלינג׳ס בוך האָט מיר בלויז איינס באַוויזען, אַז צו דער נאַטור קאָן מען ניט צוגעהן, סיידען מען איז אַ קינסטלער, און אַ קינסטלער זיין מיינט קאָנען איבערגעבען מיט עטליכע שטריכען, פאַרבען, ליניעס, דעם קאָמפליצירסטען איינדרוק, וואָס די אויסענוועלט מאַכט אויף אונז. נאַטור קאָן מען ניט באַשרייבען, קאָן מען ניט דערצעהלען. מען קאָן זי בלויז „מאָהלען״. און מאָהלען מיט ווערטער — איז איינע פון די אוממעגליכסטע זאַכען. ווייל ווערטער — ווי קיילעכיג זיי זאָלען נישט זיין, ווי פאַרביג און פול מיט כוונות, זיי געהען פאַרט פאַרביי דעם תוך. זיי זאָגען בלויז וואָס איז פאַראַן, און דאָס הייסט, וואָס דאָס אויג האָט אין אַ געוויסען, קורצען אויגענבליק געזעהן. און דאָס איז אַזוי ווייניג.

אַזוי שרייבען די „אימפּרעסיאָניסטען״, די פּראָפעסיאָנעלע איינדרוקען־זאַמלער. אָבער אויב דאָס איז ניט גענוג, אויב דער באַטראַכטער ווערט מיד פון דעם אַרומקלעטערען אַרום דעם אָב־יעקט, פון די אַקראָבאַטישע קונצען, דעם טאַנץ פאַר דעם ניט אויסשעפּענדיגען פאַקט — דעמאָלט קומט די קאַיזערלינג־מאַניער, און די נאַטור, דאָס געזעהענע, דאָס אין זיך פאַרשלאָסענע, ווערט אַ שליסעל צו אַלצדינג אין דער וועלט — אַחוץ דעם, וואָס איז באמת פאַראַן. קאַיזערלינג זעהט דעם ראמאלוויא — און דערמאָנט זיך דערביי אין סאָציאַליזם, אין קאַנט׳ס פילאָזאָפיע, און בילדער, וואָס ער האָט אַמאָל געזעהן אין מוזעען. ער קומט קיין קאַליפאָר־ניע, עס עפענען זיך פאַר איהם וואונדער פון דער פאַרצייטיגער נאַטור, — איינער פאַרטראַכט זיך איבער דער פסיכאָלאָגיע פון דעם אַמעריקאַנער — פאַרגלייכט די אַלטע וועלט און די נייע, —

און פאַרגעסט באַלד אין קאַליפאָרניע, פאַרלירט זיך — און מיט איהם אויך דער לעזער — אין חקירות, אידייען, שמועסען.

מאַהלען, מאַהלען! אָט די געבענשטע קונסט מיט איין באַ־וועגונג פון דער האַנט שאַפען די אילוזיע פון אַ ווירקליכקייט, איבערשמעלצען, איבערשאַפען!

ווען איך וואָלט דאָס געקאָנט — אָט אַזוי פאַרפיקסירען אויף פאַפיר, פון אויג צו אויג, ניט פון אויג, צום מוח, פון בילד צו וואָרט — די וואונדערבאַרע סצענע, וואָס האָט זיך געעפענט פאַר מיר, ווען איך בין אַרויפגעקומען אויף דעם „וועגגערן־אלפ" — אין דער דייטשער שווייץ, דעם „בערנער אָבערלאַנד".

אַ פאָר שעה רייזע פון בערן, דער שווייצאַריש׳סטער פון אַלע שטעדט אין דער שווייץ, דער איינציגער שטאָדט, וואו די שווייץ איז ניט דייטש, ווי אין באַזעל אָדער ציריך, ניט פראַנצויזיש ווי זשענעווע, און ניט קאָסמאָפאָליטיש, האַמעטיש ווי אינטערלאַקען אָדער לוצערנע, נאָר רייך־שווייצעריש, מיט דער גאַנצער אייגענ־טימליכקייט, אייגענאַרטיגקייט פון דער אור־שווייץ. אַ פאָלק פאַר זיך, אַ ראַסע, וואָס איז עלטער פון די איבעריגע אייראָפּייאישע, איבערגעבליבען פון די אַמאָליגע פעלקער, וואָס האָבען גאָרניט איבערגעלאָזט נאָך זיך אין דער געשיכטע אַחוץ אַ פאָר נעמען, עט־ליכע לעגענדעס און — דעם אַקצענט.

זיי רעדען, דאַכט זיך, דייטש, און עס איז ניט קיין דייטש. אפילו ניט קיין דיאַלעקט, נאָר עפּעס גאָר אַן אַנדער שפּראַך. מען קאָן אָפּט גאָרניט דערקענען דעם דייטשען קלאַנג, ווען עס רעדט אַ באַיאַר, אָדער אַ שוואַב, אָדער אַ זאַקס אָדער גאָר אַן עסטרייכער, — וואונדערט איהר זיך אָפּט איבער די פאַרשיידענע פאָרמען, וואָס די דייטשע שפּראַך האָט אָנגענומען — אָבער איהר הערט דעם דייטשען טאָן. זאָגט אָבער אַ בערנער צום צווייטען: „שאוג שאַן די זון שינט שאָ" — רעדט עס אַרויס מיט זיין בערנער הברה — קאָנט איהר זעהר גרינג האָבען אַ טעות און מיינען, אַז דאָס רעדט איינער כינעזיש מיט דעם צווייטען. דער האַרטער „כ", דער שאַרפער „י", דאָס אַרויסוואַרפען דעם „ר", וואו מען קאָן נאָר, און דער עיקר — דער הילצערנער, איך וואָלט געזאָגט, הוילער, באַרג־אָפּקלינגענדיגער טאָן, דאָס אַלץ מאַכט דעם בערנער „דייטש" פאַר אַ שפּראַך פאַר זיך. מען הערט פון איהר אַרויס דעם עכאָ פון אַ שפּראַך, וואָס האָט אַמאָל געלעבט, וואָס האָט געקלונגען

טאַקע דאָ, צווישען אַט די בערג. אַ טויטע שפּראַך, וואָס האָט איבערגעלאָזט בירושה איהר קלאַנג. און ווען עס קומט אַ גראָדנער אָדער אַ באַרדיטשעווער איד פון דייטשלאַנד, פון דער ליטעראַרי־שער בערלין, אַהער, אפילו פון וויען, און האָט אַביסעל פּאַראיבעל אויף זיין עלטער־זיידען, וואָס האָט „קאַליע געמאַכט" די דייטשע שפּראַך — דאָ אין בערן, פיהלט ער זיך אַ געהויבענער און אַ באַרוהיגטער. די „שווייצער" רעדען נאָך ערגער, און אין דעם קאַנטאָן בערדיטשעוו אָדער האָמעל — רעדט מען נאָך אַלץ אַ בעסער „דייטש". נעהנטער צו דער שפּראַך פון געטהע און שילער, ווי אין בערן.

און ווי די שפּראַך — אַזוי די מענשען, אַלט־ראַסיג, אָפּגע־ברעקעלט פון אַן אויסגעשטאָרבענער ראַסע, און דערצו נאָך פון אַ שטאַם, וואָס איז געווען זיכער זעהר שטאַרק, אָבער אַזוי ניט עס־טעטיש, אַזוי וויניג אויסגעאַיידעלט און אָפּגעהויבעלט, ווי די שטיינער פון די שווערע בערג. שטיינער צווישען שטיינער.

אַ ראַסע, וואָס איז קרעפטיג און אומגעלומפּערט, ווי די בערען אין דעם „בערנער שטאָדט־גראָבען" — אויך אַ געדעכעניש אין אַמאָליגע צייטען און אין טויטע גלויבענס.

זיך „אָפּגעשפּילט" מיט די בערען — געהאָדעוועט זיי מיט זיסע רויטע מעערען, אַרומגעקוקט זיך אַביסעל אין דער שטאָדט, נאָכגע־גאַנגען די טריט פון אַמאָל, די טריט פון אונזער יוגענט, — ווען איז דען דאָס געווען — נעכטען, אָדער אין פאַרנעפּעלטע, אין פאַר־היסטאָרישע צייטען? ערשט ניט לאַנג — דאַכט זיך — זיינען מיר דאָ א ל ע געזעסען, די גאַנצע אינטעליגענטע יוגענט פון רוסיש־אידענלאַנד, די רעוואָלוציאָנערען, די זידענדיגע, די ברויזענדיגע יוגענט!

געזעסען אין די קאַפעס, געגאַנגען שפּעט ביינאַכט איבער דעם פּלאַץ, וואו עס שטעהט דער פּאַלאַץ פון דעם שווייצערישען פאַר־לאַמענט און דיסקוטירט, און גערעדט איבער גאָט און וועלט, איבער דער נייער וועלט, וואָס מיר ווילען שאַפען, מ ו ז ע ן שאַפען.

בונדיסטען האָבען זיך געקריגט מיט ציוניסטען, סאָציאַליסטען מיט נאַציאָנאַליסטען — און ווידער יעדע פון דיביידע גרופּען צווישען זיך, דאָ האָט מען געלייענט רעפעראַטען, וואָס האָבען געדויערט אַ וואָך — יעדע נאַכט ביז 2 פאַרטאָג. דאָ האָבען יונגע מיידלאַך מיט טויזענט אויגען זיך באַגייסטערט און באַוואונדערט

און זיך פאַרליבט. דאָ האָט מען געבויט טעאַריעס און זיי באַלד ווידער צעשטערט. דאָס איז געווען די לאַבאָראַטאָריע פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, רוסלאַנד׳ס יוגענט אין דער יוגענט. קינדער האָבן זיך געשפּילט מיט דעם „רוסישען בער״ — און, מערקווירדיג, זיי האָבן איהם, סוף־כל־סוף, גובר געווען. און די קינדער פון אַמאָל האָבן זיך צעשיידט. אַ טייל פון זיי זיינען אַליין געוואָרען בערען. און דער אַנדערער — געהט נאָך אַלץ אַרום אַרום די הויכע גראַטעס פון דעם בערען־גראָבען, רייצט זיך מיט די בערען און שרעקט זיך פאַר זיי. די יוגענט איז פאַרגאַנגען — דער שפּיל איז פאַרבליבען, אַ טראַגישער, אַ צו־ערנסטער שפּיל.

און צו דער יוגענט איז ניטאָ קיין וועג צוריק.

„ער האָט געוואוסט, אַז מען קאָן ניט אַריבערגעהן צו דער פאַרגאַנגענהייט איבער דעם נייעם בריק״ — זאָגט דער באַוואוסטער אידיש־ענגלישער ראָמאַניסט, מעריק, אין זיין ראָמאַן „קאָנראַר זוכט זיין יוגענט״.

ניט דער נייער בריק — און ניט דער אַלטער. און אויך דער בערען־גרוב פון בערען. איך האָב עס אויך געוואוסט — און עס געדיינקט אין מיר.

* * *

און ווייטער. איבער אינטערלאַקען, דער פרעמדען־שטאָדט, מיט איהרע גרויסע, אימפּאָנירענדע האָטעלען, וואָס דערצעהלען פון עשירות, פון פאַרליבטע פּאָרלאַך, פון פאַרדרעהטע ענגלענדער, פון פּראַקטישע אַמעריקאַנערינס, — איבער דעם בלוי־גרינעם, זוניגען, צווישען בערג פאַרשפּרייטען, שטילען „טונער זעע״ — אַזוי אי־דיליש, רוהיג, באַלעבאַטיש־שעהן, — איבער בערג, איבער סטעזש־קעס, איבער שטיינער — באַרג אַרויף, באַרג אַרויף — אין דער זון, אין פרישע פריהמאָרגענס — אויף דעם וועג צו דער „יונגפרוי״ — צו שניי און אייז.

און אָט איז די ערשטע סטאַנציע: ווענגערן־אַלפּ.

דער וועג צו דער דערגרייכונג — נאָך ניט דערגרייכונג.

נאָך ניט אין דעם שניי אויף דעם שפּיץ באַרג, דאָרט וואו די שעהנקייט איז אַזוי נאָהענט, אַז זי פאַרלירט איהר מאַלערישען חן, נאָר אויף אַ געוויסע דיסטאַנץ. איהר זעהט די ווייסע שניי־בערג, ווי אויף דער האַנט, זיי בלישטשען אין די אויגען, זיי דעקען זיך

אויף פּאָר אייך — אָבער פּאָרט : פּערספּעקטיווע. דאָס אויג איז נאָך פריי. עס קאָן נאָך פאַנטאַזירען. עס קאָן פאַרגלעטען און באַ־פוצען. אויבען — אַ שעה ווייטער. פון דעם וועגגערן־אַלפּ, דורך דעם טונעל, דאָרט וואו דער שניי און דאָס אייז זיינען שוין ניט קיין „בילד", נאָר אַ ממשות — דאָרט איז עס ניט שעהן. ווייל דאָרט זעהט איהר אַלע קנייטשען און ווילדקייטען און אַלטקייטען. דאָרט איז די „יונגפרוי" אַלט — אפילו איהר ווייסקייט גלאַנצט ניט, דאָרט איז זי גרוי, און צעריסען, דאָרט איז עס שווער — ווי יעדע ווירקליכקייט.

דאָ אָבער — איז דאָס נאָך קונסט, פּאָעזיע. געהט איהר צו אַ בילד צו נאָהענט — פּאַרלירט זיך דער עפעקט, איהר זעהט בלויז פלעקען, זעהט ווי די פאַרבען ליגען איבעראַנאַנד, בלוי און גרין און רויט — דאָרט זעהט איהר ווי עס ו ו ער ט . מען מוז אַוועקגעהן אויף צוריק — ווייט אַוועק פון דעם בילד, כדי עס צו זעהן — ווי דער קינסטלער האָט עס געוואָלט מאַכען, ווי ער האָט עס געזעהן. און די פלעקען פאַרשווינדען — זיי ווערען פלאַך — און די פאַרבען גיסען זיך צונויף — זיי ווערען אַ סימפאָניע.

מען דאַרף אַלצדינג זעהן פון דער ווייטענס. מען טאָר ניט זיין נאָהענט. און אפשר מוז מען דערפאַר אַזוי ליב האָבען דעם „נאָהענטען" — ווייל אָהן ליבע קאָן מען ניט אַריבערטראָגען. מיר זיינען פאַרליבט אין דעם ווייטען — צו דאָס איז דער משיח־אידעאַל, צי דאָס איז גאָט, צי דאָס איז די „ווייטע פּרינצעסין" פון ראָסטאַנ׳ס דראַמאַטישער לעגענדע. מיר נעמען אויף זיך דאָס נאָהענטע — מיט יסורים, און אפילו די ליבע צו איהם איז אויך יסורימ׳דיג.

דריי שטעהען דאָ פאַר מיר — דריי ווייסע, דריי אין שניי־מאַנטלען איינגעוויקעלטע : דער אייזער, דער מאָנאַך און די יונג־פרוי. איינוואוינער פון שניי, מיט שפּיצען פון אייז, וואָס גלאַנצען אין דער זון.

שטיל. זעלטען געהט פאַרביי אַ טוריסט, שטעלט זיך אָפּ אויף אַ ווייל — קוקט זיך איין, ציהט איין די פּלייצעס און ווייטער.

פון ערגעץ הערט זיך אַ מין דונערן. ריכטיגער — דער שוואַ־כער עכאָ פון אַ ווייטען דונער. ערגעץ פאַלט שניי. האַלט אין איין פאַלען, פון די ווייסע קעפּ אויף די גרויע שטיינערדיגע זייטען. עס ציהט איהם אַראָפּ, ס׳ווערט איהם דאָרט ענג — ווייל אין טאָל.

און ווערט אויף דעם וועג צעריבען, צעשטויבט — און צעמאַלען — אָבער — פאַלט ער אַריין ערגעץ אין אַ וואַנט — נישט צווישען די בערג — ווערט ער פאַרפרוירען.

און איהר פיהלט — אַלצדינג געהט ערגעץ־וואו. נישטאָ קיין רוה, נישטאָ קיין „לעצטער פונקט”. עס פאַלט דער שניי — עס ריהרט זיך דער גלעטשער, עס צאַפּעלט אינעווייניג. דער שטיין, יעדער טריט געדויערט הונדערטער יאָהרען. אָבער וואָס איז דער חילוק? עס געהט. מיר — בערג — ערד — וואַסער — אַלצדינג צו איין פונקט. און ערגעץ־וואו טרעפען מיר זיך, דאָרט וואו עס „הויבט־אָן” — דאָרט וואו עס „הערט־אויף”. אויבען ווייסע בערג — אונטען גרינער טאָל. ווייס און גרין: פריש ווי יוגענט. צו שעהן. אוממעגליך אויסצוהאַלטען אויף לאַנג אַזויפיל ריהרענדיגע שעהנקייט.

און ווייטער, און העכער — איבער אייז־גלעטשער, איבער שמאָלע סטעזשקעס — איבער טונעלען. צו דעם אייביגען שניי.

קאַלט — און ווייט און אומעטיג — גראַנדיאָז.

אַזוי קאַלט — גראַנדיאָז, אַז דאָס וואָרט פאַרפרירט. און עס וואָלט זיך געוואָלט בלויז מיט איין ליניע, מיט איין פאַרבען־פלעק „זאָגען” דאָס לעצטע, דאָס איינציג־מעגליכע. און דאָס איז אומ־מעגליך. צו וואָס אויך? שרייט דער באַרג נאָך איינזאַמקייט, רופט ער נאָך שטילקייט און נאָך יראת־כבוד. עס איז נישטאָ צו איהם קיין צוגאַנג. ער וויל עס ניט. און איך קוק — און איך פריר — און איך שווייג.

אָקטאָבער 16, 1927

## די „געטרייע”

עס ווייזט אויס, אַז פּאַטריאָטיזם שטעהט אין דירעקטען געגענ־זאַץ צו דעם שטח פון אַ לאַנד. וואָס גרעסער אַ לאַנד, אַלץ קלענער דער געפיהל צו איהם. יעדענפאַלס דער היפוך איז זיכער אמת. וואָס קלענער דאָס לאַנד, וואָס ענגער, וואָס ווינציגער דער שטח, אַלץ שטאַרקער, הייסער, אינטענסיוועער — ווייל אינטימער — איז די באַציהונג פון יעדען איינצעלנעם צו איהם.

— אַ נאָהענטקייט ווערט באַשאַפען צווישען ערד און מענש — אַ פאַרוואַקסענקייט. אין אַ גרויס לאַנד האָט דער יחיד — און איך

מיין ניט די וויניגע, די געקליבענע, די וואָס דענקען פאַר דעם פאָלק, די וואָס זיינען זיינע פאָרפילער — נאָר טאַקע דער פשוט׳ער, געוויינליכער, אָהן־רחמנות׳דיקער מאַסען־מענש — העכסטענס אַ קאָפּ־שייכות צו זיין לאַנד. וואָס זאָל זיך, צום ביישפּיל, אַ רוס דענקען, ווען מען זאָגט: „רוסלאַנד״, אָדער ווי עס זאָל ניט הייסען אַצינד. גרינג איז געווען פּושקינ׳ען צו זינגען: „פון די קאַלטע פינישע כוואַליעס ביז צו דער הייסער קאָלכידע״ — „פון דעם אוראַל ביז צום אַלטאַי״, א. אַז. וו. ער האָט געוואוסט, וואָס דאָס מיינט; ער איז דורכגעפאָהרען דאָס לאַנד אין דער לענג און אין דער ברייט. פאַר איהם, פאַר די פּאָעטען, די דענקער, די פּאָלי־טיקער, איז רוסלאַנד געווען אַ רעאַלע איינהייט. אָבער פאַר דעם פּאָלטאַוער אָדער ריאַזאַנער, אָדער אירקוטסקער פּויער — וואָס איז איהם „רוסלאַנד״? ער קאָן זיך גאָר ניט אויסמאָהלען דאָס בילד, קאָן ניט קולט זיין. אין זיין מח די אומגעהייערע שטרעקעס, און ער בלייבט זיין גאַנצען לעבען אַ ריאַזאַנער אָדער אַ פּאָלטאַוער.

אַזוי אויך אין אַמעריקע. די גאַנצע אַמעריקאַנישע אינוויינניגע צוריסענקייט פון היינט נעהמט זיך פון דעם פּסיכישען געגענזאַץ, וואָס ווערט באַשאַפען צווישען דעם קאָנקרעטען בילד, דער פּערזענ־ליכער איבערלעבונג פון דעם ווינקעל אייגענער ערד און דעם פּאָ־ליטישען בילד, וואָס ווערט באַשאַפען פון דער קולטור. דער מענש פון אייוואַוואַ אָדער ניו־מעקסיקאָ האָט אויפגעהערט צו זעהן, און דאָס מיינט — פאַרשטעהן די אומגעהייער קאָמפּליצירטע אַמע־ריקע. צווישען אַלבוקערק און גאָשען, אָדער גאָר ניו יאָרק, איז אַ נשמה־תהום. און דערפאַר איז דער נייער פּאַטריאָטיזם פון אַמע־ריקע אַזוי כמעט היסטעריש, ווייל ער דעקט זיך ניט מיט דעם פּערזענליכען געפיהל, ווייל ער איז געוואָלט, ניט וואָרצעלדיג, פּאָליטיש און נאַציאָנאַליסטיש, ניט אינטים, ניט אַ טייל פון דעם גייסטיגען אוצר.

איז דאָס מעגליך צו זעהן אין אַמעריקע, אין רוסלאַנד, אָדער אין אַן אַנדער גרויס לאַנד אַזאַ בילד?

מיר פאָהרען אין אַ פריה־הערבסט טאָג איבער דעם „פיער־וואַלדשטעדטער זעע״. אַביסעל פאַרכמאַרעט דער הימעל. אַ דריבנענקער רעגען. אָפּט ווייסט מען ניט, צי שפּריצט דאָס וואַ־סער פון אונטער דער שיף, צו טריפט עס פון אויבען.

מיר פאָהרען אַרום דעם ברעג, דעם פּילעקיגען, אויסגע־

ציקטען — איך וואָלט כמעט געזאָגט: געציקעלטען ברעג, צוויי־שען די בערג. דער „פּילאַטוס״, דער לעגענדען־פאַרשפּונענער באַרג, טראָגט אַ „קאַפּעליוש״, ווי די שווייצער זאָגען, ד. ה. ער איז פאַרדעקט מיט כמאַרעס.

די באַרג־קייט אַרום און אַרום שטעהט שטרענג און אין זיך פאַרשלאָסען. די בערג האָבען דאָס מאָל ניט קיין שום שייכות צו אונז. זיי רופען ניט. זיי ווילען פון אונז ניט וויסען. זיי אַליין — מיר אַליין.

אויפ׳ן וועג — אַ סטאַנציע. ביי דעם פוס פון אַ באַרג, דעם „ריטלי־באַרג״, דעם „הייליגען באַרג״ פון די שווייצער. דאָרט האָט מיט שוין באַלד זעקס הונדערט יאָהר צוריק זיך געשמידט די פריי־הייט פון דער שווייץ. דאָרט האָבען די דריי קאַנטאָנען: אורי, אונטערוואַלד און שוויץ, געשאַפען דעם „בונד״ און געשוואָרען צו ברעכען דעם יאָך פון די פרעמדע, דעם עול פון עסטרייך, און אין אַ פינסטערער נאַכט האָבען די קעמפער פון די דריי קאַנטאָנען גע־געבען אַ היסטאָרישע שבועה — די „ריטלי שבועה״.

פריי איז די שווייץ געוואָרען. אַלע איהרע אַלטע שונאים זיינען געפאַלען. דאָס רוהיגסטע, דאָס געזיכערסטע לאַנד אין אייראָפּע — און פאַרט זיי געדענקען.

אויף דעם ברעג — אַ שענקעל. דאָרט זיצען אַ צען־צוועלף אַלטע שווייצער; פאַר זיי — גרויסע ביער־גלעזער; אַלטע, גרויע קעפּ, רויטליכע נעז, דיקע בייכער. פראַקען, צילינדער — „אַלטע בורשען״ — און די אַלטע זינגען. און זייער ליד איז דאָס ריטלי־ליד:

מיר ווילען זיין אַן איינציג פאָלק פון ברידער
און זיך ניט שיידען אין סכנה אָדער נויט;
מיר ווילען פריי זיין, ווי אונזערע אָבות,
און גיכער טויט, ווי קנעכטיש לעבען.

ווייט און שטאַרק הילכען די באַס־שטימען פון די אַלטע, הויך אין די הענט די גלעזער, רויט די פּנימ׳ער און ערנסט אין די אויגען. און עס זינגט דער „פאַראיין״, עס זינגט־מיט דער דיקער שענקער מיט דעם ווייסען פאַרטוך, עס העלפט אונטער דער קעל־נער אין דעם צו־קורצען פראַק; דער קאַפּיטאַן פון אונזער שיף

כאַפּט זיך אַריין אין כאָר, און באַלד זינגען־מיט די שווייצער פּאַסאַזשירען.

די שווייץ זינגט אויפ׳סניי איהר ריטלי־שבועה. און זי פיהלט, וואָס זי זינגט, ווייל זי געדענקט. ווייל פאַר איהר איז זי די איינציגע רעאַליטעט — ווייל זי איז אַזוי רירענד־קליין און אַזוי שווער, שטייניג. מענשען האָבען געמוזט אַרבייטען עבודת־פּרך איידער זיי האָבען זיך איינגעוואָרצעלט אין דעם דאָזיגען געוואַלדיגען שטיין. און זיי זיינען דאַנקבאַר.

מען האָט ליב נאָר דאָס, וואָס מען האָט מיט יסורים דערגרייכט, אין ווייטאָגען געבוירען. און מען געדענקט עס, ווייל דער גרעסטער זכרון איז — פון פּיין.

* * *

און ווייטער, צו דער „טעל־פּלאַטע״, צו דעם שטיק, פון וואַנען ווילהעלם טעל, דער גבור פון דער שווייץ, איז אַראָפּגעשפּרונגען אין דעם וואַסער, ווען די שונאים האָבען אים געפאַנגען.

אויך איינע פון די מערקווירדיגסטע ערשיינונגען פון דער געשיכטע. וויפיל לעגענדעס דערצעהלט מען ניט אין דער שווייץ וועגען טעל, דעם באַרג־מענש, דעם בעסטען שיסער פון דער שווייץ, וואָס האָט אַראָפּגעשאָסען אַן עפּעל פון זיין זונ׳ס קאָפּ, און דערנאָך אַריינגעשאָסען דעם פייל אין דעם האַרץ פון געסלער, דעם עסטרייכישען טיראַן!

אין דעם שטעדטעל אַלטדאָרף שטעהט טעל׳ס סטאַטוע מיט דער אויפשריפט: „מען וועט איהם געדענקען, אַזוי לאַנג ווי די בערג וועלען שטעהן״. מען שפּילט דאָרט יעדען יאָהר, אין אַ וואונדערבאַר־שעהנעם טעאַטער, די „טעל־שפּיעלע״, וואו די גאַנצע לעגענדע ווערט אינסצענירט.

בילדער, לידער, דראַמען — און טעל אַליין האָט גאָר קיינמאָל ניט געלעבט. און די גאַנצע מעשה האָט זיך גאָר קיינמאָל ניט פאַרלאָפען — אָדער ניט אַזוי ווי מען דערצעהלט זי.

אַן אַלטע לעגענדע, פון קדמונים, פון דעם אַלטען מזרח, אַ לעגענדע פון יעגער־פעלקער, אַ זון־לעגענדע, איז אַריבערגעקומען צו די צפון־פעלקער, איז דערצעהלט געוואָרען פון אַ דייטשען מאָנאַך, וואָס האָט געשריבען כראָניקעס. און דערצעהלט נאַאיוו נסים און טראַדיציעס. די שווייצער האָבען איבערגענומען אָט די ליטע־

ראַרישע מעשה און זי צוגעפּאַסט צו דער שווייץ, צונויפגעפּלאָכטען מיט אַן אייגענער פאָלקס־לעגענדע, פון דעם „טעל״ — און דאָס מיינט, דעם „נאַר״, דעם תם, דעם „דוראַטשאָק״, ווי עס הייסט אין דער רוסישער פאָלקס־מעשה —דעם פּראָסטען, נאַרישען מענשען, וואָס איז אין תוך קליגער פון די חכמים, וואָס ווערט דער גבור אין דער צייט פון נויט. אויך אַן אַלטע פאָלקס־טעמע, אַ מין פאָלקס־פילאָזאָפיע, וואָס האָט זיך קריסטאַליזירט אין אַ געשיכטע — און פון די צוויי לעגענדעס איז אויסגעוואקסען אַ נייע, איז געבוירען געוואָרען אַ העלד. און אַ דיכטער — שילער — האָט אויפגעכאַפּט די לעגענדע און זי אויפגעפרישט, אַריינגעלייגט אין איהר אַ זין, אַן אינהאַלט, האָט זי לעבעדיג געמאַכט. און ווידער — אויף אַ ליטעראַרישען וועג — האָט די שווייץ באַקומען איהר נאַציאָנאַל־גבור.

ווי האָט אַמאָל בראַנדעס געזאָגט: „דער איינציגער מענש פון דענמאַרק, וואָס איז וועלט־באַריהמט, איז האַמלעט, און דער איז אויך אַן אויסגעטראַכטער״.

אָבער ווער ווייסט, אפשר ווערט יעדע פאָלקס־טראַדיציע אַזוי געשאַפען? גראַד, דאָס „אייגענסטע״ איז פון פרעמדע, דאָס „היי־ליגסטע״ איז געבאָרגט, דאָס פאָלקסטימליכסטע איז — ליטעראַטור!

* * *

לוצערן. אַן אַלטע שטאָדט, מיט גאַסען, וואָס רעדען די שטיי־נערנע שפּראַך פון דעם מיטעלאַלטער; מיט הילצערנע בריקען, וואָס הילכען נאָך די טריט פון דורות און דורות.

און אין לוצערן אַ שטיין, אויסגעהאַקט אַ וואַנט אין אַ באַרג, און אַריינגעקריצט אין איהם אַ סטאַטוע: אַ לייב.

דער גרויסער דענישער סקולפּטור טאָרוואַלדזען האָט דעם לייב געשאַפען. אָבער די שווייץ האָט איהם פאַרטראַכט. צום כבוד, צום זכרון פון איהרע זיהן, וואָס האָבען זיך מקריב געווען. און ווייסט איהר, ווער די זיהן זיינען געווען? ווייסט איהר, וועמען די שווייצער, די פרייע בירגער, די רעפּובליקאַנער, די ריטלי־פאַר־בונדענע, האָבען עס אַזוי פאַראייביגט אין שטיין? ניט קיין קעמ־פער פאַר פרייהייט, ניט קיין רעוואָלוציאָנערען, נאָר די שווייצער סאָלדאַטען, וואָס האָבען באַשיצט לודוויג דעם זעכצעהנטען, ווען די רעוואָלוציע פון פראַנקרייך האָט אויסגעבראָכען. דאָס איז די באַ־

ריהמטע שווייצער־גוואַרדיע, וואָס „שטאַרבט, אָבער גיט זיך ניט אונטער".

פראַנקרייך האָט זיי פאַרשאַלטען. זייער נאָמען איז פאַר גאַנץ אייראָפּע, פאַר דער גאַנצער וועלט, דער סימבאָל פון קנעכטשאַפט, פון ווילדקייט, פון סאָלדאַטען, פון געדונגענע קאַטעס, וואָס טויטען די פרייהייט — פאַר געלט.

אָבער די פרייע בירגער פון דער שווייץ האָבען זיי ניט פאַר־געסען. עס זיינען זייערע, עס זיינען אויך ריטלי־מענשען, און זיי האָבען אויך געשוואָרען. די שווייצער־גוואַרדיע האָט געשוואָרען צו שיצען די פראַנצויזישע קרוין, און האָט געהאַלטען די שבועה, געבראַכט אַ קרבן — אפילו ווען דער קרבן איז געווען נוצלאָז.

טריי זיין — אפשר איז דאָס באמת די גרעסטע מדרגה? אָדער די גרעסטע קנעכטשאַפט? וואו איז דער גרעניץ? וואו איז די מחיצה?

דער לייב פון לוצערן שלאָפט מיט דעם קאָפּ אויף דעם שילד: טריי. און געדענקען, סוף־כל־סוף: יסודות פון שטיין, און שטיין ווייסט ניט פון עטיק. ער איז, וואָס ער מוז זיין: אַמאָל אַ וועג צו דעם שפּיץ, אַמאָל צו דעם תהום — אָדער אַ וועג, אָדער אַ וואַנט.

1927 ,24 אָקטאָבער

# פּאַריזער בילדער

1

טאָג נאָך טאָג, ביז שפּעט, שפּעט אין דער נאַכט אַריין, גייע איך אַרום, שפּאַן איך אַרום, פאָהר איך אַרום איבער פּאַריז. איבער די גרויסע, רוישענדע, רעש׳יגע גאַסען, מיט די הויכע הייזער, אַמעריקאַנישע רעקלאַמעס, מיט דעם גאַנצען קאָליר־לאָזען, קאָסמאָפּאָליטישען קלאַפּער־געצייג פון אַ וועלט־שטאָדט. אויף יעדען טריט שטעלט מיך אָפּ עפּעס אַ נפש — אַ דאַרער דרום־אַמעריקאַנער, אַן אָפּגעבליאַקעוועטער פּראַנצויז, און ראַמט מיר איין אַ סוד אין אויער: „וואַנט עי גאַיד?“, אָדער אויף שפּאַניש: „קיערע אוסטע און גיאָ?“ — און זאָגט מיר צו, אויף גיך, ווייזען מיר אַלע „וואונדער“ פון פּאַריז, „ספּעציעלע קינעמאָטאָגראַפּען“, און נאָך אַזעלכע פּאַריזער קונצען. ווי אַזוי ער דערקענט אין מיר גראָד דעם „אַמעריקאַנער“, איז מיר אייגענטליך אַ חידוש, סיידען אַמעריקע האָט אין איהר לופט עפּעס אַזאַ מין פיזישע אייגענשאַפט, וואָס ענדערט איבער דעם פּנים פון אַ מענשען און שטאַמפּירט איהם.

און איך גייע אַוועק פון די גרויסע גאַסען, און גייע אַרום אין די קליינע, אין די אַלטע, די צעוואָרפענע, פאַרוואָרפענע, די שטילע און זייטיגע. יעדעס געסעל מיט אַ נאָמען — אַ נאָמען, וואָס זאָגט עפּעס, וואָס דערצעהלט. אַ קולטור־געשיכטע אין שטיין.

איך געדענק נאָך אין מיין קינדהייט האָב איך זיך פאַרגאַפט אין אַ בוך. עס איז געווען אַן אַלטער פראַנצויזישער באַנד, געדרוקט מיט אַ יאָהר זעכציג צוריק — אָדער אפשר פריהער — פון דעם פּאַריזער היסטאָריקער מאַקסים דע קאַם, אַ בוך אין גמרא־פאָרמאַט, האַרטע, ווי פאַרמעטענע, בלעטער און וואונדערבאַרע אַלטע בילדער. אַ געשיכטע פון פּאַריז. גאַס נאָך גאַס, דאָס מינדסטע געסעלע האָט דאָרט געפונען זיין פּלאַץ. און פון יעדען ווערט דערצעהלט די ביאָגראַפיע.

עס איז ממש ניט צו גלויבען, וואָס אַזאַ קליין פּאַריזער געסעל האָט צו דערצעהלען. אָט די שמאָלע וועגען צווישען די אַלטע, שוואַרץ־גרויע הייזער: אָט די לענטעס פון פּאַריז, וואָס פלעכטען זיך און דרעהען זיך און קנוילען זיך צונויף פלוצלונג ערגיץ־וואו — צו אַ צענטער און אַ גאַנצקייט.

עס זיינען דאָ געסלאַך, וואָס געדענקען די צייט, ווען צעזאַר

איז געווען אין „לוטעציאַ פּאַריזיאָרום", ווי די היינטיגע פּאַריז האָט אַמאָל געהייסען. און עס זיינען דאָ געסלאַך, וואָס קענען אייך דערצעהלען, וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אין פּאַריז, ווען דער הון אטילאַ איז געשטאַנען פאַר די טויערען פון דער שטאָדט, און די הייליגע זשענעוויווע האָט געטרייסט און געשטאַרקט די פּאַריזער בירגער. עס איז שוין אַ היבש שטיקעל צייט פון זינט דאָס האָט פּאַסירט, אָבער די שטיינער געדענקען. פאַר זיי איז דאָס געווען — נעכטען.

און ווידער אַנדערע געדענקען דעם „הייליגען לודוויג", און די קרייצצוגען. זיי האָבען געזעהן די ריטער אין ווייסע מאַנטלען אַוועקלאָזען זיך אין וועג אַריין קיין ירושלים. און זיי האָבען געזעהן דעם באַריהמטען קרייצצוג פון די קינדער, ווען קליינע פּיסעלאַך אין קליינע הילצערנע פּאַנטאָפּעלאַך האָבען געקלאַפּט איבער די שטיינער, געהענדיג קיין ציון — און דערגרייכענדיג דעם טויט.

און ווייטער — בילד נאָך בילד. אַ פּאַנאָראַמע, ווי אין קיין שום אַנדערער שטאָדט אין דער גאַנצער וועלט. לודוויג דער פערצעהנטער, לודוויג דער זעכצעהנטער, די רעוואָלוציע, דער שאָטען פון דאַנטאָן, די מאַסקע פון ראָבעספּיער, און דערנאָך דער אָדלער, דער מופת פון פראַנקרייך, די לעגענדע פון אייראָפּע: נאַפּאָלעאָן. ביז היינט — ביז . . . ביז וואַנען?

איך ווייס ניט. איך קאָן עס מיר ניט קלאָהר מאַכען—אָט דעם „ביז וואַנען", איך קאָן איהם ניט תופס זיין, אָט דעם וועג פון פּאַריז.

אַ וואונדער פאַר מיין קינדערשער פּאַנטאַזיע, ווען איך האָב געבלעטערט אין דעם דיקען בוך — אַ רעטעניש פאַר מיין רייפען וועג, וואָס זוכט צווישען די שטיינערנע טאָוולען — דעם סוד פון פּאַריז און זיין זין. מחמת, זאָגט ניט: פּאַריז איז די „שטאָדט פון ליכט". עס איז אפשר אַמאָל געווען אמת. היינט, היינט, ווי קאָן זיך די ליכטיגסטע גאַס פון פּאַריז פאַרגלייכען מיט טאַימס־סקוועער? אָדער די פּלאַס דע ל'אָפּעראַ מיט פּיקאַדילי?

און זאָגט ניט: פּאַריז איז די „שטאָדט פון מח". יאָ, עס איז דאָ מח אין פּאַריז, עס איז דאָ אַ געדאַנקען־לעבען, עס געהט דאָ אָן אַן אינטענסיווער גייסטיגער פּראָצעס — אָנגעהויבען זיך, ווען אויף דער „רו דעז עקאָל", אין די געסלאַך אַרום דער סאָרבאָן, האָט געקלונגען די מעלאָדישע שטימע פון פּיער אַבעלאַר, און פאַרענדיגט מיט רענאַן און אַנאַטאָל פראַנס, און — און — צו

וואָס נעמען? יעדער קען זיי, די גאַנצע ערד איז פול פון זייער קלאַנג.
אָבער פאָרט — דער גייסט האָט נאָך אַנדערע צענטערן.
פאַריז איז ניט מער זיין הויפּטשטאָדט, זיין איינציגע רעזידענץ.
און אפשר קומט ער אויך קיין פאַריז — בלויז זיך אָפּרוהען, זיך
אָפּפרישען?

די שטאָדט פון פאַרגעניגען? זיכער — פאַר ליידיגגעהער,
פאַר אויסברייינגען פון דעם בעסטען, וואָס זיי האָבען אין זיך, פאַר
די אַוואַנטיוריסטען פון דעם „איך". אויף זיי וואָרט פאַריז און
זויגט זיי אויס, און שמייכעלט אַזוי מילד און קלוג איבער זייער
נאַאיוויטעט.

דאָס אַלעס איז פאַריז, און נאָך מעהר. דאָס אַלעס — און
עפּעס ווייניגער. מעהר ווי מיר ערוואַרטען פון איהר, ווייניגער
ווי זי זאָגט אונז צו.

און פאָרט, וואָס איז דאָס, וואָס טרייבט מיך אַרום טאָג נאָך
טאָג — ביז שפּעט, שפּעט אין דער נאַכט אַריין איבער פאַריז, פון
מוזעי צו מוזעי, פון פאַרגעניגען צו פאַרגעניגען, פון קירך צו קאַפע
און פון קאַפע צו קאַבאַרע—און אַלץ ניט געזעטיגט און כמעט ניט מיד?

יעדעס מאָל, ווען איך קום קיין פאַריז, שטעל איך זיך די
פראַגע. און יעדעס מאָל גיב איך זיך אַן אַנדער תשובה. ווארים
אַזוי איז שוין די טבע פון דעם דענקענדען מענשען: ער מוז
האָבען אַ פאָרמולע, ער זוכט אַ שליסעל צו זיך אַליין.

און דאָס מאָל, דאָס איצטיגע, האָב איך מיין שליסעל געפונען
— אין דער „נאָטר דאַם דע פאַרי", אין דעם — איך מוז זיך באַ־
געהן אָהן אַ באַשטימענדען, כאַראַקטעריזירענדען וואָרט, ווייל אַלע
זייגען צו אָפּגעטראָגען און באַנאַל — אין דעם וואונדער פון פאַריז.

אין ערגיץ ניט — אפילו ניט אין רוים — האָט דאָס קריס־
טענטום זיך דערהויבען צו אַזאַ טיף־פאַרכאַפּענדער, תהום׳דיגער
סימבאָליק, ווי אָט אין דעם קלויסטער פון „אונזער האַרין פון פאַריז".

עס איז אויך ניט קיין וואונדער. אין קיין שום לאַנד פון דער
וועלט האָט דאָס קריסטענטום ניט איבערגעלעבט אַזאַ טראַגישע
געשיכטע, ווי אין פראַנקרייך, ווי אין פאַריז. די „געטרייסטע
טאָכטער פון דער קירך", אַזוי האָט פראַנקרייך אַמאָל געהייסען.
און עס איז געווען די טריישאַפט פון אַ פרוי, וואָס האָט אַ סך ליב.
ניט קיין בלינדע, פאַנאַטישע, שפּאַניש־גרויזאַמע טריישאַפט. ניט
קיין מאָנאַכישע ווילדקייט, נאָר אַן אייביג־לעבעדיגער קאָנטאַקט

צווישען דער אידייע און דער פאָרם, אַ שטענדיג פרעגען: פאַר־וואָס, צו וואָס און וואָס איז דער תכלית? די איטאַליענער האָבען איבערגענומען דעם קריסטענטום, ווי מען נעהמט איבער אַ פרעמ־דען מלבוש — מען שניידט איהם צו נאָך דעם אייגענעם וואוקס. די שפּאַניער טראָגען דעם קריסטענטום, ווי אַ קיטעל, ווי תכריכים. פראַנקרייך טראָגט איהם ניט. פאַר איהר איז דאָס קריסטענטום אַ בילד אויף דער וואַנט — אַ סטאַטוע, אַ בוך, אַ ליד. עס איז פאַר איהר: קונסט.

און אָט די דאָזיגע קונסטפּולסטע פון אַלע רעליגיעזע שטי־מונגען, וואָס הייסט „נאָטר דאַם", האָט די פראַנצויזישע פאַנטאַזיע באַצירט, באַפּוצט מיט אַ פּאַראַדאָקס.

די „הייליגע" — זיי שטעהען אינעווייניג, אין דער קירך; זיי באַוואַכען די אויסערע פּאָרטאַלען, די טירען, און צווישען זיי, אויף דער הויפּט טיר — שטעהט יעזוס און בענשט מיט צוויי פינגער די וועלט.

אָבער אויבען, אויף די קאַרניזען, אומעטום, וואו עס איז פאַראַן אַ פרייער אויסקוק, שטעהען מערקווירדיגע פיגורען, אָנ־געשפּאַרט, אָנגעלעהנט אויף די געזימסען און די גאַנעקלאַך — און קוקען אַראָפּ אויף פּאַריז. האַלב־מענשען, האַלב־חיות. חיות פון דער פאַנטאַזיע, פון דער לעגענדע, פון דער מיטעלאַלטערליכער, דאַנטעישער, אַפּאָקאַליפּטישער, יחזקאל־שער „זאָאָלאָגיע". אַ באָק מיט אַ מענשליכען גוף, אַ מענשען־קאָפּ מיט דער טאַרזאָ פון אַ טיגער, פויגלען ווי שלאַנגען און עקדישען מיט פליגלען. און יעדע כימערע קוקט מיט גרויזאַמע אויגען, שמייכעלט מיט אַ ציניש ען שמייכעל און זויגט דאָס בלוט פון מענשען, בייסט זיך אַריין אין זיין לייב. איינע האַלט אַ מענשען־קאָפּ צווישען איהרע שרעקליכע צייהן, די צווייטע פרעסט אַ האַנט, אַ דריטע — אַזוי איין כימערע נאָך דער צווייטער, אַ גאַנצע גאַלערעע, אַן אַרמיי. גרעסער און שטאַרקער, ווי די „הייליגע", וואָס זיינען איינגעקריצט און אויסגע־גאָסען אויף די טירען און ווענט פון דער „נאָטר דאַם" און וואָס טוליען זיך צו צו דעם, וואָס בענשט מיט די צוויי פינגער.

און מיר דאַכט זיך: אָט דאָס איז פּאַריז.

די שטאָדט פון כימערעס. די איינציגע שטאָדט אין דער וועלט, וואו דער מענש איז פאַר זיך אַליין אַ וואונדער און אַ רעטעניש. די שטאָדט, וואו דער מענש נעהמט דאָס לעבען אי־

ראַניש, ערנסט, אָבער ניט טראַגיש: אויפריכטיג, אָבער ניט ציניש. די איינציגע שטאָדט, וואו עס איז ניטאָ קיין ציניזם.

דער גרעסטער ציניקער איז דאָך אייגענטליך דער אַסקעט. ניט דער נזיר, ניט דער, וואָס שטראָפט דעם לייב, וואָס פּייניגט זיין פלייש; ניט דער פּרוש, וואָס האָט מורא — שטענדיג, יעדע שעה פון זיין לעבען — פאַר דער „זינד". ער האָט מורא פאַר איהר, ווייל זי איז צו שטאַרק פאַר איהם. גיט ער איהר נאָך אויף איין מינוט — איז ער אַ פאַרפאַלענער, פאַרזינקט ער אין תהום. פּאַריז אָבער שרעקט זיך ניט פאַר דער זינד. זי לייקענט דעם גאַנצען עצם, זי באַפרייט זיך פון דער זינדיגקייט — ווייל זי זאָגט יאָ צו אַלעס, וואָס דאָס בלוט פאַרלאַנגט.

עס פלעכט צונויף אַ קראַנץ פון תאוה, רויטער, און קאָכענ־דיגער, אין ווייסער, שטילער הייליגקייט. מאַדאָנאַ־אויגען מיט אַ ברענענדיגען רוף.

און עס לאָקט. און עס איז אַזוי גרינג. עס ווערט אַזוי רוהיג אויף דעם האַרצען. עס פאַלט אַראָפּ די לאַסט פון דעם איינצעל־נעם מענשען. אַלע טראָגען זי. עגאַליטע, ליבערטע, פראַטער־ניטע — גלייכהייט, פרייהייט, ברידערליכקייט — און שוועסטער־ליכקייט. פּאָליטיש, סאָציאַל? אפשר ניט. אפשר איז אַמעריקע אָדער ענגלאַנד „דעמאָקראַטישער", אפשר אויך פרייער, זיכער גלייכער, איינליניגער, איינמאָסיגער, אָבער „ברידערליכקייט" און „שוועסטערליכקייט" איז אין פּאַריז, איז אין פראַנקרייך — און בלויז דאָ.

די גרעסטע כימערע פון אַלע: מענש. די מיסטישסטע, אָבער אויך די פּרוכטבאַרסטע. פון איהר איז אויסגעוואַקסען די פראַנ־צויזישע רעוואָלוציע מיט אַלע איהרע קאָנסעקווענצען. אויף איהר שטעהט פראַנקרייך. פון דער ליבע צום מענשען ווערט געבוירען די אַכטונג צו איהם, דער פאַרלאַנג איהם צו געפעלען, איהם צו אימפּאָנירען. עס ווערט געבוירען דער ווילען צו „רוהם", „גלואַר". ניט דער ניצשעאַנישער ווילען צו מאַכט, ניט דער וואונש צו באַ־הערשען, צו זיין גרעסער, שטאַרקער, מעכטיגער. מאַכט איז אָפּשיידען זיך; „גלואַר", רוהם, איז — פאַרשמעלצען זיך, פאַר־אייניגען זיך, און ניט בלויז מיט די, וואָס זיינען, נאָר אויך מיט די, וואָס וועלען קומען — מיט די דורות, וואָס וועלען אַמאָל זיין.

דער נאַציאָנאַלער קולט — די רעליגיע פון פראַנקרייך.

דר. א. קאַראַלניק

* * *

איך האָב זיך אַביסעל פאַר'חקירה'ט. ניט דאָס האָב איך גע־וואָלט. ניט פילאָזאָפירען, נאָר דערצעהלען, נאָר אויסמאָהלען. אָבער מיט אַ פּאָר שעה צוריק בין איך געשטאַנען אויף דעם „פּאָן־נעף", אויף דעם נייעם בריק, און דאָרט האָט פּאַסקאַל געהאַט זיין „חזון" — דערזעהן דעם אָפּגרונט — דאָרט איז געבוירען געוואָרען דער טיפסטער געדאַנק פון פראַנקרייך: דער געדאַנק, אַז דאָס לעבען איז אַ טאַנצען צווישען צוויי אָפּגרונטען — טאַנצען אויף אַ שטריק צווישען צוויי אייביגקייטען. און ווי שעהן איז דער טאַנץ. באַלאַנסירט, פאַרזיכטיג, בויגיג און גראַציעז.

און פּאַסקאַל'ס שטימונג האָט זיך אויף אַ ווייל באַהעפט אין מיר — די שטימונג פון דער אייביגער כימערע. אויף אַ ווייל. ווייל פּאַריז לאָזט ניט לאַנג זיין ערנסט, לאָזט דעם ערנסט ניט איבערגעהן אין אומעט. פּאַריז לאַכט, און עס ווערט ווידער אַזוי גרינג, און עס טאַנצט זיך — אויף דעם שטריק.

2

הייס אין פּאַריז. אַ שווערע, בראַטענדיגע, דערמידענדיגע היץ. און דאָס מאָל שמייכעלט ניט צו מיר פּאַריז. ניט מעהר די פריהערדיגע פרעהליכקייט, גרינגקייט, די גראַציע פון אָהן־דאגות. פּאַריז איז שווער מיט זאָרגען. וואָלקענס באַלאַדענע אויפ'ן האָריזאָנט.

אין די פריהערדיגע יאָהרען — אַ האָפען פון רוה. אַנגע־מאַטערט זיך אין ניו יאָרק — אָפּגענודעט זיך אין לאָנדאָן, פאַר'־שכור'ט זיך מיט שווערע געדאַנקען און עגבערענדיגע ווערטער — האָסטו זיך אין פּאַריז אויסגעשפּאַנט, אָפּגערוהט, איינגעטונקט זיך אין כוואַליעס פון בלויען לעבען.

עס איז אפשר אַ פּאַראַדאָקס: זיך טובל זיין אין פּאַריז. זאָגען זיי ניט, אַז פּאַריז איז — תאוה, איז אַ גלוסטעניש, וואָס ווערט קיינמאָל ניט געזעטיגט? זאָגען זיי ניט, די גוטע, די ערנסטע, די וואָס נעהמען דאָס לעבען אַזוי אומגעהויער ערנסט — די מענשען פון ציל און זין און כונה — אַז פּאַריז פאַרפיהרט, פיהרט אַראָפּ פון וועג? אָבער וואָס איז דער וועג? פאַרוואָס אַלץ אַרויף — אין די מרחקים, אַלץ ווייטער — און ניט דאָ, ניט וואו מיר זיינען? און פאַרוואָס אַלץ מאָרגען און איבערמאָרגען —

און ניט היינט און איצט? „לאָמיר עסען און טרינקען, ווייל מאָרגען וועלען מיר שטאַרבען" — דער נביא לאָכט, דער נביא שפּאַט — אָבער זיי זיינען דאָך געווען גערעכט. מאָרגען — דאָס לעגענדאַרישסטע פון אַלע ווערטער. נעכטען — נאָך אפשר. הגם — פול מיט טיפער בענקעניש אין „נעכטען" — הגם — אַ גרויער נעפּעל איבער די בערג. אָבער — פּאָרט עפּעס. מאָרגען אָבער — אַן אַקט פון גלויבען, די גרעסטע פון אילוזיעס.

פּאַריז איז אַ קוראָרט פון געשפּענסטער: נעכטען איינגע־וויקעלט אין סאַטירע, מאָרגען אַ סקעפּטישער שמייכעל. עס איז דער אַפּאָטעאָז פון דעם טאָג וואָס איז, פון דער שעה וואָס איז אונז געשאָנקען. און די קונסט פון פּאַריז, דער גרויסער סוד פון פראַנקרייך, איז: טרינקען לאַנגזאַם פון דעם בעכער.

און אַלע קלוגע, אַלע טיפע, קומען פריהער אָדער שפּעטער צו דער אייגענער פילאָזאָפיע פון דעם לעבען.

איך האָב ניט לאַנג צוריק געלייענט אַ גרויסאַרטיג ביכעל — דעם סוד פון אַ האַלב־טויטען, ריכטיגער, פון איינעם וואָס האָט זיך געגרייט צו דעם אומפאַרמיידליכען טויט: ד. ה. לאָורענס. געלייענט און האָב כמעט חרטה געהאַט אויף די ווערטער, וואָס איך האָב געשריבען וועגען איהם — תיכף נאָך זיין טויט. מיר דוכט זיך — איך בין ניט געווען גענוג גערעכט צו איהם. איך האָב אין דער געשרויפטער, אָנגעשטרענגטער עראָטיק פון לאָורענס פאַרזעהן זיין טיף־מענשליכע לעבענס־חכמה. עס איז אַ קליין ביכעל מיט אַ מערקווירדיגען נאָמען: „דער מענש וואָס איז גע־שטאָרבען". אַ געשיכטע פון יעזוס נאָך זיין „טויט". מען האָט צו פריה אַראָפּגענומען דעם געקרייציגטען פון זיין תליה, און ער איז לעבעדיג געוואָרען אין זיין קאַלטען, באַרג־שטיינערנעם קבר. פאַר אַ ווײַלע געווען „טויט". דורכגעגאַנגען אַלע חיבוטים פון דעם קבר. און דערנאָך אויפגעכאַפּט זיך, ווידעראַמאָל געוואָרען אַ לעבעדיגער מענש. און ער האָט פאַרשטאַנען: זיין לעבען איז געווען אומזיסט, זיין קרבן אָהן אַ זין. ער האָט געוואָלט לערנען מענשען ווי צו לעבען — און האָט עס אַליין ניט געוואוסט. ווייל עס איז דאָ בלויז איין לעבען: דאָס קליינע, דאָס ענגע, דאָס פערזענליכע, ווייל דער איינציגער זין און תכלית פון דעם לעבען איז: לעבען.

און יעזוס וואַרפט פון זיך אַראָפּ דעם לעהרער־מאַנטעל און די

פּרעטענזיעס פון אַ וועלט־דערלייזער. ער ווערט אַ מענש צווישען מענשען — אַ וואַנדערער וואָס זאַפּט אין זיך אַריין די בשמים פון אַן אייביג־יונגער וועלט. און „מאָרגען איז אויך אַ טאָג" — אַזוי פאַרענדיגט זיך דאָס קליין ביכעל פון אַ מענשען, וואָס האָט שוין ניט מעהר געהאָפּט אויף זיין אייגענעם מאָרגען.

* * *

איך וויים — דאָס אַלץ האָט אפשר וויניג וואָס פאַר אַ שייכות צו פאַריז, צו די פּראָבלעמען וואָס באַשעפטיגען איהר, צו דער גרויסער אומרוה וואָס ציטערט אין איהר בלוט. אָבער האָט עס טאַקע ניט קיין שייכות?

איך וויל דאָס מאָל ניט שרייבען וועגען פאַריז גופא — שוין גענוג געשריבען און געפּאָעטיזירט וועגען איהר. איך וויל זיך אָפּשטעלען אויף איין ערשיינונג: דעם קאָנגרעס אין דער פאַריזער „מיוטואַליטע" — דעם קאָנגרעס פון דער פראַנצויזישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

אָהן ספק — איך קום צו שפּעט. דעפּעשען האָבען שוין פון לאַנג געמאָלדען וועגען איהם — נאָך מעהר, מען האָט שוין — אין אַמעריקע — זיכער פון לאַנג פאַרגעסען אָן איהם. דער קאַמף צווישען די דריי גרופּען: די גרופּע פון פאָר און זשעראָמסקי — די לינקע, די פון בלום — דער צענטער; און די פון רענאָדעל — די רעכטע — ער האָט אייגענטליך מעהר אַ לאָקאַלען אינטע־רעס. עס איז אַ פראַנצויזישער פּאַרטיי־קאַמף, וואָס איז כמעט אומפאַרשטענדליך פאַר דעם זייטיגען, פאַר דעם פרעמדען. און אפילו די פראַנצויזען אַליין פאַרשטעהען איהם ניט ווי געהעריג. דער המון — אויך דער אינטעלעקטועלער — האָט אויפגעכאַפּט אַ פראַזע: נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם. זיי פרעהען זיך — די רעאַקצי־אָנערען פון אינטערעס אָדער פון נייגיר — וואָס אַ פּאָר אומ־צופרידענע סאָציאַליסטען, ווי מאַרקע, דעאַ און מאָנטענאָן רעדען אין אַ שפּראַך וואָס קלינגט כמעט פאַשיסטיש. „נאַציאָנאַלע איי־גענאַרט", „באַנקראָט פון דעם אינטערנאַציאָנאַליזם", „סאָציאַליזם צוגעפּאַסט צו פראַנקרייך" — מען הערט אָפּקלאַנגען פון מוסאָ־ליני, פון היטלער — און "Nothing succeeds like success" — די „גליקען" פון מוסאָליני און היטלער לאָזען ניט רוהען די פראַנצויזישע יונגענטט. זיי חלום'ען שוין אויך, און זוכען זייערע פיהרער — אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

אַקעגען דעם עקסטרעם פון די רעכטע — דער עקסטרעם פון די לינקע. זוכט מאַרקע, דער פיהרער פון די „ניי־סאָציאַליסטען", אַן אַנלעהנונג ביי די פאַשיסטען — קעהרט זשאַן זשעראָמסקי צו זיין פנים צו דעם מזרח און שמייכעלט צו די קאָמוניסטען. און אָט שטעהט ער אויף דער טריבונע — קלאַפּט מיט די קולאַקעס אויפ'ן טיש ווי אויף אַ פּויק, קלאַפּט אויס דעם מאַרשמאָטיוו, דעם קאַמף־געזאַנג, דעם קאַמף פאַר דערלייזונג.

אָבער אָט הויבט זיך אויף לעאָן בלום — דער פיהרער פון דעם צענטער, אַ פיין־געשניטענער פנים. אין פאַרגלייך צו דעם טיפּיש פראַנצויזיש־קעלטישען מאַרקע, צו דעם טעאַטראַלישען רענאַדעל, מיט דער באָרד און ריזען־קאָפּעליוש, צו דעם קצב'יש־אויסזעהענדען זשעראָמסקי, מאַכט לעאָן בלום דעם איינדרוק פון אַן אַריסטאָקראַט, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צו דעם המון. אַ שמאָל פנים, אַ דאַרע, הויכע, אַביסעל איינגעבויגענע געשטאַלט; קלוגע, אומעטיגע אויגען; און אַ קול — אַזוי רוהיג, מיט אַ געצוימטער ליידענשאַפט אין די אונטערשטע טענער.

בלום רעדט אידייען. בלום רעדט — גייסט. ניט בלויז דעם גייסט פון דעם סאָציאַליזם, נאָר פון פראַנקרייך, פון דער אַלטער, טיף מענשליכער קולטור, וואָס איז דאָרט אויסגעקאָוועט געוואָרען. ער רעדט — פּאָליטיש. אָבער דער וואָס קאָן הערען דערהערט, אַז דער מיין איז — —קולטור. קולטור איז דער זין פון אַן אָריענטאַציע, פון אַ מענשליכען וועג.

און ער זאָגט: „מאָרגען איז אויך אַ טאָג". האָט געדולד. ווילט ניט לייזען אַלע פראַגען אויף אַמאָל. ווילט ניט דוקא אויסלייזען די גאַנצע וועלט. מען דאַרף זי נאָר פאַרשטעהן און ליב האָבען. אָט דער טאָג וואָס פאַרגעהט, אָט די שעה וואָס איז דאָ — שעפּט זי אויס. מאַכט דאָס לעבען שעהן און רייך. זיי זאָגען — ניצשע און נאָך איהם מוסאָליני און די אַלע נביאים פון „צוריק": לעבט געפעהרליך. דער סאָציאַליסט בלום ענטפערט: לעבט קלוג, לעבט מענשליך.

געוויס—ער האָט דאָס אַלץ ניט געזאָגט—ער האָט גערעדט וועגען מאַרקסיזם און די געפאַהרען פון נאַציאָנאַליזם א. אַז. וו. אָבער דער עולם האָט דערפיהלט זיין לעצטען מיין—און בלום האָט געזיגט.

און דאָס דערמאָנט מיך אָן אַן אַנדער אידישען אינטעלעקטועלען — אין אַן אַנטקעגענגעזעצטען לאַגער — זשוליאָן בענדאַ, אַן אַנטי־

סאָציאַליסט, אַזוי זאָגט ער, און דאָס מיינט אַן אַנטי־מאַרקסיסט. ווייל מאַרקס איז פאַר איהם — העגעל, ד. ה. די שיטה פון באַוועגונג, פון ווערטען וואָס האָבען ניט קיין אייביגען ווערט. און ער איז אַ שונא פון אַזאַ פילאָזאָפיע פון באַוועגונג. ער איז דערפאַר אויך אַ פאַרביטערטער שונא פון בערגסאָן. ער מאַכט איהם פאַראַנטוואָרטליך פאַר אַלע צרות אין דער היינטיגער וועלט.

און זשוליאַן בענדאַ פאָדערט: אינטערנאַציאָנאַליזם. אָדער ווי ער זאָגט: אַ נייע אייראָפּעאישע קולטור אונטער דער פיהרונג פון דעם שכל, דער פיהרערשאַפט פון פראַנקרייך.

ער זאָגט פראַנקרייך און מיינט: פּלאַטאָן און ספינאָזאַ. ער מיינט אַ סיסטעם פון ווערטען, וואָס זאָל זיין פעסט, ווי די ווערטען פון די אַלטע רעליגיעס. ער זאָגט — פראַנקרייך, און מיינט סוף־כל־סוף: אידענטום. און אונטער אַלע פאַרקליידונגען און פסעוודאָנימען — דער אַלטער, אייביגער קאַמף צווישען צוויי וועלט־אַנשויאונגען, צווישען צוויי גייסט־פאָרמען: ווילען און געזעץ, צייטליך און אייביג.

דאָס איז דער קאַמף וואָס געהט־אָן היינט — און וועט אָנגעהן ביז צו דעם לעצטען אויפפלאַקערען פון דער זון.

בלויז מענשען פאַרשטעהען נאָר דאָס אויבענאויפיגע און האָבען מורא פאַר די תחומות.

* * *

וועט זי קומען — וועט זי פאַרבייגעהן? זי — די כוואַליע פון פאַשיזם — אין פראַנקרייך. פאַריז פרעגט זיך עס מיט אומרוה. פאַריז איז פאַרזאָרגט. אָבער אויך גרייט. צו דעם קאַמף, צו דעם ווידערשטאַנד. איך ווייס ניט ווי לאַנג און ווי אַזוי די דעמאָקראַטיע וועט זיך האַלטען אין פראַנקרייך, אָבער אפילו אין דעם ערנסטען פאַל, אפילו ווען אונטערגאַנג, פאַריז פאַרשטעהט די קונסט פון אַ „מיתה יפה" — דער טויט מיט אַ קוש.

און אויב עס וועט מוזען קומען צו אַן אויסגלייך — און צו אַ קאָמפּראָמיס צווישען די צוויי קעמפענדע כחות, צווישען די צוויי פיינדליכע שיטות: דער „וועלט־דערלייזונג" און דעם „קליינעם" אָבער זיסען, אָבער איינמאָליגען און דערפאַר אַזוי זעלטענעם לעבען — פאַריז וועט שאַפען דעם סינטעז. אַזוי האָף איך.

סעפּטעמבער 3, 1933

# אין דעם וואונדערלאַנד בימיני

## איינדרוקען פון פלאָרידע

אָהן אַ ציל. אָט אַזוי, אין דער וועלט אַריין. אָהן אַ זייגער אין דער קעשענע. וואָס איז דער חילוק ווי שפּעט עס איז. איך אייל זיך ניט. איך האָב צייט. איך וויל האָבען צייט, וויל פאַרגעסען אויף אַ ווייל אָן אַלצדינג, אָן דעם רעש און טומעל פון ניו יאָרק. אָן דער פאַרקנייטשטער און פאַר׳דאגה׳טער איסט־בראָדוויי, וואָס טראָגט אויף זיך די צרות פון כלל־ישראל, אַ שטיק פאַרגליווערט אידיש ליידען אויף אַ שמאָלען שטח. איך ווייס, עס איז אַ גוזמא. מיר אַליין האָבען עס זיך איינגערעדט. ווי שאַנטעקלער, גלויבען מיר אויך, אַז די זון געהט־אונטער צוליב אונזער קרעהען, און פון דער שעהנקייט און געציקעלטקייט פון אונזער קוקוריקו העננט עס אָפּ, צי דער טאָג וועט זיין אַ ליכטיגער, אַ שטראַלענדיגער אָדער אַ כמורנער.

אָבער אפילו אויב אַזוי, שאַנטעקלער האָט געפיהלט אויף זיך די אחריות פאַר דער וועלט, און זי האָט איהם מיד געמאַכט.

און אָט אַזוי — מיט אַמאָל אָפּמאַכען ביי זיך, אַז עס אַרט דיך גאָרנישט, אַז עס מעג דונערען און בליצען, וועלטען זאָלען חרוב ווערען און נייע דורכמאַכען חבלי־לידה — דיין אויער איז פאַרשלאָסען. בלויז דיין אויג איז אָפען.

איך האָב אָפט געטראַכט, אַז יעדער מענש וואָלט באַדאַרפט דורכמאַכען אַ פאַר מאָל אין זיין לעבען דעם צושטאַנד, וואָס איז באַקאַנט אין דער פּסיכיאַטריע אַלס „אַמנעזיע״. פאַרגעסען זיך אַליין, צעשיידען זיך מיט דעם אייגענעם „איך״, פאַרגעסען אפילו דעם נאָמען, וואָס געהט־נאָך דעם מענשען פון דער וויג ביז צום קבר — אַראָפּוואַרפען פון זיך די גאַנצע פאַרגאַנגענהייט און אָנהויבען אַ לעבען אויפ׳סניי. אַ לעבען — אין דער מיט, אָהן קינדהייט, אָהן וואַקסען, בלויז אַרויסגעהן פון איין פּערזענליכקייט און אַריינגעהן אין אַן אַנדערער.

און דערנאָך ווידער צוריק. דורכלעבען אַזוי אין משך פון איין לעבען פאַרשיידענע שיקזאַלען. ניט זיין תמיד צוגעשמידט צו זיך אַליין.

עס איז אַ חלום. איך ווייס, די וואָס לײדען פון „אַמנעזיע" זײנען קראַנקע מענשען. זײ זײנען ניט „נאָרמאַל". דער מענש וויל וואַנדערען, בלאָנדזשען אפילו, אָבער ניט פאַרבלאָנדזשען, אָבער זיך ניט פאַרלירען. ער וויל תמיד האָבען די מעגליכקייט צו קומען צו זיך, געפינען דעם וועג צוריק.

ער וויל — פאַרגעסען און געדענקען אין דער אייגענער צייט. און וואָס איז די פונקציע פון קונסט, אויב ניט געבען דעם מענשען אָט די מעגליכקייט אַרויסצוטרעטען פון זיין אייגענעם רעמעל, און דאָך בלייבען — ער. די קונסט פון זעהן, די קונסט פון הע־רען, די קונסט פון וואַנדערען — אפשר די איינציגע קונסט, וואו איך קען זאָגען ווי קאַרעזשאַ: „איך בין אויך אַ קינסטלער" . . .

* * *

מיט די מיטלען פון מאָדערנער טעכניק צו אַלטע לעבענס־פאַרמען, מיר דוכט זיך, דאָס איז דער וועג פון דער היינטיגער וועלט. אויף אַלע געביטען, וויסענשאַפטען אויף דעם פאָליטישען, אַלץ טיפער צוריק — צום מיטעלאַלטערליכען באַגריף פון לעבען. ווי אין דעם פאַשיזם — צו דער פלאַטאָנישער דעספּאָטיע, ווי דער קאָמוניזם — צו דעם אידעאַל פון טורגאָ און די „אפּוטרופּסות־פּאָליטיקער" פון דעם „אויפגעקלעהרטען" אַכצעהנטען יאָהר־הונדערט, ווי אין אונזער איצטיגער, הואוועריזירטער אַמעריקע. און איך געה מיט דער צייט, ריכטיגער, איך פאָהר מיט דער צייט. די באַהן איז שוין צו אַלט, צו אַרכאַאיש, צו פאַר׳מבול׳דיג. עס איז נײנצעהנטער יאָהרהונדערט, אָבער נאָך ניט אין לופטשיף. נאָך פאַר דער צייט.

די באַהן — ווי די פילאָזאָפיע פון דעם נײנצעהנטען יאָהר־הונדערט — גלייכט אַלצדינג אויס, ניוועלירט די וועגען, בערג ווערען דורכגעשניטען, טאָלען ווערען אָנגעשאָטען און דערהויבען. גלייכע, ווירעדיגע שליאַכען איבער דער ערד, און אומעטום די גלייכע סטאַנציעס. רייכער, אָרימער, אימפּאָזאַנט, אָדער פשוט, תמיד די אייגענע ווירעדיגקייט און דער אייגענער סטיל.

די לופטשיף צעשטערט בכלל יעדע ווייטקייט און ממשות׳־דיגקייט. ערד־דיסטאַנצען ווערען בלויז פּינטעלאַך אויף דער קאַרט. עס בלייבען בלויז אויסגאַנגס־פּונקטען און ענד־צילען — און אַלצדינג וואָס איז אין מיטען, אָט דאָס גאַנצע רעאַלע, זידענ־דיגע, בלוט־רויטע לעבען, פעלדער און וועלדער און וואַסערען,

מענשליכע הייזער און דער ריטם פון מענשליכע באַוועגונגען, דער רויך פון די קוימענס אין באַגינענס און די פייערלאַך אין די פּאַרקען אין שטילע אָוונטען — דאָס אַלץ פאַרשווינדט. אַנהויב — סוף, און אין דער מיט ליידיג, לופט. אַזוי וועט אפשר אַמאָל זיין די וועלט. עטליכע גרויסע צענטערס, און ניט מעהר. גרויסע שטעדט, אומגעהויערע צונויפקנוילונגען פון מענשען. די טעכניק, די וויסענשאַפט פיהרען דערצו מיט אייזערנער נויטווענדיגקייט.

אָבער דערווייל איז נאָך ערד — ערד, און עס גרינען נאָך פעל־דער. און איך פאָהר איבער אַמעריקע, ווי די עלטער־זיידעס פלעגען פאָהרען — אין אַ בויד. פּונקט אַזוי ווי אַמאָל — „פאַר־שוינען" קריכען אַראָפּ אויף דער סטאַנציע. דער „בעל־עגלה" זינגט אַ לידעל, בעת ער טרייבט דעם וואָגען אין דער שפּעטער נאַכט. יעדע צוויי־דריי שעה שטעלט מען זיך אָפּ ביי אַ „קרעטשמע", וואו מען פאַרבייסט. די פּאַסאַזשירען זיצען ענג צוגעטוליעט איינער צום צווייטען — עס איז אומבאַקוועם און היי־מישלאַך. מען רעדט, מען דערצעהלט זיך מעשיות, מען זינגט לידער, מען טרעט זיך איינער דעם צווייטען אויף די פיס.

און איהר פאָהרט צווישען פעלדער, צווישען וועלדער, איבער באַרג און טאָל. אַמאָל איז דער וועג גלאַט ווי אַ פּאַרקעט — און אַמאָל שפּרינגט דער וואָגען איבער דעם האַרטען ליים, אַראָפּ און אַרויף, און טרייסעלט אַרויס די נשמה פון דעם לייב.

אָט איז דער וועג פריי. ווי אַ לאַנגע סטענגע ציהט ער זיך פאַר די אויגען, און דער „טרייבער" בויגט זיך איבער דעם ראָד, טוט אַ פייף, און די מאַשין לויפט און טאַנצט ווי אין שטורעם, עס פאַרכאַפּט דער אָטעם, עס הויבט אָן צו פייפען און זשומען די לופט, דאָס האַרץ קלאַפּט שטאַרקער, גיכער דער פּולס. עס ווערט וואַרים און עס צינדט זיך אָן דאָס בלוט.

און אָט איז דער וועג בלאָקירט. גרויסע וואָגענעס מיט סחורה, אויטאָמאָבילען פאַרענט און הינטען — און מיר פאָהרען אַזוי פּאַמעלאַך, ווי אויף דער פינפטער עוועניו אין ניו יאָרק צווישען פיר און זיבען. טריט ביי טריט, מען געהט גיכער צופוס.

* * *

דורכגעפאָהרען אַ האַלבען טאָג פון ניו יאָרק, דורכגעריסען זיך דורך די ענגע גאַסען פון פילאַדעלפיע, ווידער אונטער פרייען

הימעל. און אין אַ פּאָר שעה אַרום אַמעריקע׳ס גרויסע אילוזיע: געטיסבורג... אַ קליין שטעדטעלע, אָבער פון עפּאָכאַלער באַדייטונג פאַר אַמעריקע. דאָרט — אויף דעם שלאַכט־פעלד, וואו עס איז פאַרזיגעלט געוואָרען דער גורל פון דער יונגער אַמעריקאַנער רע־פובליק, צי בלייבט זי אייניג און גאַנץ, אָדער ווערט זי צעשפּאָל־טען — האָט לינקאָלן געהאַלטען די גרויסאַרטיגסטע רעדע פון דעם ניינצעהנטען יאָהרהונדערט, די גרעסטע רעדע, וואָס אַמע־ריקע האָט ווען עס איז געהערט. מען לערענט זי אין די שולען, קינדער קענען זי אויף אויסווענינ. „די וועלט וועט ניט באַמערקען און וועט ניט לאַנג געדענקען וואָס מיר זאָגען דאָ, אָבער זי וועט קיינמאָל ניט פאַרגעסען, וואָס זיי האָבען דאָ אויפגעטאָן". זיי — דאָס הייסט די קעמפער וואָס זיינען געפאַלען אויף דעם שלאַכט־פעלד פון געטיסבורג פאַר דער פרייהייט פון דעם מענשען. און ווייטער — „מיר מוזען דאָ באַשליסען, אַז זייער טויט זאָל ניט זיין קיין אומזיסטיגער, און אַז די דאָזיגע נאַציע זאָל פאַר גאָט ווידער־געבוירען ווערען אין פרייהייט, און אַז די רעגירונג פון דעם פאָלק, פאַר דעם פאָלק און דורך דעם פאָלק זאָל ניט פאַר־שווינדען פון דער ערד".

און אָט שטעה איך אויף דעם אַמאָליגען שלאַכטפעלד, אין דעם „נאַציאָנאַלען פּאַרק" פון געטיסבורג. אַרום און אַרום מאָנו־מענטען, האַרמאַטען, געדענק־שטיינער. און צווישען זיי אַלע די גרויסאַרטיגע, פאַנטאַסטישע געשטאַלט פון לינקאָלן. דער לענג־סטער פון אַלע — דער פּאַטעטישסטער און דער גרעסטער. דער גרעסטער אַמעריקאַנער, וואָס האָט ווען עס איז געלעבט. דער איינציגער וואָס האָט עס ערנסט געמיינט. דער איינציגער און — אפשר דער לעצטער.

„פאַר דעם פאָלק, דורך דעם פאָלק, פון דעם פאָלק" — לינקאָלן האָט צוגעפיהרט דעם גרונט־געדאַנק פון אַמעריקע צו דער לעצטער, שאַרפסטער און פשוט׳סטער פאָרמולע — און אַמע־ריקע האָט זיך באַרוהיגט. געטיסבורג איז געווען די העכסטע דערגרייכונג און דער באַרג־שפּיץ — דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבען דער וועג אַראָפּ.

און היינט איז געטיסבורג פונקט אַזוי לעגענדע ווי די אויפ־שריפט „ליבערטע, פראַטערניטע, עגאַליטע" אין פראַנקרייך — אָדער דער לאָזונג פון „פרייער אַרבייטער־רעפובליק" אין רוס־

לאַנד. געוועזן לעבען — געוואָרען שטיין. און אַ פּאַרק, אַ מוזעי, אַ לעגענדע.

* * *

פאַרביי די רויכיגע, פאַרכמורעטע פּיטסבורג. שוואַרצע פאַב־ריקען. קוימענס, אייביגער פייער, און אַרבייט וואָס שטעלט זיך קיינמאָל ניט אָפּ. דער האַמער קלאַפּט טאָג און נאַכט, אַמעריקע אַרבייט. דאָ איז אַמעריקע׳ס שליסעל צו וועלט־מאַכט.

ווי אַ גאָרטעל נעהמט אַרום וועסטינגהאַוז די שטאָדט איסט פּיטסבורג. וואו דאָס אויג ווענדט זיך — וועסטינגהאַוז. אויף מיילען זעהט זיך דער בנין, אַ שטאָדט פאַר זיך. אימפּאָנירט מעהר ווי פאָרד׳ס פאַבריק אין דעטראָיט. מען פיהלט — סאָ־לידקייט, פעסטקייט, זיכערקייט. ניט רעקלאָמע, ניט פּרעס־אַגענ־טען־גרויסקייט, נאָר שטאָלצע, רייפע קראַפט און אייזערנע נויט־ווענדיגקייט. עס איז נאָך דייטשע טראַדיציע. עס איז עסען און דאָרטמונד און עלבער־פעלד אויף אַמעריקאַנישען באָדען. עס איז נאָך אייראָפּע אויף נייער ערד. ניט שוין ווי פאָרד, דער נייער אַמעריקאַנישער מענש, אָהן וואָרצלען און אָהן אַ המשך.

און אָט איז סינסינעטי, די איינציגע שטאָדט אין אַמעריקע, וואו אידען ווערען רעספּעקטירט. די איינציגע שטאָדט, וואו מען קוקט ניט אויף זיי ווי אויף — פרעמדע און איבעריגע. דער מעיאָר — אַ איד, מיט אַ מערקווירדיגען נאָמען סיזיינגוד; אַנ־דערע הויכע שטאָדט־באַאַמטע — אידען. אין דער גרעסטער „אידישער שטאָדט" פון דער וועלט, אין ניו יאָרק, האַלטען אידען פאַר אַ גרויסער דערגרייכונג, ווען מען וואַרפט זיי אַ קליינעם אַמט אין דער שטאָדט־פאַרוואַלטונג, האָבען אפילו ניט דעם מוט צו חלום׳ען וועגען אַ אידישען מעיאָר, אָבער אין סינסינעטי, מיט איהר קליינער אידישער באַפעלקערונג, שפּילען אידען אַ פיהרענדע ראָלע.

די וויג פון דעם רעפאָרם־אידענטום אין אַמעריקע. און ווייל אַזוי „רעפאָרמירט", איז די גאַנצע אידישע סביבה דאָרט אַזוי אינטענסיוו אידיש. מען רעדט דאָרט וועגען „סינאַגאָגאַלע נייעס" ווי פון אַ וויכטיגען ענין. מען האָט מיר אויך געפּרואווט דער־צעהלען אַזעלכע „נייעס" — אָבער מיין גלאַנגווייליטער שמייכעל האָט באַלד אָפּגענומען דעם חשק ביי דעם דערצעהלער.

עס ווייזט אויס, דער חוש פאַר רעליגיע איז מיר פאַראַליזירט. איך קאָן פשוט ניט דערוועקען אין זיך דעם מינדסטען אינטערעס פאַר רעליגיעזע פראַגען און אינסטיטוציעס. און וואָס רעפאַר־מירטער אַ רעליגיע איז — אַלץ אומאינטערעסאַנטער ווערט זי. רעליגיע איז אַ גרויסער זשעסט. ריכטיגער, אַ קייט פון ריט־מישע באַוועגונגען, וואָס באַקומען אַ ווערט און אַ חן, ווען זיי זיי־נען אַלט — זעהר אַלט. אַט אַזוי ווי די „ניי־שפּילען" און די רעליגיעזע טענץ אין יאַפּאַן, וואו יעדע מינדסטע באַוועגונג איז טראַדיציאָנעל פאַרפיקסירט, וואו אַלצדינג האָט אַ הינטערגרונט.

עס קאָן זיין — אַז אפילו דאָס רעפאָרם־אידענטום וועט אין טויזענט יאָהר אַרום ווערען שעהן און באַקומען אַ געוויסע הייליג־קייט. אָבער דערווייל — סינסינעטי אַטקעגען צפת, דר. אייזאַק מ. וויז אַנטקעגען די דורות וואָס ציהען זיך, דער „שלשלת הקבלה", דער ניי־מאָדישער „ראַביי" אַנטקעגען דעם שטרענגען, אַרכאַאישען, פאַרבענרייכען און זאַפטיגען אַלטען אידענטום — דין ווערט דער פאַדים און דינער, ער קאָן מעהר ניט בינדען.

דעצעמבער 21, 1929

* * *

אויף אַ באַנק, אין דעם פּאַרק פון דזשעקסאָנוויל, אונטער ברייטע פּאַלמען־בלעטער זיינען מיר געזעסען ביידע. און ער האָט גערעדט. אַ דינע שטים, זינגענדיג כמעט, אַ שטים וואָס פּאַלט און הויבט זיך, ווי אַ ליד.

ער האָט גערעדט — און זיין ענגליש האָט געקלונגען אַזוי דרום׳דיג, רייך, קאַלירט, אַן ענגליש, ווי מען הערט איהם אַזוי זעלטען, ווי מען לייענט איהם איינמאָל אין אַ דור. אַזוי בויגיג און פאַרביג, אַזוי ניואַנסירט און פאַנטאַסטיש. ער האָט מיר דער־צעהלט, ווי ער איז געשטאַנען ביי די ברעגעס פון סט. דזשאָנס טייך, און האָט געקוקט אויף דעם ברייטען, בלויען טייך. ער האָט מיר דערצעהלט וועגען אָווענטען אין פלאָרידאַ, צווישען פּאַלמען און טראָפּישע בלומען, און וועגען זיין רייזע אויף דער שיף אָסעאָלאַ אויף דעם טייך מיט דעם קלינגענדיגען אינדיאַנער־נאָמען אָקאָאַוואַ. און ווייטער האָט ער מיר דערצעהלט, ווי ער האָט זיך אַרויסגעריי־סען פון דער ניכטערער אַמעריקאַנישער ווירקליכקייט, פון דער צייטונג־שקלאַפעריי, און געקומען אַהער, צום שטראַלענדיגען דרום,

צו די טראָפּישע וועלדער, צו דער ערד פון ראָמאַנטישע שפּאַנישע חלומות, צו דעם לאַנד, וואו עס האָבען געקלונגען די סערענאַדעס פון די שפּאַנישע קאַוואַלעראָס פאַר די פענסטער פון די שוואַרץ־אויגיגע שעהנהייטען, — און ער האָט געזיפצט דעם אַלטען מוזי־קאַלישען זיפץ פון די שפּאַנישע ראָמאַנסען — „אַי דע מי אַלמאַ״ — וועה צו מיין נשמה!

און וואָס האָט ער ניט דערצעהלט? וועגען פאַרגאַנגענער פראַכט, וועגען אַ וועלט פון ווילדער שעהנקייט וואָס איז פאַרגאַנ־גען, וועגען דער שטילער רוה אין דעם וואַלד, וועגען די טראָפּישע פויגלען וואָס זינגען „טאַי־טאַי״ — ביינאַכט צווישען די צווייגען. און ווייטער, וועגען זיין בענקשאַפט נאָך דעם דרום, נאָך דעם מזרח, נאָך זון, נאָך לאַנגזאַמע, ריטמישע באַוועגונגען, נאָך טעמפּ־לען וואו עס רויכערען זיך בשמים, און וועגען אַ לעבען וואָס איז פאַרשפּונען אין חלום.

און איך האָב זיך געוואונדערט — ווי קומט עס צו אַזאַ אומ־שעהנעם מענשען, — ער איז געווען אַ געשטופּעלטער, איין אויג איז געווען כמעט אינגאַנצען צוגעמאַכט, — ווי קומט צו איהם אַזוי־פיל פּלאַסטישע שעהנקייט, אַזויפיל פאַרבענרייכקייט פון וואָרט און בילד.

„וועל?״ — דערהער איך פּלוצלינג די שטים — און איך קוק מיך אום. איך זעה דעם אייגענעם געשטופּעלטען, האַלב־בלינדען מענשען. ער זיצט לעבען מיר אויף דער באַנק אין דעם פּאַרק, טענה׳ט אַריין אין מיר — און פאַרענדיגט זיין רעדע מיט דעם „וועל?״ „וועל וואָט?״ — פרעג איך איהם — „וואָס קאָן איך ענטפערען?״ און מיין באַנק־שכן אונטער די פּאַלמען הויבט מיר אָן אויפ׳סניי צו ערקלעהרען — און איך פאַרשטעה איהם ניט. ער וויל דאָך גאָר געלט — עס איז דאָך גאָר אַ בעטלער! איך קוק זיך איין אין מיין שכן — און איך פאַרשטעה פּלוצלינג מיין מערקווירדיגען טעות. עס ווייזט אויס, אַז די ערשטע באַ־ריהרונג מיט דער לופט פון פלאָרידאַ האָט מיך ווי פאַר׳שיכור׳ט, ווי נאַרקאָטיזירט. עס איז געווען אַ מין אייגענאַרטיגע האַלוצינאַ־ציע. דער געשטופּעלטער מיט איין אויג האָט אַרויסגערופען גאַנץ אומגעריכט אַ בילד — דאָס בילד האָט מיטגעצויגען נאָך זיך אַסאָציאַציעס — ווערטער האָבען זיך דערמאָנט, וואָס איך האָב אַמאָל געלייענט, ווערטער שוין פאַרגעסענע זיינען אַרויסגעשוואומען

פון באַהעלטענישען. דאָס בילד איז געווען פון דעם מערקוויר־דיגסטען אַמעריקאַנישען שרייבער לאַפקאַדיאָ הורן, אָט דעם האַלב־אַמעריקאַנער, האַלב־גריך, אָט דעם וואונדערבאַרען סטי־ליסט, וואָס האָט אַנגעהויבען זיין קאַריערע אַלס אַ רעפּאָרטער אין סט. לואי און ניו אָרלינס, און פאַרענדיגט זיין לעבען אַלס אַ יאַ־פּאַנער. און די ווערטער, וואָס האָבען געקלונגען אין מיין אויער, זיינען געווען די שוין לאַנג פאַרגעסענע באַשרייבונגען פון פלאָ־רידאָ, די „פלאָרידישע טרוימעריייען" („פלאָרידיאַן רעווערים"), געשריבען, — יאָ, געשריבען דעמאָלט, ווען איך בין נאָר־וואָס געבוירען געוואָרען.

„אָ, וועל — האַו מאַטש דו יו וואַנט?" — פרעג איך דעם בעטלער. ער רופט אָן אַ גאַנץ קליינע סומע — ער וואָלט באַ־דאַרפט האָבען, זאָגט ער, מעהר, אָבער פאַר אַ נויט וועט ער זיך באַנוגענען מיט אַ האַלבען דאָלער. און איך דריק איהם אין דער האַנט אַ גאַנצען דאָלער — און די האַנט דערצו. ער פאַרשטעהט ניט, פאַרוואָס איך בין אַזוי צופרידען, פאַרוואָס איך שמייכעל אַזוי באַגליקט. ער האָט זיכער חרטה — איך זעה עס אין זיין אויג — וואָס ער האָט ניט געבעטען מעהר. ער ווייסט גאָר ניט, אַז דורך אַ צופאַל האָט ער אין מיר דערוועקט אַ קוואַל פון קלינגענדיגע ווערטער, לעבעדיג געמאַכט אין מיר אַלטע, פאַרגעסענע בילדער, אַריינגעשטעלט מיינע איבערלעבונגען פון איצט אין אַ גאָלדענער, ברייטער ראָם.

עס ווערט שוין אָוונט. פורפורען דער הימעל, פאַרביגע שאָטענס לעגען זיך אויף די זייטען. ליכט־זילבער צעגיסט זיך. איך הויב אויף דעם קאָפּ — און פון רעכטס שטראַלט מיר אַנט־קעגען מיט ברייטע אותיות דער נאָמען „קאָהען". אַ קלייט פון פויגעלמילך — דאָס גרעסטע געשעפט פון דזשעקסאָנוויל, צווישען די צוויי שטאָדט־פאַרקען, פון ווייסען שטיין געבויט, ברייט און באַלעבאַטיש.

און עס טוט מיר הנאָה: ביים טויער פון דעם אַמאָליגען „רעינאַדאָ דע פלאָרידאָ ע בימיני" — דעם קעניגרייך פלאָרידאָ און בימיני — ווי עס האָט געהייסען אין די אַלטע שפּאַנישע דאָ־קומענטען — שטראַלט דער נאָמען קאָהען! איראָניע פון גע־שיכטע! אָדער נקמה — ווי איהר ווילט.

* * *

עס איז געווען אין דעם יאָהר 1512, אין סאַן־כואַן דע פּועֿרטאָ ריקאָ, אין דער הויפּטשטאָדט פון פּאָרטאָריקאָ. אין דעם גובערנאַ־טאָר־פּאַלאַץ איז געזעסען אַ מאַן פון צוויי־און־פופציג יאָהר, קליין פון וואוקס, אויסגעטריקענט, אויסגעברוינט, ווי אויסגעברענט פון זון און ליידענשאַפט. ער האָט דערגרייכט וואָס ער האָט געקאָנט — אָבער ניט וואָס ער האָט געוואָלט. ער איז געווען האַר און הער־שער אין דעם נאָמען פון זיין קאַטוילישער מאַיעסטעט דעם קעניג פון קאַסטיליע און אַראַגאָן — האַר און הערשער איבער דער רייכער אינזעל פּאָרטאָריקאָ. ער האָט געהאַט גאָלד, און וואָס נאָך האָט אַ שפּאַנישער קאַוואַלעראָ געקאָנט וועלען? ווייסע און ברוינע פרויען, אינדיאַנערינס — אַלע האָט ער געקאָנט האָבען. און מיט דער צייט וואָלט ער זיך געקאָנט צוריקציהען אין זיין געבורטשטאָדט סעווילי, און ווערען אפשר אַ „גראַנדעי" פון׳ם קע־ניגרייך, אַ גראַף, אַ מקורב פון דעם הויף און כמעט־כמעט אַ גלייכער מיט דעם שטאָלצען גוזמאַן, ביי וועמען ער, כואַן פּאָנסע דע לעאָן, איז געווען אין דער יוגענט אַ פּאַזש און וואָפען־טרעגער.

אָבער כואַן פּאָנסע דע לעאָן האָט געוואָלט מעהר, גע׳חלומ׳ט פון גרעסערע זאַכען, פון ברייטערע פּאַרנעהמען, גאָלד און מאַכט — דאָס איז געווען ווייניג פאַר איהם. ער האָט געוואָלט — פרייהייט. ניט מעהר זיין אַ פּאַרטרעטער, אַ הערשער פון דעם חסד פון דעם שפּאַנישען קעניג, נאָר אַליין קעניג, אַליין הערשער, אַליין אַנטדעקער. און אַלטע אינדיאַנער האָבען דערצעהלט וואונדער. די אַלטע אינדיאַנערין נאַקאָ, אָט די ברוינע מכשפה, וואָס פאָהרט אַרום אויף אַ קאַנו פון אינזעל צו אינזעל — האָט איהם דערצעהלט, אַז ערגיץ ווייט, — אָט האַרט צום מזרח, איז דאָ אַ לאַנד, ברייט און גרויס און רייך אין גאָלד אויך אין בשמים — און אַז דאָרט געפינט זיך אַ קוואַל וואָס מאַכט יונג. טרינקט מען פון דעם קוואַל — פאַלען אַראָפּ די יאָהרען ווי בלעטער פון בוים — און די מענשען פון יענעם וואונדערלאַנד לעבען אין איי־ביגער יוגענט און אין גן־עדן־גליק.

„ווי הייסט דאָס לאַנד, נאַקאָ?"

„דאָס לאַנד הייסט ביי אונז, אין אונזער שפּראַך, בימיני".

און כואַן פּאָנסע דע לעאָן פאָהרט קיין שפּאַניע. דערצעהלט דאָרט דעם קעניגליכען הויף פון דעם וואונדער־לאַנד בימיני מיט

דעם יוגענט־קוואַל — און דער קעניג גיט איהם אין פּאַראַיס די מאַכט איבער דעם נייעם לאַנד, וואָס דאַרף ערשט אַנטדעקט ווע־רען, און כוּאַן פּאָנסע דע לעאָן באַקומט דעם טיטעל „אַדעלאַנ־טאַדאָראַ דע בימיני״ — דער באַפעהלער, דער הערשער איבער דער אינזעל בימיני.

און ער לאַדט אָן אַ פּאָר שיפען מיט מענשען און געוועהר, און פאָהרט זוכען דעם קוואַל פון יוגענט.

און אין דעם טאָג פון „פּאַסקואַ פלאָרידאַ״ — קומט ער צו אַ ברעג, צום קוואַל. שטעלט דאָרט אַ צלם, אַ שפּאַנישע פאָהן — און גיט דעם לאַנד דעם נאָמען — „פלאָרידאַ״ — די בליהענדע — און ער אַליין ווערט דער „אַדעלאַנטאַדאָרע דע פלאָרידאַ_אי בימיני״.

דער קוואַל איז דאָ, דער ברונעם פון יוגענט. פּאָנסע דע לעאָן טרינקט פון איהם. טרינקט און וואַרט אויף דעם נס. אָבער דער נס קומט ניט. ער ווערט ניט יונג.

און —

ווי היינע מאָלט עס אויס אין זיין פראַגמענט־ליד „בימיני״. ער האָט געזוכט די יוגענד — און דערוויל געוואָרען עלטער און עלטער — און פאַרקנייטשט און אָפּגעמאָגערט — איז ער געקומען אין דעם לאַנד.

כוּאַן איז געוואָרען עלטער און דאַרער. ער האָט דערזעהן פאַר זיך אַן אומגעהויער לאַנד — אַ נייע מלוכה, ער האָט אָבער אויך דערפיהלט, אַז דאָס נייע לאַנד באַדאַרף די גיגאַנטישע ענער־גיע פון אַ הערנאַנדאַ קאָרטעס אָדער אַ פּיסאַראָ — די „קאָנקוועס־טאַדאָרעס״, די עראָבערער פון מעקסיקאַ און פּערו. און ער האָט דערפיהלט, אַז זיינע כחות זיינען ניט גענוג. אַ מידער, אַ צע־בראָכענער, פאַרוואונדעט פון אַן אינדיאַנישער פייל, איז ער גע־קומען קיין קובאַ — און דאָרט באַלד געשטאָרבען.

אָבער פלאָרידאַ איז געבליבען, און אויך דער „קוואַל פון יוגענט״, אין דער עלטסטער שטאָדט פון אַמעריקע, סט. אויגוסטין.

און איך האָב אויך געטרונקען פון דעם ברונעם — געטרונ־קען, פינף־און־צוואַנציג סענט אַ טרונק. האָט עס זיך געלוינט? בין איך געוואָרען אינגער? אָדער אפשר, ווי סטרינדבערג פלעגט זאָגען, „עלטער איז בלויז אַ פּאַראורטייל״? און יוגענט אויך?

מילא — פאַר פינף־און־צוואַנציג סענט קאָן מען צופיל ניט פאַרלאַנגען.

* * *

איך פאָהר אַרום איבער פלאָרידאַ — צווישען פאַלמען־וועל־דער, אַראַנזשען־פלאַנצונגען, קאַקאַ־נוס־בוימער, אַט די שטאָלצע, מערקווירדיגע בוימער, וואָס בייכלען זיך אונטען און ווערען וואָס העכער אַלץ שלאַנקער, אַ מין שוואַנגערע מאַדיליאַני־פרוי, צווישען טראָפּישע געוויקסען — און טראַכט די גאַנצע צייט וועגען נאַ־פּאַלעאָן.

אַ געניאַלער פּאָליטיקער, זאָגען אַלע היסטאָריקער, אָן אַדלער־אויג, און זעהט וואָס פאַר אַ שאַנס ער האָט אָפּגעלאָזט. פלאָרידאַ איז געווען שפּאַניש, געוואָרען דערנאָך פראַנצויזיש. אָבער ניט שפּאַניע און ניט פראַנקרייך האָבען געקאָנט האַלטען דאָס לאַנד. און פראַנקרייך האָט סוף־כל־סוף אָפּגעטראָטען, פאַרקויפט פלאָ־רידאַ — אינאיינעם מיט לואיזיאַנאַ — צו אַמעריקע.

ניט פאַרשטאַנען דעם וועג פון דער געשיכטע. געוואָלט קעמפען מיט ענגלאַנד אין אינדיע, געפיהרט מלחמות אין מצרים, אין אייראָפּע, אָבער די איינציגע גרויסע אימפּעריע, וואָס פראַנק־רייך וואָלט געווען געקאָנט גרינדען, די טראָפּישע אַמעריקע — דאָס האָט נאַפּאָלעאָן פאַרזעהן. און כ׳לעבען, עס פּאַסט ניט דער אַנגלאָ־זאַקסישער לעבענס־שטייגער, אפילו ניט דער טאָן פון דער ענגלישער שפּראַך, צו דעם הייסען טראָפּישען לאַנד. זיי פיהלען עס דאָרט אַליין, אין פלאָרידאַ. און זיי ציהרען זיך אין שפּאַנישע פעדערען. וואו איהר געהט — שפּאַנישע נעמען, שפּאַנישער סטיל. אין סט. אויגוסטין — לעבען מיין האָטעל מיט דעם שפּאַנישען נאָמען אַלהאַמבראַ — ביי דער גאַס פון גראַנאַדאַ — אין אַ פּאַלמען־אַלייע, שטעהט אַ ווילאַ מיט דעם נאָמען „זאָראַאידאַ” — אַ נאָ־מען פון די שפּאַניש־אַראַבישע ראָמאַנסען, אַ נאָמען וואָס דערמאָנט אָן גראַנאַדאַ „לאַ בעיאַ” — גראַנאַדאַ דער שעהנער — און דעם זיפץ פון באָאַבדיל, דעם לעצטען „מורישען קעניג”. דאָס הויז איז אַזוי שפּאַניש, אַראַביש, ווי מען געפינט עס קוים שוין מעהר אין אַלט־שפּאַניע. אָבער ליידיג איז דאָס הויז — און ווען די געסט קומען צופאָהרען — אין דעם סעזאָן — הייסט די זאָראַאידאַ גאָר מרס. סמיט אָדער מרס. בלומענפעלד — און דער „דאָן”,

וואָס זיפּצט נאָך איהר, האַנדעלט מיט הייטלאַך פון קישקעס אין ברוקלין.

און אַזוי איבער גאַנץ פלאָרידאַ. אַלצדינג פּראָזאַ, תמיד בלויז קאַרנאַוואַל־מאַסקע. און אַלצדינג אויף זאַמד. „וואָס איז דער אמת וועגען פלאָרידאַ? דער אמת איז — „אַ ליגען" — איך האָב דעם זאַץ געלייענט אין אַ בוך וועגען פלאָרידאַ, וואָס איז אַרויס־געגעבען געוואָרען פון דעם „טשיימבער אָוו קאָמערס".

דער איינציגער אמת, וואָס איז געזאָגט געוואָרען איבער דעם לאַנד. אַחוץ דעם איז אַלצדינג רעקלאַמע און — ווילען איבער־צויאָגען קאַליפאָרניע. אָבער זיי פאַרגעסען דאָרט דעם פשוט'ן עקאָנאָמישען גרונדזאַץ: ניט הימעל און ניט לופט מאַכען אַ לאַנד — נאָר די פאַנטאַזיע פון מענשען. קאַליפאָרניע וואָלט אפשר אויך געבליבען אַ זאַמד־מדבר, ווען ניט דאָס גאָלד, וואָס מען האָט דאָרט געפונען.

אָבער פלאָרידאַ האָט ניט קיין גאָלד, בלויז „עווערגליידס" — זומפּען און פאַלמען און זון — ביי דעם טראָפּיק „קרעבס". און די צוקונפט פון פלאָרידאַ איז — אפשר ניט מעהר ווי אַ מיראַזש.

* * *

צווישען די פאַרשיידענע „וואונדער" פון פלאָרידאַ — די „מיליאָנען־קוואַרטאַלען" אין פאַלם־ביטש, אין גערטאַנאַ, אין מי־אַמי, וואו מען ווייזט אייך אָן מיט יראת־הכבוד — דאָס איז דאָס הויז פון פיירסטאָון, און דאָס פון ראָקעפעלער, און דאָס פון דעם מאַגנאַט אָדער אַן אַנדערען. צווישען אַלע חידושים, מיליאָנערען און קראָקאָדילען און שטרויס־פויגלען — ווייזט מען אייך אויך דאָס „אינדיאַנער דאָרף" — דאָס דאָרף פון די אַמאָליגע האַרען פון דעם לאַנד, די „סעמינאָלאַ־אינדיאַנער".

אַ שמוציגער הויף, אויף הילצערנע לאַנגע בענק זיצען אַ פּאָר פאַראומערטע אינדיאַנערינס — אין זייערע היסטאָרישע קאָסטיו־מען — שוואַרצע, ברייטע קליידער און גאַנצע בערג פון פּאַצער־קעס אויף האַלז און קאָפּ — זיצען און שפּינען.

די לעצטע פון אַ פאָלק, פון אַ גרויס און שטאַרק פאָלק, וואָס האָט געהאַט זיין אייגענע קולטור און האָט ניט געקאָנט בייקומען דעם ווייסען.

פאַרוואָס? ווי קומט עס וואָס די אינדיאַנער זיינען אַזוי גיך

פאַרשוואונדען? בלויז די צאָהל פון די ווייסע? אָדער זייער גרויזאַמקייט?

אָדער זיינען דאָ טיפערע טעמים? אַן אַלטע סעמינאָל־לע־גענדע ענטפערט דעראויף, די „געשיכטע פון קעסטעלאַך", וואָס דער אָנפיהרער פון די סעמינאָלס, נעאַמאַטלאַ, האָט דערצעהלט. „דריי קעסטעלאַך האָט דער גרויסער גייסט באַשאַפען. אין איינעם האָט ער אַריינגעלעגט טינט, פאַפיר, קאָמפּאַסען — און האָט איהם אַוועקגעגעבען צו די ווייסע. אין דעם צווייטען — אַ לאָפּעטע און אַ האַק — דאָס איז פאַר די שוואַרצע, די נעגערס. אָבער פאַר זיין ליבלינג, דעם רויטען מענשען, האָט ער אויסגעקליבען דאָס דריטע קעסטעלע, און דאָרט איז געלעגען דער טאָמאַהאַוק, די אינדיאַנישע שלאַכט־האַק. און פאַר יעדען זיין גורל".

די אַלטע אינדיאַנער זיינען צוגרונט געגאַנגען צוליב דעם טאָ־מאָהאָוק — צוליב זייער גאַנצער אַריסטאָקראַטיש־מיליטערישער אויפפאַסונג פון לעבען. די אַרבייט פאַר אַנדערע, דאָס וויסען פאַר אַנדערע — זיי, די רויטע, פאַר זיי דער פאָרנעהמער זשעסט.

און טינט און פאַפיר האָבען געזיגט איבער דעם אַריסטאָקראַ־טישען טאָמאַהאַוק. און דער רויטער מענש זיצט היינט אין דעם „סעמינאָל ווילעדזש" פון מיאַמי און שפּינט גראָבע לייוונט פאַר אַ האַלבען דאָלער אַ טאָג — און דאָס אויך, כדי דער ווייסער טוריסט זאָל האָבען וואָס צו זעהן.

עס קאָן זיין, אַז די מעשה פון די דריי קעסטעלאַך איז אַ שליסעל צו דער געשיכטע בכלל און אַז נעאַמאַטלאַ איז אויף זיין אופן געווען אַ פילאָזאָף פון היסטאָריע. עס קאָן זיין . . .

די זון ברענט. זי רופט ווייטער צום ים — צו דעם „מערב שטערען" — צו דער אינזעל קובאַ. און איך פאָלג דעם רוף.

דעצעמבער 25, 1929

# אין די גאַסען פון טוגענד

## וועגען דעם ניי־אידישען ישוב אין קובאַ

ניי־האַוואַנאַ, די נייע און שעהנע, די געפוצטע שטאָדט — איז ליטעראַריש און פּאָליטיש. וועניגסטענס אין די נעמען פון די גאַסען. יעדע גאַס טראָגט דאָרט דעם נאָמען פון אַ פּאָעט אָדער פון אַ פּאָליטיקער. אָבער אַלט־האַוואַנאַ, די שטאָדט פון די לאַנגע, שמאָלע גאַסען, פון די גאַסען מיט די גרויע אָדער אָפּגעבליאַקע־וועטע, שטרענגע הייזער, הייזער מיט באַלקאָנען, אַלט־האַוואַנאַ איז „טוגענדהאַפט".

אַלע גאַסען טראָגען דאָרט נעמען מיט אַ מעלה. איין גאַס הייסט „ווירדודעס" — טוגענדען, די צווייטע „מערסעד" — חסד, די דריטע „פּערסעווערענסיאַ" — אויסדויער, א. אַז. וו. אַלע „זיבען טוגענדען" זיינען דאָרט פאַרטראָטען. אַ וואונדער וואָס די „זיבען זינד" פעהלען. אָבער געניטע קענער פון האַוואַנאַ זאָגען, אַז טאָקע דאָרט אויף די גאַסען פון די העכסטע טוגענדען און מיט די שעהנסטע מוסר־נעמען האָבען זיך איינגעדרונגען טאָקע די פּרעהליכסטע זינד. און זיי לעבען זיך אַזוי פיין אין שכנות און אין שלום — איינער מיט דעם צווייטען: דער מוסר און די זינד. און קיינער זעהט אפילו ניט קיין ווידערשפּרוך אין דעם. האַוואַנאַ סימבאָליזירט נאַאיוו דאָס וואָס אַנדערע ישובים באַהאַלטען און פאַרדעקען. און עס איז בעסער אַזוי. זאָלען די טוגענדען ניט זיין אַזוי גרויס ביי זיך.

און אַרום די דאָזיגע גאַסען און געסלעך שפּינט זיך אַ נייע, אַ מערקווירדיגע לעגענדע — די אידישע.

עס איז אַ מין געשיכטליכער זשעסט. געווען אַמאָל אַ גרויס שפּאַניש אידענטום. שטאָלץ ביי זיך. קלינגענדיגע נעמען, אַ הויך־פאַרריסענער קאָפּ. אַ שעהנע קולטור. די סמעטענע פון דעם אידענטום.

געקומען אַ שטורם און האָט זיי אַרויסגעריסען מיט די וואָרצ־

לען פון זייער ערד. קיין זכר ניט געבליבען. אויסגעקאַרטשעוועט דעם שפּאַניש־אידישען בוים. אָבער די שפּאַנישע „גולים" — די פּאָרטריבענע און פאַריאָגטע — האָבען ניט געוואָלט אָדער ניט געקאָנט — פאַרגעסען. זיי האָבען מיט זיך אַרומגעטראָגען די שפּאַנישע שפּראַך און די טראַדיציע פון אַלט־קאַסטיליע אין אַלע עקען פון דער וועלט.

אָבער אַ חרם ליגט אויף שפּאַניע. אומקעהרען זיך צוריק — דאָס ניט. דאָס ווילען ניט די אידען פון די באַלקאַן־לענדער, די „פּאָרטוגעזען" פון האָלאַנד אָדער פון האַמבורג. מען האָט זיי עס ניט איינמאָל פאָרגעשלאָגען. די שפּאַנישע רעגירונג האָט געשיקט עמיסאַרען צו די שפּאַניאָלישע אידען, קאָמיסיעס זיינען געפאָהרען — אָבער עס האָט ניט געהאָלפען. די שפּאַניאָלען געדענקען און זיינען ניט מוחל.

אָבער אָט אויף אַן אומוועג, איבער דעם ווייטען, ברייטען ים — ניט ווילענדיג און אומגעריכט — קומט שפּאַניע ווידעראַמאָל אַריין אין דעם אידישען לעבען.

און אויפ'סניי ווערען אידען שותפים אויף דעם פעלד פון דער שפּאַנישער קולטור.

און ניט בלויז די אַלטע, די „תושבים", די אַמאָליגע „גולים", וואָס רעדען נאָך אַלט־שפּאַניש ווי זייער מוטערשפּראַך, נייןֽ, אפילו נייע, גאַנץ נייע עלעמענטען, אידען פון רוסלאַנד און פון פּוילען, אידען וואָס האָבען גאָר קיינמאָל ניט גע'חלומ'ט אַז זיי וועלען האָבען עפּעס וואָס פאַר אַ שייכות צו דער שפּראַך און דער קולטור פון דאָן יצחק אברבנאל און פון אוריאל אַקאָסטאַ, צו דער שפּראַך וואָס טאָרקוועמאַדאַ האָט גערעדט.

און דאָך — און פאַרט.

אין אַרגענטינע, אין פּערו, אין טשילי, אין גאַנץ שפּאַניש־אַמעריקע און בראַזיליע, דער פּאָרטוגעזישער אַמעריקע, הויבט זיך אָן צו וועבען אַ נייע אידיש לעבען. די איק"אַ האָט אָנגעהויבען — מיט פערציג יאָהר צוריק — און די אַרבייט געהט ווייטער. די באַוועגונג אין יענע זוניגע, הייסע לענדער איז געוואָרען אַ סטיכישע, און טעגליך פאַרלאָזען אידען זייער קאַלטע און נאַסע היים אין פּוילען — און פאָהרען — צום עקוואַטאָר, צו די טראָפּיקס, — פאָהרען קיין ווענעזועלאַ, קיין עקוואַדאָר, קיין קאָלאָמביאַ, קיין האָנדוראַס, קיין גוואַטעמאַלאַ, קיין אורוגוואַי, און דער עיקר

— קיין אַרגענטינע און בראַזיליע. אידישע גרופּען אומעטום — אידישע צייטונגען שפּראָצען פון דער הייסער ערד אַרויס — אידישע אַסימילאַציע הויבט זיך אָן. מיר האָבען שוין דעם פּראָ־צעס האַלב־פאַרענדיגט אין אַרגענטינע. ער הויבט זיך אָן אין בראַזיליע — ער איז שוין דערגאַנגען אפילו קיין קובאַ. אַ ווייטע, אַ קליינע, אַ הייסע אינזעל. ווער האָט פון איהר געטראַכט, ווער האָט פון איהר פריהער געהערט אין די שטעדטלעך פון פּוילען און ליטע?

אָבער די נויט לערענט אויס אַלצדינג — אפילו באַקען בייגעל, און אפילו געאָגראַפיע. אידען זיינען פּלוצלינג געוואָר געוואָרען, אַז עס איז פאַראַן אין עק וועלט אַן אינזעל, וואו מען ווייסט נאָך ניט פון אידען, אַן אינזעל וואָס איז אינגאַנצען זעקס שעה פון אַמע־ריקע. און אַמעריקע — אַי אַמעריקע, אַי די גאָלדענע מדינה! ווי קומט מען נאָר אַהין?

זיצען אידען און וואַרטען אויף וויזעס. ווערט זיי נמאס צו וואַרטען אין וולאָצלאַוועק אָדער אין אַנטווערפּען — כאַפּען זיי זיך דערוויל אַריבער קיין האַוואַנאַ. זיצען זיי דאָרט און וואַרטען. פאַרט נעהנטער.

מען זיצט אַ יאָהר, מען זיצט צוויי. לכתחילה שיקען די קרובים אַ פּאָר דאָלער. אָבער באַלד ווערט די האָפענונג אויף דער וויזע שוואַכער, די קרובים אין אַמעריקע ווערען אומגעדולדיג — ווי לאַנג אין דער שיעור צו צאַפּען געלט — און דער „צייט־ווייליגער" אימיגראַנט, וואָס האָט פריהער באַטראַכט קובאַ ווי אַ מין קאָרידאָר, אַ סטאַנציע, אמת אַ זעהר הייסע — הויבט אָן צו פאַרשטעהן, אַז וואַרטען אַליין איז ניט קיין תכלית. מען מוז עפּעס טאָן. מען מוז זיך ערגיץ באַזעצען. מען מוז זיך איינאָרדענען.

און די פריהערדיגע אכסניא אויף „מערסעד" אָדער אַקאָסטאַ — דער קובאַנער גאַס אין דער אַלטער שטאָדט — ווערט אַ דירה. דער „גאַסט" ווערט אַ תושב. דער עמיגראַנט געוואוינט זיך צום געדאַנק, אַז ער וועט מוזען פאַרבלייבען אין קובאַ אַ לאַנגע צייט. ער געוואוינט זיך צו צום קלימאַט, עס הויבט איהם אָן צו גע־פעהלען די טראָפּישע לאַנדשאַפט — ער דערפיהלט זיך ווי אַ היי־מישער, ער קוקט אַרום זיך — און עס ווייזט זיך איהם אויס — אַלע זיינען אידען. אַלע רעדען זיי מיט די הענט, אַלע האָבען זיי

דעם „אידישען" טעמפעראַמענט, אַלע זעהען זיי אויס ווי אידען, — דער איד פאַלט דאָרט קיינעם ניט אויף, — עס ליגט ניט אויף איהם, ווי אין איראָפּע אָדער ווי ביי אונז אין אַמעריקע, דער חותם פון פרעמדקייט אויפ'ן שטערען. קיינער אין גאַס באַמערקט גאָר ניט, אַז דאָס איז אַ פרעמדער. סיידען — ער עפענט דאָס מויל. און אויך דעמאָלט מיינען די נאַאיווע קובאַנער, אַז דאָס איז אַן „אַלעמאַן" — אַ דייטש. און זיי האָבען גרויס דרך־ארץ פאַר אַ דייטש.

און דער איד דערפיהלט זיך באַלד היימישלאך אויף דער „אָקאָסטאַ", דער אַלטער גאַס, וואָס טראָגט אַזאַ באַריהמטען און טראַגישען אידישען נאָמען. עס איז דער נאָמען פון אַ קובאַנער פאָעט — און לויט זיינע לידער און לויט זיין טאָן מוז דאָס זיין טאַקע איינער פון די אַקאָסטאַס, פון די אַלט־שפּאַנישע אָדער פּאָר־טוגעזישע מאַראַנען.

זיי זיינען בכלל דאָ אויף יעדען טריט — די מאַראַנען, זיי ווייסען עס בלויז ניט. איך האָב געטראָפען אין האַוואַנאַ אַ דאַמע, אַן אַדוואָקאַטין, מיט דעם נאָמען קאַרדאָזאָ. „פון וואַנען האָט איהר דעם נאָמען?" — פרעג איך די דאַמע. „מיר שטאַמען פון אַן אַלטער איטאַליענישער פאַמיליע" — ענטפערט זי מיר. „אי־טאַליעניש? איהר האָט אַ טעות, איהר שטאַמט פון אידען" — און איך דערצעהל איהר די געשיכטע פון דער אַלטער און גרויסער שפּאַניש־אידישע פאַמיליע קאַרדאָזאָ — און די קובאַנער אַדוואָ־קאַטין מיט די שוואַרצע קויהלען־אויגען ווערט ממש באַגייסטערט: „איך שטאַם פון אידען! ווי שעהן! ווי ראָמאַנטיש! אַריסטאָ־קראַטיש בלוט!"

און אַרום דער אַקאָסטאַ־גאַס און די גאַסען פון די טוגענדען וועבט זיך אַ נייע אידישע וועלט.

אַ יונגע וועלט. לויטער יונגע מענשען. זעלטען־זעלטען ווען מען זעהט אַ אידען מיט אַ באָרד, נאָך זעלטענער מיט אַ גרויען קאָפּ. דרייסיג יאָהר איז די גרעניץ.

אַ יונגער קיבוץ — יונג אין יאָהרען, יונג אין ערפאַהרונג. קליין די צאָהל. מיט זעקס־זיבען יאָהר צוריק זיינען אין קובאַ געווען אפשר עטליכע צעהנדליגער — איצט זיינען זיי שוין עט־ליכע טויזענט. מען זאָגט — עס איז ניטאָ קיין גאַנץ גענויע סטאַ־

טיסטיק — פון אַכט ביז צעהן טויזענט — פוילישע און שפּאַנישע אידען אינאיינעם.

די שפּאַניאָלען — „די טערקען", ווי די פוילישע אידען רופען זיי — דערפיהלען זיך באַלד ווי אין דער היים. זיי רעדען די שפּראַך פון דעם לאַנד — אַביסעל פאַרעלטערט און פאַרגרייזט: דער שפּאַניאָל זאָגט, צ. ב. „מונטשאַ" דאָרט וואו דער שפּאַניער זאָגט „מוטשאַ" (פיל) — אָבער אין קובאַ זיינען פאַרטראַטען אַזוי־פיל שפּאַנישע דיאַלעקטען, אַז איינער מעהר אָדער ווייניגער מאַכט ווייניג אויס.

זיי זיינען די „היימישע", זיי זיינען די מאַיאָריטעט. אָבער דעם טאָן גיבען ניט זיי. די פיהרונג האָבען איבערגענומען די גאָר נייע, די גאָר „גרינע", די נאָר־וואָס געקומענע, די פויליש־ליטווישע אידען, וואָס זיינען געפאָהרען קיין ניו יאָרק און פאַרבלי־בען אין האַוואַנאַ.

זיי האָבען שוין באַוויזען אפילו צו באַשאַפען אַן אייגענעם שפּאַניש־אידישען זשאַרגאָן. מערקווירדיג — ווי אידען זיינען בריות אויף קאַליע מאַכען אַ שפּראַך. דוכט זיך, וואָס קאָן זיין גרינגער ווי דאָס שפּאַנישע וואָרט !בוענטאָ" — גוט, אָדער „פועדאָ" — איך קאָן. אָבער דער איד מוז פאַרגרייזען, ער מוז פאַרענ־דערען. און פון „בוענאָ" ווערט אין דעם אידישען מויל „באַינע", און פון „פועדאָ" ווערט „פאַידע". און פון קובאַ — ווערט קובע.

אַזוי,דערצעהלט מען מיר, איז עס אויך אין אַרגענטינע. און מען דערקענט שוין דאָרט דעם אידען נאָך זיין „באַינע". מען וועט שוין באַלד אָנהויבען דערקענען אין קובאַ אויך. און ניט נאָר נאָך דעם „באַינע" — נאָר אויך נאָך דעם פּעקעל אין דער האַנט.

אָט געהען זיי אַרום — מחנות'וויז איבער די גאַסען פון האַ־וואַנאַ, פון סאַנט יאַגאָ, פאָהרען אויף פערד איבער די „קאַמפּאָס" — די דערפער — און פּעדלען. כמעט יעדער איז אַ פּעדלער. און דער צווייטער גראַד — אַ קליינער קרעמער.

באַגעגענען מיך אויף דער גאַס צוויי פּעדלערס אידען. זיי באַטען מיר אָן זייער סחורה — שנירלעך קרעלען, גלאָז־פּערל, מעסערלאַך. קויפט — סעניאָר, קויפט.

צוויי זיינען זיי געווען. די זון האָט געברענט — עס איז

מיר געווען אַזוי אומדערבאַרעמדיג הייס, אַז איך האָב ניט געקאָנט פאַרשטעהן, ווי אַזוי מענשען קאָנען אַרומגעהן איבער די גאַסען און האַנדלען. איך צערעד זיך מיט די פעדלערס. איינער — אַ פשוט׳ער פוילישער איד. האָט זיך איינגעלעבט אין דער פעדלעריי און איז צופרידען, אַבי ער לייזט נאָר.

און וואָס וועט זאָגען די וועלט? . . .

אָבער דער צווייטער? איך ווייס, אידישע שרייבער האָבען אַ טבע צו דערצעהלען נסים און נפלאות וועגען זייערע באַגעגענישען. פאַהרט אייבער קיין ארץ־ישראל, אַנטדעקט ער אין יעדען חלוץ, אין יעדען אַרבייטער, אַ למדן און מופלג אין אַלע פילאָזאָפיעס.

אָבער וואָס זאָל איך טאָן — עס איז אַ פאַקט. דער צווייטער פעדלער — אַ יונגערמאַן פון אַ יאָהר אַכט־און־צוואַנציג, האָט זיך אַריינגעלאָזט מיט מיר אין אַ שמועס. איך בין ניט געווען קיין פרעמדער פאַר איהם. און ער האָט אויסגעגאָסען פאַר מיר זיין ביטער האַרץ. אַ העכסט אינטעליגענטער מענש, אַ גרינטליכער קענער פון דער דייטשער ליטעראַטור — ער האָט געלעבט צוועלף יאָהר אין לייפציג, — פון דער מאָדערנער פסיכאָלאָגיע, — געקומען קיין קובאַ מיט דער האָפענונג אויף אַמעריקע — און אָט איז ער דאָ, וואוינט אויף אַקאָסטאַ און פעדעלט אַרום אויף די גאַסען פון האַוואַנאַ. „און וואָס וועט זיין דער תכלית?״ „גאָט ווייסט״.

„וואָס וועט זיין דער תכלית״? — איך האָב די אייגענע פראַגע געשטעלט צו די פאַר אידישע כלל־טוערס, וואָס קאָנצענטרירען זיך אַרום דעם „סענטראָ איזראַעליטיקאָ״ — דעם אידישען צענטער — וואָס איז דער געזעלשאַפטליכער קלוב פון דעם נאָך יונגען ישוב. „מען טאָר ניט דערלאָזען, אַז דער נייער אידישער קיבוץ זאָל אויסוואַקסען אַזוי, ווי עס וואַקסט אַ טראָפּישער וואַלד. אידען טאָרען דאָך ניט ווערען קיין פאָלק פון פעדלערס״.

„וואָס דען זאָלען זיי טאָן?״ — פרעגט מיר דער פיהרער פון דעם צענטער. און ער דערצעהלט מיר, אַז די קובאַנער רע־גירונג, וואָס איז ביז ניט לאַנג צוריק געווען זעהר סימפּאַטיש צו דער אידישער אימיגראַציע, האָט איצט אָנגעהויבען צו בייטען איהר שטעלונג. זי וויל אויך ניט קיין צעהנדליגער טויזענטער נייע פעדלערס. זי האָט פריהער געמיינט, אַז אידען וועלען אַריינ־ברייגען אין לאַנד אַריין פרישע איניציאַטיווע, אַרבייט, איב־

דוסטריע — אָבער „זיי פאַרזייהען פּאַטאַטאַס (קאַרטאָפּעל) און עס וואַקסען אַרויס קאַרוואַטאַס (שניפּסלאַך)״ — זאָגט מען איצט שוין אין קובאַ וועגען אידען.

אַ צו קליין לאַנד פאַר אַזויפיל פּעדלערס. עס איז שוין זאַט פון שניפּסלאַך און מעסערלאַך. קובאַ נויטיגט זיך אין אַרבייט, אין נייער ענערגיע, און אידען האָבען אַנטוישט.

„אָבער וואָס טוען די אידישע כלל־טוער אין אייראָפּע און אַמעריקע?״ — פרעג איך ביי דעם לייטער פון דער עמיגראַציע־ביוראָ אין קובאַ. פאַרוואָס פאַרטראַכטען זיי זיך ניט וועגען דעם פּראָבלעם? קובאַ איז דאָך אַזוי צו זאָגען דער שליסעל צו דער גרויסער און נייער לאַטייניש־אַמעריקאַנישער וועלט, צום נייעם צענטער פון דער אידישער עמיגראַציע. פאַרוואָס נעהמען זיי ניט אָן קיין מיטלען באַצייטענס?״

„פאַרוואָס? איך פרעג דאָס ביי אייך. מהיכי־תיתי, זעהט איהר צו ווירקען אויף די כלל־טוער אין ניו יאָרק און אין פּאַריז״.

און איך ווייס לכתחילה — עס וועט מיר ניט העלפען.

„געגעבען זיינען אונז בלויז וואוילע פאַרלאַנגען:
צו טאָן — איז אונז גאָר ניט באַשערט״.

* * *

עס קאָכט און זידט אַ פרישׁ, פילדערנדיג לעבען. אין דעם „סענטראָ״ — אויף דער זולוע זשומעט עס ווי אין אַ בינשטאָק — מען שפּילט דאָרט אידיש טעאַטער, מען לערענט קינדער איד־דיש, שפּאַניש, העברעאיש און וואָס ניט. מען גיט אידען עצות, — אויף דער „כעזו מאַריאַ״ (יעזוס און מאַריאַ) קריגען זיך צוויי שוהלען, צוויי רבינם מיט שוחטים. „איך שעהם זיך פּשוט צו שרייבען אַהיים״ — זאָגט מיר איינער פון די רבנים — „דער רב פון דער שוהל אויף יעזוס און מאַריאַ! — נאָר וואָס זאָל מען טאָן?״

אויף דער גאַס וואָס טראָגט דעם נאָמען „אינקוויזיטאָר״ — זיצען פּוילישע אידען אינאיינעם מיט שפּאַניאָלישע און פיהרען אידען קיין ציון — דאָרט איז דער ציוניסטישער צענטער, וואו

ציוניסטען האַלטען זייערע זיצונגען אויף שפּאַניש און אידיש — און יעדע רעדע מוז איבערזעצט ווערען צוויי מאָל, ווייל איין טייל פאַרשטעהט ניט דעם צווייטען.

יונגע פּאָעטען בלאָנקען אַרום איבער די גאַסען פון האַוואַנאַ און חלומ׳ען וועגען אידישער ליטעראַטור אויף קובאַנישער ערד — אָדער אין דעטראָיט, אויב עס וועט געראָטען.

און אַלצדינג אַזוי ניי, אַזוי פריש — ממש „מעשי בראשית“.

צום ערשטען מאָל דערזעהן אַ ישוב אין דעם פּראָצעס פון ווערען — אַ ישוב וואָס האָט זיך אָנגעהויבען — אַרום די אַלטע „טוגענדען“. און צוליב דעם אַליין איז, אפשר, כדאי געווען די רייזע. די רייזע צו די בוי־טוגענדען פון דעם אידישען מענשען.

דעצעמבער 29, 1929

# קובאַנער מיניאַטורען

## 1

### „מופתים" און „די אומבאַפלעקטע"

פיר אַזייגער נאָכמיטאָג. די היץ האָט זיך שוין אַביסעל גע־לייגט. פון ים בלאָזט אַ ווינטעל — און עס שפּאַצירט זיך גרינג איבער די גאַסען פון האַוואַנאַ.

דורכגעמאָסטען אַלע הייליגע, אין אַלע „מעלות" — אַט אַזוי ממש הייסען די גאַסען פון אַלט־האַוואַנאַ: „ווירדודעס" — „טר־גענדען" — און כמעט פון יעדען „טוגענדהאַפטען" הויז האָט זיך צו מיר דערטראָגען אַ שטילער געפייף — „פּסט־פּסט — סעניאָר, מיסטער". און ברענענדיגע מולאַטישע אויגען האָבען מיר צוגע־וואונקען פון הינטער די האַלב־פאַרשלאָסענע לאָדענס.

די גאַסען אַזוי שמאָל, אַז איך האָב שיעור ניט באַריהרט מיט די עלענבויגענס צוויי לאָדענס מיטאַמאָל — און נסיונות פוןביידע זייטען האָבען מיך גערופען.

מענשען געהען פאַרביי, אַלטע, יונגע, פרויען, קינדער — און קיינער קוקט זיך אפילו ניט אום. בלויז מיר דוכט זיך נאָך אַלץ — שוין אין די יאָהרען און נאָך אַלץ ניט באַפרייט זיך פון דער יוגענטליכער, אינגעלשער שעמעוודיגקייט — אַז אויגען קוקען אויף מיר מיט שפּאָט, און איך ווער רויט.

איך געה באַרג־אַרויף. אויף דער אַווענידאַ דע לאַ רעפּוב־ליקאַ, צו דער אוניווערזיטעט־צו. דאָרט אויך האַלב־פאַרשלאָסענע לאָדענס, אָבער זיי פייפען ניט, הינטער זיי באַהאַלטען זיך בלויז האַוואַנאַ׳ס אָרימקייט, טראָפּישע פוילקייט — אַ לעבנס־שטייגער, וואָס איז אונז, צפון־מענשען, אַזוי פרעמד, אומפאַרשטענדליך, אַ דריקענדיגער, באַאומרוהיקענדיגער רעטעניש.

צום אָוונט־צו — און די לאָדענס הויבען זיך אָן ביסלעכוויז עפענען. דאָ און דאָרט באַווייזט זיך אַ פרוי — שוואַרץ, טונקעל, ברוין אָדער ווייס, מיט דעם אייגענאַרטיגען טראָפּישען, געלבליכען הינטערגרונט. פרויען — אַלטע, יונגע — אַ וועלט פון פרויען. וואו זיינען די מענער פון קובאַ? וואָס טוען זיי? וואו פאַרבריינ־גען זיי די הייסע טעג און די וואַרימע אָוועטען.

זיי אַרבייטען דאָך ניט. מען זעהט אַזוי זעלטען אין האַוואַנאַ אַ מענשען ביי דער אַרבייט. אין די שענקלאַך? אין די קאַפעס? ווער ווייסט?

איך קוק זיך איין אין די פּנים׳ער — און פּיהל, אַז עס איז ניט רעכט פון מיר. זיי דערקענען אין מיר תיכף דעם פרעמדען. „אייער הויט איז נאָך אַזוי ווייס״ — האָט מיר ערקלעהרט דער שאָפער פון דעם אויטאָמאָביל, וואָס האָט מיך געפיהרט אין דער אומגעבונג פון האַוואַנאַ.

איך ווייס — מען האַלט מיך פאַר אַ „יאַנקי״ — און יאַנקיס האָט מען ניט זעהר האָלט אין דעם פאָלקס־קוואַרטאַל פון האַ־וואַנאַ. און סוף־כל־סוף — עס איז אויך ניטאָ וואָס צו זעהן. עס איז אפשר בלויז אַ פראַגע פון געשמאַק. אָבער מיין אויג האָט זיך באמת ניט אויף וואָס אָפּצושטעלען. עלטערע מולאַטקעס זיינען זיכער ניט קיין צו גרויסער תענוג פאַר׳ן אויג.

אָבער, אָט ביי אַ שוועל — צוויי פרויען. און מיין גאַנצע וואַנ־דערונג איבער די גאַסען האָט באַקומען אַ ווערט און אַ זין. איך האָב לכתחילה דערהערט בלויז צוויי קול׳כעלאַך — צוויי פויגעלאַך וואָס פּיפּטשען: „כוואַניטאַ־מוטשטטשאַ־ניניאַ״ — כוואַניטאַ, איינ־געלע, קינד — און כואַניטאַ — אַ בחור׳ל פון אַ יאָהר זעכצעהן, בלאַנד און דיק — קוועטשט מיט די פּלייצעס: „בוענאַ, טיאַ מילאַגראַס, בוענאַ, טיאַ אימאַקולאַטאַ״ — גוט, מוהמע מופתים, גוט — מוהמע אומבאַפלעקט. און די קול׳כעלאַך פּיפּטשען ווייטער. איך קעהר זיך אום, קוק זיך אַריין — און אַ מערקווירדיג בילד: צוויי קליינינקע, ממש ליאַלקעדיגע פרויעלאַך — יעדע וועגט אפשר דרייסיג פונט, אויף דינע קערפּערלעך, קליינע, גרויע קעפּעלאַך און פאַרדאַרטע פּנים׳לאַך, ווי פאַרמעט טרוקען, מיט טויזענטער קנייטשען — אָנגעטאָן אין דער טראַכט פון אַמאָליגע צייטען — ברייטע, פאַלבעדיגע מלבושים מיט שפּיצען און — אויב איך מאַך קיין טעות ניט — מיט קרינאַלינעס. צוויי אַלטע, גרויע פויגעלאַך —ביידע אינאיינעם זיכער אַלט הונדערט און אַכציג יאָהר.

איך קאָן זיך ניט אָפּרייסען פון דעם בילד — אָבער די אַלטע באַמערקען מיין נייגעריגען בליק — און לאָזען אַראָפּ פאַרשעהמט די קעפּעלאַך. זיי געהען זיך אַריין — אין גוף אויף פיר פיסעלאַך — אין דעם חדר, און פאַרמאַכען די טיר. בלויז כואַניטאָ בלייבט אין דרויסען. ער איז פאַרוואונדערט. ער האָט ניט פאַרשטאַנען,

פאַרוואָס די אַלטינקע האָבען פלוצלינג אָפּגעבראָכען זייער קוויטשעריי — און שאָקעלט שאָפּיש מיט'ן בלאָנדען קאָפּ.

„העי, כואַניטאָ" — ווינק איך איהם צו — „ווילסט פאַרדינען אַ מעדיאָ (5 סענט)?" „סי, סעניאָר" — די אויגען פון כואַניטאָ לייכטען־אויף. עס קומט ביי איהם זעלטען פאָר, אַז אַזאַ אוצר זאָל איהם אַראָפּפאַלען פון הימעל — „סי, סעניאָר — און וואָס זאָל איך טאָן דערפאַר?"

„גאָרניט, זוהן מיינער" — איך רעד צו איהם אויף דעם קו־באַנער שטייגער, וויל מאַכען דעם אָנשטעל, אַז איך בין אַ היגער — אָבער כואַניטאָ לאָזט זיך ניט אָפּנאַרען — ער דער־קענט מיך. „יאָ, מיסטער" — ענטפערט ער מיר — און איך בין „אָנטדעקט".

„הער־זשע אויס, כואַניטאָ — דו זעהסט, איך בין אַן אַגענט — דו ווייסט, איך פאַרקויף אַזעלכע לאָטעריי־צעטלען — וויל איך פאַרקויפען אַ פּאָר צעטלען אָט די סעניאָראַס, וואָס זיינען דאָ נאָר־וואָס געשטאַנען. זאָג מיר בלויז, ווער זיינען זיי, ווי הייסען זיי?"

כוואַטינאָ צעלאַכט זיך: „זיי ווילט איהר פאַרקויפען צעט־לען? מילאָ, איך וועל זיי פרעגען. טיאָ מילאַגראָס, טיאָ אימאַ־קולאַטאָ, עפּעס אַ פראַנצויז וויל אייך זעהן?"

די אַלטיטשקע ווערען דערשראָקען און הויבען זיך אָן צו שושקען. כואַניטאָ דערצעהלט מיר דערווייל, אַז זיי זיינען צוויי שוועסטער — אַלטע מיידלאַך — סעניאָריטאַס סואַרעס — צווי־לינג־שוועסטער, זעהר אַלט — „אפשר צוויי הונדערט יאָהר" — פאַרקנייטשט כואַניטאָ דעם שטערען, — „איינע הייסט מילאַגראָס — מופתים, די צווייטע הייסט אימאַקולאַטאָ קאָנסעפּשיאָן" — דאָס אומבאַפלעקטע פאַרגעהן אין טראָגען — אָבער געוועהנליך רופט מען זי בלויז אימאַקולאַטאַ — די אומבאַפלעקטע. זיינע מוהמעס? ניין — ער איז אַ יתום — און זיי האַלטען איהם ביי זיך אין הויז.

„מופתים" און די „אומבאַפלעקטע" האָבען זיך לאַנג גע'סוד'עט און געשושקעט, אָבער סוף־כל־סוף זיינען מיר ביידע אַריינגע־גאַנגען — כואַניטאָ פאָראויס, איך נאָך איהם.

אַ חדר אין אַלט־שפּאַנישען סטיל. הייליגע בילדער, פאַר־טרעטען פון גענעראַלען אין שפּאַנישע אוניפאָרמען. די זקנות ציטערען ווי בלעטער אין ווינט. זיי פּיפּטשען: „וואָס ווילט איהר, סעניאָר פראַנצויז?"

און איך טראַכט־אויס אַ מעשה פון טויזענט און איין נאַכט, וועגען עפּעס אַ לאָטעריי, וואָס דאַרף ערגעץ־וואו געשפּילט ווע־רען — איך פאַרלאַנג, חלילה, גאָרנישט — איך וויל נאָר וויסען — אויב און ווען — וואָלטען זיי געוואָלט אפשר קויפען. איך פאַרפּלאָנטער זיך — אָבער זיי מערקען עס ניט. פאַרקעהרט — וואָס געדיכטער דער ליגען, אַלץ מעהר גלויבען זיי. און מיר זיצען באַלד ביי אַ שעלעכעל שוואַרצע קובאַנער קאַפּע און שמועסען.

„אַי, אַמאַליגע צייטען — אַי דע מי נאַזאָ" — וועה צו מיין לעבען — מופתים'ס דיניקער קול צעגיסט זיך איבער דעם חדר, און אומבאַפּלעקטע שאָקעלט־צו מיט'ן קעפּעלע.

„אַמאָל" — דאָס הייסט ווען קובאַ איז געווען נאָך שפּאַניע, ווען עס איז נאָך געווען אַ וויצע־קעניג און — מונדירען — אַי, דו געדענקסט, אימאַקולאַטאַ, דעם קאַפּיטאַן פיגעראַאַ אי מאַנ־טאַלבאַ — געדענקסט זיינע שוואַרצע וואָנצעס און זיינע גאָלדענע עפּאָלעטען? אַי . . ."

און הינטער די האַלב־פאַרשלאָסענע לאָדענס, אין דעם צימער אויף אַוועניִדאַ דע לאַ רעפּובליקאַ, וויקעלט זיך אויף דער מאַגישער טעפּיך פון אַ צייט וואָס איז פאַרגאַנגען, פון אַ צייט ווען מופתים און אומבאַפּלעקטע זיינען נאָך געווען יונג — און ווען קובאַ איז נאָך געווען אַ פּראָווינץ פון שפּאַניע.

אַ פאַרגעסענע, פאַרשטויבטע וועלט האָט זיך באַוויזען אויף אַ קורצער רגע — האָט אויפגעלויכט אין די פאַרוויאַנעטע אויגען פון די זקנות.

„אַי, דע מי עספּאַניאַ" — וועה צו מיין שפּאַניע — זיפצט מופתים סואַרעס — און די שוועסטער זיפצט־מיט. אַן אַלט ווע־לאַסקעז־בילד איז לעבעדיג געוואָרען אויף אַ קורצער ווייל.

„נו — און וואָס זאָגסטו, כואַניטאָ?" — פרעג איך ביים אַוועקגעהן דעם יונגען בלאָנדען קובאַנער.

און כואַניטאָ — זעכצעהן יאָהר אַלט, אָדער אפשר נאָך אינגער — ענטפערט מיט דער גרעסטער פשטות וואָס איז נאָר מעגליך: „הער פראַנצויז — גיט מיר נאָך צוויי מעדיאָס — ווייז איך אייך וואו עס וואוינען פראַנצויזקעס, און כ'לעבען — אינגערע ווי די מוהמעס סואַרעס . . ."

און איך גיב כואַניטאָ'ן אַ בריק מיט'ן פוס.

פעברואַר 14, 1937

דר. א. קאַראַלניק

2

## „אין דעם קאַפּיטאָל"

אַ וואָך נאָכאַנאַנד איז ביי מיר געלעגען אין קעשענע אַ בלויער בילעט — אַ ספּעציעלע ערלויבעניש אַריינצוגעהן אין דעם קאַפּיטאָל — צו אַ זיצונג פון דעם קאָנגרעס.

מערקווירדיג, שוין צום דריטען מאָל בין איך אין האַוואַנאַ — דריי מאָל אין אַכט יאָהר — און יעדעס מאָל האָב איך זיך געקליבען צו געהן אין דעם קאָנגרעס, צו זעהן די קובאַנער דע־מאָקראַטיע אין פונקציע — און עס איז מיר קיינמאָל ניט געראָטען.

און ניט בלויז אין קובאַ. וואו איך בין ניט געווען אין די צענטראַל־אַמעריקאַנישע לענדער, אין ווענעזועלאַ, אין מעקסיקאַ, אין גוואַטעמאַלאַ — שטענדיג איין פראַגע: ווען קאָן מען געהן צו אַ זיצונג פון פּאַרלאַמענט? און תמיד איין ענטפער: „ניט איצט — דער פּאַרלאַמענט איז געשלאָסען — די רעגירונג האָט איהם פאַרמאַכט". „מיט אַ דעקרעט — אָדער מיט באַיאָנעטען?" — און דער ענטפער איז געוועהנליך געווען אַ ציה מיט די אַקסלען און אַ שמייכעל — ווי איינער זאָגט: „וואָס פרעגסטו פאַר נאַריש־קייטען? וואָס דען, ביי אונז אין אַ לאַטייניש־אַמעריקאַנישער רעפּובליק, אָהן באַיאָנעטען און סאָלדאַטען?"

דאָס ערשטע מאָל — עס איז געווען נאָך אין דער צייט פון דעם טיראַן מאַטשאַדאָ — דעמאָלט איז דער קאַפּיטאָל נאָר־וואָס געווען פאַרטיג. אַ פּראַכטפולער בנין — איינער פון די שעהנסטע אין אַמעריקע. אָבער צו וואָס? ווער האָט איהם באַדאַרפט? גע־וויס, מאַטשאַדאָ און זיין קאָמפּאַניע האָבען דערביי פאַרדינט — זאָגט מען — ניט ווייניגער ווי צוואַנציג מיליאָן דאָלער, אָבער מען דאַרף באמת זיין אַ סאַדיסט — צו טרעטען די קאָנסטיטוציע און די עלעמענטאַרע רעכט פון פאָלק מיט די פיס און אין דער אייגענער צייט אויפבויען אַ גרויסאַרטיגען פּאַלאַץ פאַר אַ פּאַר־לאַמענט — דעם סימבאָל פון פרייהייט און דעמאָקראַטיע.

דאָס צווייטע מאָל — עטליכע יאָהר שפּעטער — נאָר־וואָס איז מאַטשאַדאָ אַראָפּ און סעספּעדעס איז געווען פּרעזידענט. „קאָן מען שוין איצט געהן צו אַ זיצונג פון קאָנגרעס?" — און דער ענטפער איז דער געוועהנליכער: „עס איז דערווייל נאָך אַלץ

דיקטאַטור — מען מוז זיך באַגעהן אָהן אַ פּאַרלאַמענט נאָך אַ צייט". מילא איך האָב געקאָנט וואַרטען.

און אַט — שוין נאָך אַלע „רעוואָלוציעס", שוין „רוה און אָרדענונג" — איך האָב זיך דערוואַרט. דער פּרעסע שעף אין דעם פּאַרלאַמענט איז זעהר אויפגעלייגט. ער שטראַלט ממש פון גליק. ער האָט שוין אויך מן־הסתם לאַנג געוואַרט אויף אַזאַ געלעגענהייט. „סי סעניאָר — מאָרגען איז די ערשטע זיצונג".

די ערשטע זיצונג נאָך דעם ווי מען האָט אַראָפּגעוואָרפען דעם קאָנסטיטוציאָנעלען פּרעזידענט מיגועל מאַריאַנאַ גאָמעז און אַרויפגעזעצט דעם נייעם קאָלאָנעל לאַרעדאָ ברו. ד. ה. — יעדער ווייסט, אַז ניט גאָמעז איז געווען פּרעזידענט, און ניט ברו האָט די מינדסטע מאַכט, און דאָס גאַנצע פּרעזידענטשאַפט און קאָנ־סטיטוציע און פּאַרלאַמענט זיינען בלויז ניט מעהר ווי „שפּאַנישע ווענטלאַך", טעאַטער־קוליסען. הינטער די קוליסען שטעהט דער אמת'ער דיקטאַטאָר, דער הערשער פון לאַנד: קאָלאָנעל פול־כענסיאָ באַטיסטאַ — דער „שעף פון דער אַרמיי".

און אויך דאָ ווייסט מען — אַז דער פריהערדיגער פּאַרוק־מאַכער און איצטיגער דיקטאַטאָר, דער „סערדזשאַנט" קאָלאָנעל באַטיסטאַ, איז אויך בלויז אַ ליאַלקע — אין די הענט פון אמת'ן דראַטענציהער, און דאָס איז דער אַמעריקאַנער געזאַנדטער, מר. קאַפערי. ניט וואַשינגטאָן, ניט קאָרדעל האָל, ניט אפילו פּרע־זידענט רוזוועלט — נאָר מר. קאַפערי. אין זיינע הענט ליגט דער גורל פון קובאַ.

אָבער פונדעסטוועגען — דערווייל איז נאָך דאָ אויפ'ן פּאַפּיר אַ קאָנסטיטוציע — און אַ פּאַלאַץ פאַר אַ פּאַרלאַמענט איז אויך פאַראַן — דאַרף מען שפּילען קאָמעדיע. און מען שפּילט. אָבער מען נעהמט זיך צייט. איך האָב געוואַרט אַ גאַנצע וואָך אויף דעם „מאָרגען" — וואָס מיין פריינד דער פּרעסע־שעף האָט מיר צוגע־זאָגט. יעדען טאָג זיינען זיך די דעפּוטאַטען צוזאַמענגעקומען אין דעם קאַפּיטאָל — און יעדען טאָג האָט מען קאָנסטאַטירט, אַז עס איז ניטאָ קיין קאָנגרעס. די דעפּוטאַטען האָבען זיך גע־דונגען ערגעץ־וואו אין די קאָמיטע־צימערען, הינטער געשלאָסענע צימערן האָט מען „געמאַכט פּאָליטיק". און זיי האָבען זיך ניט געאיילט צו קומען פאַר'ן לאַנד, און זיי זיינען געווען גערעכט. איידער אַזאַ פּאַרלאַמענט — שוין בעסער אינגאַנצען אָהן אַ

קוואָרום — און אָהן אַ קאָנסטיטוציע. פּאָליטישער קאַרניוואַל איז גאָר ניט קיין פרעהליכער ענין.

איך האָב זיך אָבער דערוואָרט. די דעפּוטאַטען האָבען זיך צונויפגערעדט — און עס האָט זיך געפונען אַ מאַיאָריטעט צו טאָן דעם ווילען פון דעם דיקטאַטאָר.

לאַנגע, ליידענשאַפטליכע רעדעס פון די ליבעראַלען — קורצע, שאַרפע, זעלבסט־זיכערע רעפּליקעס פון די קאָנסערוואַ־טיווען — אָדער פאַרקעהרט. ווער קאָן דען אין קובאַ דערגעהן אַ טאָלק ווער איז ווער און פאַרוואָס ? און דער רעזולטאַט : די אַמאָליגע ליבעראַלען — אָדער געמעסיגטע קאָנסערוואַטיווען — מיט דר. מאַרקוס סטערלינג אין שפּיץ, האָבען פאַרלוירען די פיהרערשאַפט אין פּאַרלאַמענט.

זיי האָבען עס זיכער פאַרדינט — די קובאַנער ליבעראַלען און קאָנסערוואַטיווען זיינען גאָר ניט קיין פּאָליטיקער — זיי זיינען געווען און זיי זיינען עד היום בלויז אָנהענגער און נאָכ־פאָלגער פון באַשטימטע „קאַנדיליאָס" — פיהרער טשערעדע־בוהייעס, צי איינער הייסט מענאָקאַל אָדער סעספּעדעס אָדער מאַ־ריאַנאַ גאָמעז — אָדער ער רופט זיך „דער עכטער רעוואָלוציאָנער" (אייטענטיקאָ) און זיין נאָמען איז דר. ראָמאָן גראָו סאָן מאַרטין, געוועזענער פּראָפעסאָר פון פיזיאָלאָגיע, געוועזענער פּרעזידענט פון קובאַ און איצט אין גלות אין מיאַמי.

זיי זיינען פון איין טייג געקנאָטען. און עס איז קובאַנער טייג — אָהן הייוועז — בלויז וואַסער און לופט און אַמעריקאַנער מעהל.

געווען אַ צייט — ווען „לאַטיינישע", שפּאַנישע אָדער איטאַ־ליענישע, רעטאָריק האָט אויף מיר געווירקט. זי לאָזט מיך איצט קאַלט. און אַלע קלינגענדע פראַזען, און דאָס צוטענצלען און דאָס קלאַפּען אַ האַנט אָן אַ האַנט און די גאַנצע טעאַטראַליק פון דר. מאַרקוס סטערלינג, אָדער פון זיין געגנער דעם מולאַט דר. בראַווא אַקאָסטאַ (אין קובאַ איז יעדער מענש אַ דאָקטאָר פון וואָס עס זאָל ניט זיין) האָבען אויף מיר ניט געווירקט — און, מיר דוכט זיך, אויף קיינעם ניט אין דעם זאָל.

מען האָט געוואוסט : עס איז אַ קאַמף פון שאָטענס. דער שאָטען פון אַ קאָנסטיטוציע קעמפט אַנטקעגען דעם שאָטען פון אַ דיקטאַטאָר, אַ מין בילדער־שפּיל אויפ'ן לייווענט. און וועמען אַרט עס, ווער עס וועט זיגען ? מר. קאַפּערי האָט דאָך סיי־ווי דעם שפּיל אין די הענט.

„איהר ווייסט, מיין פריינט״, זאָג איך שטיל ביים אַרויסגעהן פון דער „היסטאָרישער״ זיצונג צו אַ באַקאַנטען קובאַנער זשור־נאַליסט, „איהר ווייסט — מאַטשאַדאָ איז פאַרט געווען דער קליגסטער פון אייך אַלע. ער האָט אייך געבויט אַ פּאַלאַץ פאַר אַ פּאַרלאַמענט — אָבער צו אַ פּאַרלאַמענט האָט ער עס ניט דער־לאָזט. ער האָט ליב געהאַט ערנסט״.

„עט־עט — רעדט ניט אַזוי, קאָלעגע״ — קוקט זיך אַרום דער קובאַנער פריינט — „ווענט האָבען אויערען, און שטיינער אויך. און אַחוץ דעם — ווי האָט אונזער לעהרער דער „אַפּאָס־טאָל״ מאַרטי געזאָגט וועגען קובאַ: אונזער ווין איז זויער, אָבער מיר טרינקען אונזער ווין״.

„זייט איהר זיכער, סעניאָר, אַז עס איז אייער ווין?״

אָבער מיין פריינט האָט זיך געמאַכט ניט־הערענדיג. אין קאַפע אַנטקעגען דעם קאַפּיטאָל האָט געשפּילט אַ מיידעלשער דזשאַז־בענד — מולאַטיש. און מיין קובאַנער פּאָליטיקער האָט פאַרטרונקען אין דזשעז זיינע פּאָליטישע דאגות.

און אפשר איז ער געווען גערעכט.

3

## טשיקאָ און די ציג

אין האַוואַנאַ מוז מען זיך דינגען מיט׳ן שאָפער. דוכט זיך — אַלצדינג פאַראַן — ווי אומעטום, אפילו אַ טאַקסאַמעטער איז אויך פאַראַן, און דאָס פשוט׳סטע וואָלט געווען זיך אַריינצוזעצען אין דער מאַשין און לאָזען דעם טאַקסאַמעטער אָפּקלאַפּען וויפיל ער וויל, וויפיל עס קומט. אָבער, צי די קובאַנער קאָנען ניט אַזוי גוט לייענען קיין ציפער — צי דער גאַנצער ענין איז ניט צוגע־פּאַסט פאַר דעם קובאַנער טעמפּעראַמענט — אַזוי איז שוין דער מנהג: איידער מען זעצט זיך אַריין אין דער אויטאָ מוז מען זיך באַוואָרענען מיט דעם מקח. אָבער איין מעלה האָט דער קובאַנער — ער דינגט זיך ניט. ער פאַררייסט ניט קיין פּרייזען און שינדט ניט די הויט, מען קאָן מיט איהם גרינג אויסקומען. צעהן סענט אַרויף אָדער אַראָפּ — ער האָט ניט קיין געוואַלדיגע השגות.

„וויפיל וועט עס זיין — אַט אַזוי פאַר אַ שפּאַציר אַרויס פון

דער שטאָדט — אויף אַ פּאָר שעה?״ — פרעג איך ביי איינעם פון די „טשאַפעראָס״ — די שאָפערען פון די מאַשינען, וואָס שטעהען אויסגעשטעלט אין אַ רייע אין דעם „פּאַרקע סענטראַל״, דעם צענטער פון דער שטאָדט.

דער „טשאַפעראַ״ טוט אַ קוק אויף מיר — רייבט זיך די נאָז — און פאַרבעט אַ פּרייז, וואָס ווייזט זיך איהם אויס, ווי איך באַמערק — זעהר וואַלקענהויך — אָבער איז אין אמת׳ן זעהר קליינשטאָקיג. פון סטיל וועגען — און כדי ניט קאַליע צו מאַכען די „מאָראַל״ — מאַך איך אָן אָנשטעל און זאָג: „פּערא היכא״ — אָבער זוהן מיינער — און באָט איהם אָן מיין „פּרייז״, מיט צעהן אָדער צוואַנציג סענט ווייניגער. און דער שוואַרצינקער, קליינינקער, דאַרער שאָפערל שאָקעלט תיכף מיט׳ן קאָפּ: „בוענאָ, סעניאָר אַמעריקאַנאָ״ — גוט, הער אַמעריקאַנער. ער איז צופרידען — איך זעה עס אין זיינע שמייכלענדיגע אויגען — איך בין צופרידען — און מיר פאָהרען.

בלויז די מאַשין — אַ בכבוד׳יגער פאָרדל, אַזוי שוין, ווייזט אויס, אין די יאָהרען, פון דעם מין ווי מען זעהט איהם ניט מעהר אין די „שטאַטען״ — אָן אָפּענע, צוגעפּאַסט צו דעם טראָפּישען קלימאַט — זי אַליין איז ניט צופרידען. זי קרעכצט און זי זיפצט, זי סאָפּעט שווער — און די רעדער דרעהען זיך קוים־קוים.

„סעניאָר אַמעריקאַנאָ״ — בעט זיך ביי מיר דער שוואַרצינקער שאָפער — „איהר מוזט מיר אַנטשולדיגען — אָבער איהר פאַרשטעהט — זי וויל אויך אַ טרונק״. „נו, גיב איהר״. „יאָ, אָבער״ — און ער ווייזט אויף אַ פּאָר ליידיגע הענט. איך פאַרשטעה דעם וואונק — און גיב איהם אָן „אַדערויף״. איך קען שוין דעם מנהג פון די קובאַנער שאָפערען. זיי האָבען קיינמאָל ניט קיין געזאָלין. און ווען זיי קויפען שוין — קויפען זיי ניט קיין גאַלאָנען, ווי ביי אונז — נאָר אַ קענדעלע, אַ גלעזעלע, אַזוי צו זאָגען אויף אַ רפואה. עס איז אויך ניט קיין וואונדער: געזאָלין קאָסט אין קובאַ דריי מאָל אַזוי טייער ווי אין די שטאַטען — דוכט זיך, דרייסיג אָדער פערציג סענט אַ גאַלאָן. אָט דאָס הייסט זיין אַ קאָלאָניע: מען מוז אַלצדינג געבען, אָבער נעהמען — דאָס ניט.

די מאַשין האָט זיך אָנגעטרונקען — און מיר פאָהרען. „ווי הייסטו אייגענטליך?״ — פרעג איך ביים שאָפער. איך איהרץ

איהם ניט — ערשטענס, ווייל איך האָב באַמערקט, אַז דאָס איז דער טאָן אין קובאַ — מען „דוצט" דעם פאָלקס־מענש — און אַחוץ דעם, דער גאַנצער פאַרשוין איז געווען אַ קוריאָזער — אַן אומבאַשטימטער — אומבאַשטימט דער עלטער, דער קאָליר, די פיזיאָנאָמיע. אַ מולאַט מיט אַ געלבליכען, איינגעקנייטשטען פנים, אָבער מיט יונגע, שטראַלענדיגע אויגען און אַ קינדערשען שמייכעל.

„ווי איך הייס? עך — אַ לאַנגער נאָמען, סעניאָר; איך הייס אַדעלגאַנדאַ דאַמאַסעאָ כואַן נעפאָמאָסענאָ טאָרעקעמאַדאָ — ד. ה. טאָרעקאָמאַדאָ איז מיין פאַמיליען־נאָמען, די ערשטע פיר נעמען האָט מען מיר געגעבען אין דער קירך — אָבער רופען רופט מען מיך „טשיקאָ" — עס איז גרינגער אַזוי". — און ער דרעהט אויס צו מיר זיין מאָגערען פנים און לאַכט.

„און ווי אַלט ביזטו, טשיקאָ?"

„ווער קאָן דאָס וויסען, סעניאָר? יאָהרען זיינען ווי כוואַליעס — זיי קומען און אַנטלויפען — און ווער קאָן זיי ציילען? איך וויס בלויז, אַז איך געדענק נאָר ווען דער שפּאַניער איז דאָ געווען, און איך בין שוין דעמאָלט געווען צווישען די קעמפער פאַר דער „אינדעפּענדענסיאַ", דער פרייהייט פון אונזער קוביטאַ — אונזער קובעלע".

„עט, עט, טשיקאָ, ביזטו דאָך שוין אין די יאָהרען". איך מאַך אַ גיכען חשבון און רעכען אויס, אַז ער קאָן ניט זיין איינגער פון אַכט־און־פופציג־ זעכציג יאָהר.

און טשיקאָ דערצעהלט מיר — מיר פאָהרען אַלץ נאָך איבער די לאַנגע גאַסען פון האַוואַנאַ — אַז ער האָט דריי קינדער, צוויי אינגלאַך און אַ מיידעלע — איין אינגעלע, פּאַקאָ, איז קראַנק און וואַרימט זיך בלויז אין דער זון, דער צווייטער „אַרבייט" — ער איז אַ „פיהרער" פון טוריסטען איבער די פרעהליכע פלעצער פון האַוואַנאַ; און דאָס מיידעל אַרבייט אין אַ ציגאַרען־פאַבריק, אָבער זי האָט שוין אַ „נאָוויאָ" — אַ חתן — און וועט באַלד חתונה האָבען. וועגען דער וויב פרעג איך ניט — אַזעלכע פראַגען שטעלט מען ניט קיין קובאַנער, עס איז צו קאָמפּליצירט — ער קאָן אייך נאָך צוריקפרעגען: „אַ וואָסערע?" — און געה לאָז זיך אַריין אין חשבונות.

„וואוהין־זשע פאָהרען מיר, סעניאָר?" — דערמאָנט זיך פּלוצ־לינג טשיקאָ. אין אַמעריקע איז דאָס די ערשטע, זעלבסטפאַר־

שטענדליכע פראַגע פון אַ שאָפער — אין קובאַ שפּילט דער ציל, די ריכטונג אַ קנאַפּע ראָלע. מען פאָהרט — וואו מען וועט דערפאָהרען — וואָס איז די נפקא־מינה?

איך ווייס אַליין אויך ניט וואו מיין וועג איז — און איך זאָג איהם: „גלייך — אָט ווי דער וועג געהט — אַ שעהנער וועג, ווער האָט איהם געבויט?"

„דאָס איז דער וועג פון גענעראַל מאַטשאַדאָ". — אַ גלאַטער, אויסברוקירטער אַספאַלט־וועג, אַמעריקאַנער נוסח — צווישען גרינע פעלדער און אידילישע דערפלאַך.

„אַך — מאַטשאַדאָ — טאָ פאָהר־זשע טאַקע צו דער שטאָדט, וואָס מאַטשאַדאָ האָט אויפגעבויט".

„איהר מיינט — ראַנטשאָ באָיעראָ, אָדער ווי עס האָט ניט לאַנג צוריק געהייסען גענעראַל מאַטשאַדאָ? בוענאָ!" — און ער פאָהרט. פאַמעלאַך, זיין אַלטער פאָרדל האָט פיינט שנעל־רע־קאָרדען — אָבער וואָס האָב איך קיין צייט ניט?

מיר דערפאָהרען. אַ שטעדטעל מיט פאַרנעהם — מיט סטיל, מיט תכלית. אַ צעמענט־פאַבריק, אַ לעדער־פאַבריק, נאָך אַ פּאָר פאַבריקען — ניי, זויבער, לויט דעם לעצטען וואָרט פון דער טעכ־ניק. און אַרום די פאַבריקען קאַנטאָרען, וואוינונגען פאַר אָנ־געשטעלטע, אַ שולע, אַ קירך, אין מיטען שטעדטעל אַ פּאַרק מיט אַלע קונצען — אפילו מיט אַ קליינעם וואַסערפאַל. אָבער אַלצדינג טויט, פאַרהאַקט, אַפּגעלאָזט. אַ מין פּאָמפּעי אין מיניאַטור, אַ שטאָדט וואָס איז פּלוצלינג געשטאָרבען. דאָס איינציגע וואָס פונקציאָנירט, איז אַ „קינאָ" — דריי מאָל אַ וואָך שפּילט מען נאָך דאָרט פאַר די אַרומיגע דערפער — און מערקווירדיג — אויך דאָרט שפּורען פון פאַמפּעאַנישער צעשטערונג. אויפ'ן קאַרניז איז געווען איינגעקריצט אַ נאָמען מיט גאָלדענע אותיות — דער נאָמען פון גענעראַל מאַטשאַדאָ'ס מוטער — האָבען זיי איהם אויך אַראָפּגעריסען, אויסגעמעקט.

און טשיקאָ דערצעהלט מיר, אַז דאָס אַלץ האָט אויפגעבויט דער „גענעראַל" — אָבער ווען זיי האָבען איהם אַראָפּגעוואָרפען אין האַוואַנאַ, האָט מען כמעט צעשטערט די גאַנצע שטאָדט, אָפּגע־שטעלט און פאַרקויפט די פאַבריקען — אַרויסגעריסען די בוימער פון דעם פּאַרק, צעהאַקט די בענק — „אַ גליק וואָס זיי האָבען ניט צעשטערט דעם שאָסיי, וואָס ער האָט אויפגעבויט".

„איז ער טאַקע געווען אַזוי שלעכט, דער גענעראַל ?" — פרעג איך ביי טשיקאָ'ן.

ער קוקט זיך אַרום — די לופט איז ריין און פריי — קיין מענש ניט אויף אַ מייל, און ער הויבט אָן צו ריידען:

„עך, סעניאָר — אָט אַזוי געהט עס שוין מיין גאַנץ לעבען. פון זינט איך געדענק, איז אַלץ רעוואָלוציע און רעוואָלוציע. מיין פאָטער — ער איז געווען אַ שפּאַניער, מיין מוטער איז געווען אַ שוואַרצע — פאַנטשאָ האָט מען איהם גערופען, פאַנטשאָ דער פורמאַן — פלעגט ער צו מיר טענה'ן, ווען איך בין געלאָפען אין דער רעוואָלוציאָנערער אַרמיי, צו מאַרטי און מאַטעאָ: וואו לויפסטו, טשיקאָ, וואָס האָסטו צו די שפּאַניער ? כ'לעבען, זיי זיינען בעסער ווי אונזערע קרעאָלען — ווייסטו דען ניט, אַז דאָס האָבען אַלץ אויסגעטראַכט יענקיס, כדי צו פאַרכאַפּען קובאַ ? וואָס דאַרפען מיר פרייהייט ? זון האָבען מיר, שוואַרצע פאַסאָלעס זיינען דאָ, אַ טאָג אויך אַ הינדעל מיט רייז — וואָס נאָך ? גע־דענק, טשיקאָ — דו וועסט נאָך חרטה האָבען. און אָט שוין עטליכע־און־דרייסיג יאָהר, סעניאָר — הויב איך ניט אָן צו פאַר־שטעהן, וואָס עס טוט זיך ביי אונז אין קובאָ.

איין פרעזידענט קומט און אַן אַנדערער געהט — מען שיסט אין די גאַסען און מען כאַפּט יונגעלייט און מען פאַרשפּאַרט זיי אין די טורמעס — צוליב וואָס ? פאַר וואָס ? איך פאַרשטעה ניט. פאַרשטעהט איהר ?

„זיי זאָגען, אַז מאַטשאַדאָ איז געווען אַ שלעכטער פרעזי־דענט. כ'לעבען — איך ווייס ניט פאַרוואָס. ער האָט געבויט שאָסייען, פאַבריקען, הייזער — געלייגט צו זיך אין קעשענע — סי, קאָמאָ, נאָ, געוויס, ווי דען אַנדערש ? אָבער ער האָט געהאַט — מיר האָבען געהאַט — האָט מען איהם אַרויסגעטריבען — אַרויסגעטריבען זיין נאָמען — און איצט ? . . ."

„און איצט ?" — פרעג איך ווייטער.

„עך, סעניאָר, שלעפּט מיך ניט ביי דער צונג. ניט נאָר ווענט האָבען אויערען, נאָר אפילו בוימער קאָנען מסר'ן. ווייסט איהר" — און טשיקאָ בויגט זיך אַריבער צו מיר און הויכט מיר כמעט אין פּנים אַריין אַ ריח פון קנאָבעל און שלעכטען טאַ־באַק — „ווייסט איהר, פון זינט דער גרעק איז געוואָרען אַ קנאַ־קער — קאָן מען שוין גאָר ניט אויסהאַלטען".

דער „גרעק" — אַזוי רופען זיי אין פאָלקס־ריידען דעם איצ־טיגען דיקטאַטאָר פון קובאַ, דעם „בעפע" פולכענסיאָ באַטיסטאַ.

„אומעטום סאָלדאַטען — און נאָך מעהר שטייערען, און דיס־ציפּלין — צו וואָס ? ווער בעט עס איהם ? וואָס וויל ער — דער פאַרוקענמאַכער ?"

טשיקאָ האָט זיך אַזוי פאַררעדט, אַז ער האָט ניט באַ־מערקט ווי מיר זיינען אַריינגעפאָהרען אין אַ דערפעל. צוויי סאָלדאַטען — אָדער זשאַנדאַרמען — האָבען שאַרף געקוקט אויף אונז. זיי האָבען זיכער גאָרנישט געמיינט, אָבער טשיקאָ איז בלייך געוואָרען פאַר שרעק — און האָט פאַרמאַכט די ליפּען.

„בוענאָס, טשיקאָ" — רופט איהם פּלוצלינג אימיצער צו. טשיקאָ קעהרט אום דעם קאָפּ — און אַ שמייכעל צעגיסט זיך אי־בער זיין פּנים. „בוענאָס פּאַקאָ" — אַ גוטען דיר, פּאַקאָ — די מאַשין בלייבט שטעהן. מיר געהען אַראָפּ פון וואָגען — און עס ווערט אין מיטן גאַס אַ קליינע אידיליע. פּאַקאָ — אַן אַלטער קובאַנער — זעלבסטפאַרשטענדליך אַ מולאַט — פיהרט זיין גאַנצע משפחה פון דער „שטאָדט". אַ פּרוי, צוויי שוואַרץ־חנ׳עוודיגע מיידלעך און אַ אינגעלע — בלויז דאָס אינגעלע זיצט אויפ׳ן וועגעלע — און אונטער איהם גרינצייג, באַנאַנעס, צוקערשטעק־לאַך, מאַמעי׳ס און נאָך אַנדערע טראָפּישע פּירות — און דאָס גאַנצע וועגעלע ווערט געפיהרט פון אַ ציג.

טשיקאָ און זיינע פריינט האָבען זיך אַרומגענומען, עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ לאַנגער שמועס וועגען משפחה און קרובים און פריינט — מען האָט מיך אויך אַריינגענומען אין קאָן, בפרט ווען איך האָב די גאַנצע משפחה צוגעפיהרט צו אַ שענקעל און מכבד געווען וועמען מיט וויין און וועמען מיט „מאָנטעקאַטאָ" — אָדער אייז־קרים.

„אַ גוטער אַמעריקאַנאָ" — האָט איינגערוימט אַ „סוד" פּאַקאָ זיין פריינט טשיקאָ׳ן. און די ציג האָט מסכים געווען — זי האָט גראָד דעמאָלט געפונען אַ געלעגענהייט צו מאַכען : „מע, מע".

„אָט דאָס איז אַ לעבען" — חלומ׳ט פאַר זיך אין דער הויך טשיקאָ, נאָכדעם ווי מיר האָבען זיך געזעגענט און געלאָזט זיך ווייטער אויפ׳ן וועג קיין האַוואַנאַ.

„אָט דאָס הייסט גליק — אַ וועגעלע, און אַ הייזעל אין פעלד אונטער בלויע בלומען — און אַ ציג — עך, סעניאָר !"

אָבער מיר זיינען דערווייל אָריינגעפאָהרען אין האַוואַנאַ, און — „העי, טשיקאָ, היט זיך" — די אידיליע פון דער ציג האָט טשיקאָ'ן אַזוי צעמישט, אַז ער איז שיעור ניט אָריינגעפאָהרען אין אַן אויטאָמאָביל מיט אַמעריקאַנער טוריסטען.

„אַה, די אַמעריקאַנאָס" — זיפצט טשיקאָ און באַנוצט זיך מיט אַ פּאָר „דעליקאַטע" קובאַנער ווערטער — „וואָס ווילען זיי פון אונז ?"

טאַקע, וואָס ווילען זיי פון טשיקאָ'ן ?

4

## דעם קייזער'ס אייניקעל

„פּערמעטע מ'סיע !" —ווען מען הערט צוויי וואָכען נאָכ־אַנאַנד בלויז שפּאַנישע קלאַנגען, ווען מען ווערט געצוואונגען שטענדיג צו ברעכען די צונג אויף אַ פרעמדער שפּראַך — דער־פיהלט מען זיך ממש ווי אַ באַפרייטער, ווען מען דערהערט פּלוצ־לינג אַ היימישען, אַ באַקאַנטען טאָן.

און איך ווייס ניט פאַרוואָס — פון אַלע שפּראַכען פון דער וועלט קלינגט אין מיינע אויערען פראַנצויזיש היימישער ווי אַלע אַנדערע. טאַקע אויך פרעמד, טאַקע אויך בלויז אַן אויסגעלע־רענטע — אָבער צי איז דאָס דערפאַר וואָס איך האָב נאָך ביי מיין טאַטען אין הויז שוין געפונען אַ פאָליצע מיט פראַנצויזישע ביכער — וואָלטער און דידראָ — און בפרט די דיקע דריי בענדער פון מאַקסים דע קאַן'ס באַשרייבונג פון פּאַריז, מיט פאָטאָגראַ־וויורען — אָדער דערפאַר, וואָס אין דעם אויער פון יעדען אידען קלינגען מיטעללענדישע טענער אַזוי היימיש — פראַנצויזיש איז פאַר מיר שטענדיג געוועזן עפּעס אַ מין „דערמאָנונג".

„פּערמעטע מ'סיע" — די דאַמע אין דעם האָטעל, וואו איך האָב געוואוינט — אין דער פאָרשטאָט וועדאַזאָ, אַ האָטעל געבויט ווי אַ מאָנאַסטיר, צווישען קוסטעס פון בלומען, אין שאָטען פוןביימער, און שטיל ווי אויף אַ בית־הקברות. די דאַמע האָט גע־וואוסט, אַז איך בין אַ פרעמדער און זיך משער געווען אַז איך בין „אומגעפער" אַ פראַנצויז. ווי אַן „אַמעריקאַנער" האָב איך אין איהרע אויגען ניט אויסגעזעהן, און דער ענין „איד" איז איהר גאָר ניט איינגעפאַלען.

איך האָב זיך דערפרעהט — כאַטש אויף אַ ווייל באַפרייען מיין צונג פון די „שפּאַנישע שטיוועל". עס האָט זיך אייגעטליך גע־האַנדעלט בלויז וועגען זאַלץ, וואָס זי האָט געבעטען — זאַלץ אָדער צוקער — יעדע הקדמה איז גוט.

מיר האָבען זיך צערעדט, מיר האָבען זיך באַקענט. אַ פראַנ־צויזישע דאַמע פון בעלגיע — דער גורל האָט זי פאַרשיקט קיין האַוואַנאַ, ווי זי זיצט שוין עטליכע יאָהר און וואַרט — וואַרט אויף אַ נס.

זי רופט מיר אָן איהר נאָמען — און איך ווער פאַרגאַפּט. „איז דאָס מעגליך", פרעג איך זי, „אָדער איז דאָס בלויז צוגעטראַכט?" און זי שאָקעלט טרויעריג מיט דעם קאָפּ: „ניט צוגעטראַכט, נאָר טאַקע ווירקליכקייט. יאָ, איהר האָט ניט קיין טעות — מיין נאָ־מען איז איינער פון די עלטסטע אין אייראָפּע — דאָס הייסט, אייגענטליך, ניט מיינער, נאָר מיין מאַנ'ס. יאָ, איהר האָט ניט קיין טעות, מיר שטאַמען פון אַן אַלטער ווענעציאַנער משפחה — געווען דאָזשען פון ווענעציע אין דער משפחה, און פויפּסטען — און דער עלטער־עלטער־עלטער . . . זיידע איז דער קייזער פון רוים, דער שאַפער פון די אַלע געזעצען וואָס די מערב־וועלט באַזיצט. און אַט אַזוי האָט די פאַמיליע געוואָגעלט און געוואַנדערט — פון רוים קיין ביצאַנץ — קיין ווענעדיג — קיין שפּאַניע — ביז זי האָט זיך דערשלאָגען קיין קובאַ, און דאָרט — פון דער גרויסער אַריסטאָ־קראַטיע. דער מאַן — אַ הויכער דיפּלאָמאַטישער באַאַמטער אין בריסעל — דאָרט זיך געטראָפען מיט איהר, מיין באַקאַנטער, חתונה געהאַט. אָבער איהר גליק, קובאַנער גליק — פאַרמאַכטע לאַדענס, אייפערזוכט, האַרעם־לעבען — ביז דאָס אַלטע בלוט האָט אָפּגעשפּילט אַ שפּיצעל: דער מאַן איז משוגע געוואָרען. דער אוראַלטער בוים איז מיד געוואָרען. ער — דאָס אייניקעל פון דעם רוימישען קייזער — אין אַ משוגעים־הויז! זי, די בעלגיערין, זיצט אין האַוואַנאַ און וואַרט — אויף באַפרייאונג.

מיר רעדען, מיר לייענען די לעצטע ווערק פון דער פראַנ־צויזישער ליטעראַטור: זשיד, מאַריאַק און מאָנטעליאַז און מאַלראָ, קאַטוילישע, קאָמוניסטישע — זי ווייסט אַלץ, זי איז גאַנץ איי־ראָפּייערין.

„מאַדאַם, אפשר וועלען מיר געהן היינט אויף דער נאַכט אין אַ

מוּאווי? מאַרלען דיטריך שפּילט „דער גאָרטען פון אַלאַה".
„איך וואָלט געוואָלט, אָבער איך האָב מורא —".
„פאַר וועמען?"
„פאַר קובאַ! איהר ווייסט גאָר ניט, וואָס פאַר אַ מיטעל־אַלטערליכע אַטמאָספערע דאָ איז נאָך אַלץ".
איך רעד איהר צו. מיר געהען.
אָבער אויפ׳ן צווייטען מאָרגען: „העלאָס, מ׳סיע! ליידער, מיין הער, בין איך געווען גערעכט. שוין דריי טעלעפאָנען היינט אינ־דערפרי, און — איהר האָט געזעהן די שוואַרצע קאַרעטע מיט דער דאַמע אין שפּיצען — דאָס איז די שוועגערין — אויך פון דעם קייזער׳ס משפחה — איהר פאַרשטעהט — עפּעס אויגען האָבען אונז געזעהן, און האַוואַנאַ — די פאַרשלאָסענע, אַריסטאָקראַטישע האַוואַנאַ — געהט שוין כאַדאָראַם".
„מאַכט אַ מין פראַנצויזישע רעוואָלוציע? 1789 אין 1937!"
„איהר לאַכט, מ׳סיע — איהר האָט נאָך קיינמאָל ניט פאַר־זוכט צו זיין דער קייזער פון רוימ׳ס אַן אייניקעל אין האַוואַנאַ!"
און די „קייזערליכע" געפאַנגענע איז אַוועק אין איהר חדר לייענען — רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור.

פעברואַר 20, 1937

5

## די שטעקעלאַך פון ניאַניגאַ

„טאַ־טאַ־טאַק, טאַק־טאַק־טאַ" — פּרואווט נעהמען צוויי גלאַט געטאָקטע שטעקעלעך און קלאַפּען איינעם אָן דעם צווייטען אין טאַקט — און איהר וועט פאַרשטעהן וואָס דאָס מיינט, צוויי שטעקעלאַך פון אַ באַראַבאַן, געשאַפען און באַשטימט אָפּצוקלאַפּען דעם טאַקט אויף דעם געשפּאַנטען פעל — אָבער דער באַראַבאַן פעהלט, מען מוז זיך איהם צוטראַכטען — ער איז אין דער פאַנטאַזיע.
אָבער אַט אַזוי — איבער גאַנץ קובאַ, פון פריה ביז שפּעט אין דער נאַכט, קלאַפּען די שטעקעלאַך. וואו איהר זאָלט ניט זיין — אין אַ רעסטאָראַן, ביי אַ קאַפע גלאַט אויף דער גאַס, אויפ׳ן ברעג פון ים — אומעטום די אומפאַרמיידליכע שטעקעלאַך פון זייער טאַקט־געקלאַפּ.
און עס מאַכט ניט אויס ווי גרויס דער אָרקעסטער איז —

צי דאָס איז אַ גאַנצער „דזשעז־בענד״, מיט פויקען און טרומפּיי־טען און אפילו אַ סאַקסאָפאָן, צי דאָס איז בלויז איין שוואַרצער אָדער מולאַט — מיט אַ פידעלע אָדער אַ פלייט — דער באַגלייטער מיט די צוויי שטעקעלאַך פעהלט ניט. עס איז דער „אָבליגאַטאָ״ פון יעדען שפיל.

אויף דער „פּלאַיאַ״, ביי די בודקעס, וואו מען טרינקט ביר אָדער קאָקאָקאָלאַ און מען הערט נעגער אימפּראָוויזירען, שטעהען צוויי „אַפריקאַנער״. זיי ווייסען שוין — קוים פאָהרט־צו אַן אויטאָמאָביל, קוים דערנעהנטערט זיך גלאַט אַ גאַסט — זיי זיינען שוין דאָ מיט זייער ברייטען שמייכעל. איינער איז אַ „פּאָעט״ — ער זינגט — ד. ה. ער אימפּראָוויזירט לידער־גראַמען אויף וואָס איהר ווילט נאָר — צעהן מינוט אָדער אַ גאַנצע נאַכט — און דער צווייטער מיט די שטעקעלאַך, אַריבערגעלייגט איינס איבער דעם צווייטען, ווי אַ צלם — קלאַפּט צו דעם טאַקט.

איך הער זיך איין. די גראַמען הינקען, די מעלאָדיע איז איינטאָניג ווי די סטעפּעס פון אַפריקע, אָרים די ווערטער, מאָגער און הייזעריג דער קלאַנג — אָבער די שטעקעלאַך: „טאַק־טאַק־טאַ — טאַ־טאַ־טאַק״.

איך רייס איבער די אימפּראָוויזאַציע, און די מוזע איז זיך מחיה, וואָס מען לאָזט זי אָפּ פריי — און רוף די שפּילער צו נעהנטער. „פון וואַנען האָט איהר די שטעקעלאַך — וואָס איז דאָס פאַר אַ צוקלאַפּ?״ אָבער די צוויי שוואַרצע שמייכלען נאַריש און ווייסען ניט וואָס צו ענטפערען. „איך ווייס — אַזוי איז דאָס ביי אונז — נאָך פון די ניאַניגאַ״ — זאָגט דער שטעקעל־קלאַפּער, אָבער דער אימפּראָוויזאַטאָר — ווייזט אויס דער עלטערער און קליגערער — טרעט איהם אויפ׳ן פוס: „קעטאַ — זיי שטיל, דו״ — און איז איהם מכבד מיט אַן אומצענזורישען קובאַנער טיי־טעל. און דער שטעקלער פאַרבייסט די ליפּען און געהט אַוועק.

„וואָס איז דאָס ניאַניגאַ?״ — פרעג איך ווייטער ביי דעם „פּאָעט״, און אַ מטבע לייכט־אויף פאַר זיינע אויגען. „עט, סע־ניאָר — ווער ווייס וואָס דער נעגער רעדט דאָרט. אַפריקאַנישע נאַרישקייטען — איהר פאַרשטעהט, מיר קובאַנער, מיר גלויבען שוין ניט אין אַזעלכע זאַכען, אָבער זיי...״

איך זעה, די פיס ברענען פשוט אונטער דעם אָרימען מולאַט,

און איך לאָז איהם געהן. סיי־ווי־סיי — מעהר וועל איך פון איהם ניט געוואויר ווערען.

מיינע פריינט — פאַרשטעהט זיך — האָבען דערפון קיינמאָל ניט געהערט. סוף־כל־סוף זיינען זיי דאָך אַלע „גרינע״, פרעמדע, ערשט עטליכע יאָהר אין לאַנד — און עס ליגט זיי ניט אין קאָפּ צו מאַכען אַנטראָפּאָלאָגישע שטודיעס.

אָבער איינער פון מיינע באַקאַנטע — אַ תושב און אַ קענער פון קובאַ — האָט מיר אָנגעהויבען צו דערצעהלען. און ער אַליין — ווי ער האָט זיך מודה געווען — ווייסט נאָך אויך ניט אַלץ:

געקומען פון אַפריקע גאַנצע נעגער־שבטים אויף דער אינזעל פון צוקער און טאַבאַק. שקלאַפען — אין קייטען — אָבער זיי זיי־נען שוין געוואוינט געוואָרען דערצו פון דער היים, און זיי האָבען זיך דערפיהלט היימיש אין קובאַ. כמעט די אייגענע זון ווי אין אַפריקע, אויך בלויער הימעל און פּאַלמען און געדיכטע וועלדער — און סודות. זייערע בעלי־בתים, די שפּאַניער, אויך אַבער־גלוביש, פאַרגלויבט אין כישוף ,אין רוחות און שדים — און די „אַפראָ־קובאַנער״ האָבען אַריבערגעטראָגען קיין קובאַ זייער גאַנ־צען רעליגיעזען באַגאַזש. אויבענאויף קריסטען — קאַטוילייקען — אָבער אין תוך נאָר אונטערטעניג צו די אַמאָליגע געטער — צו עקוע, טשאַנגאָ און יעמאַיאַ — די טריניטעט פון דער אַפריקאַנער טעאָלאָגיע.

גייסטער פון הימעל, וואַלד און ים — גייסטער וואָס געהען נאָך דעם מענשען אין דער נאַכט — מען פאַרטרייבט זיי מיט דעם טאָם־טאָם פון די באַראַבאַנען, מיט דעם געקלאַפּ פון די שטעקע־לאַך — מען רופט זיי מיט טאַנץ.

די אַפריקאַנער רעליגיע האָט זיך באַהאַלטען הינטער דעם אַל־טאַר פון דער קירך, די שטעקעלאַך — דער קרייץ אין זיינע עלעמענטען — ווען די צוויי העלצלאַך זיינען נאָך ניט צונויפגעצ־נאַגעלט. בייטאָג — קאַטוילישע גייסטליכע, אָבער ביינאַכט, אָבער דעם גרעסטען כח — ביי די ניאַניגאַס, די „מכשפים״. אין די נעגער־קוואַרטאַלען, אין די „קאַמפּאָס״ — אויף די צוקער־פּלאַנ־טאַציעס, אין דער כמעט אויסשליסליך נעגערשער פּראָווינץ „אָריענטע״ — דאָרט פּראַווען די „ניאַניגאַס״ אין טיפער נאַכט, אין די וועלדער, אויף איינזאַמע פעלדער, זייערע אוראַלטע, אַפרי־קאַניש־ווילדע ריטואַלען.

טאַם־טאַם — דער באַראַבאַן, טאַק־טאַק — דער צענימענער צלם — און נעגער־פיס קלאַפּען, נעגער־קערפּערס דרעהען זיך אין עקסטאַז.

„איך קאָן אייך ניט ווייזען דעם אמת'ן נעגער־ניאַניגאַ" — זאָגט מיר מיין קובאַנער פריינט. „די פּאָליציי פאַרפאָלגט זיי, אָבער איך וועל אייך ווייזען אַן אימיטאַציע — וואָס איז כמעט ווי עכט".

און מיר געהען אַוועק — שפּעט ביינאַכט, ערגעץ־וואו ווייט, עק שטאָדט — אין אַן אַזוי־גערופענעם „אַפראָ־קובאַנישען קאַבאַרעט". געוויס — בלויז אַ קאַבאַרעט, פאַר געלט, פאַר טוריסטען — פאַר אַמעריקאַנער וואָס שכור'ן זיך אַן און זינגען „סוויט אַדעליין" — אָבער אַפריקע לאָזט זיך ניט אונטערדריקען אפילו פון אַמעריקע.

די מוזיק שפּילט — זיי זאָגען, עס איז אַ „רומבאַ" — אָבער דער טאָן, דער טאַקט איז אַזוי אַנדערש ווי אין די סאַלאָן־רומבאַס, אַז איך דערקען כמעט ניט די מעלאָדיע. צוויי נעגערס טאַנצען. ער — אַנגעטאָן אין אַ רעקעל פון ווייסע שפּיצען — אַזוי קונציג געמאַכט, ווי זיי וואָלטען געווען צונויפגענייטע פעדערען פון אַ שטרויס; זי — אין אַ ווייסען קלייד מיט אַ שלייף. ער טאַנצט אַנטקעגען איהר. דערנעהנטערט זיך, דערווייטערט זיך, שטויסט זי אָפּ, דריקט זי צו — זי ווערט שקלאַפישער, שטרעקט אויס די הענט, בעט זיך — ער טאַנצט אַרום — שטאָלץ און קעהרט־אָפּ דעם קאָפּ. און אָט פאַלט זי אויף דער ערד — וואַרפט זיך אונטערטעניג איהם צו די פיס. ער שטעהט אַ ווייל — הויבט זי אויף — און זיי דרעהען זיךביידע אין אַ ווילדען קרייז־טאַנץ.

עס ענדיגט זיך דער „אַפריקאַנישער וואַלץ" — עס ווערט שוין שפּעט — די נאַכט איז הייס, צווישען די ביימער שושקען זיך פאַרלעך, אפילו די שיכור'ע אַמעריקאַנער זיינען פאַרכאַפּט פון דעם ריטם. און פלוצלינג דערהערט זיך: „טאַם־טאַם" — באַראַבאַנעס קלאַפּען, טאַק־טאַק — שטעקלאַך איינס אויף איינס, און פון ערגעץ־וואו — די לבנה פאַרזילבערט און פאַר'כישופ'ט אַלצדינג אַרום — פון ערגעץ־וואו דערהערען זיך טריט־טריט. איך קוק אויף אַלע זייטען — זעה גאַרנישט. אָבער פלוצים פון אַ גאָרטען — אַ פּראָצעסיע:

פאַראויס נעגערס מיט לאַמטערנעס — באַמאָלט ווי מאַס־

קעס פון אידעאַלען; נאָך זיי שרענגעס פרויען — אָהן אַן אָר־דענונג. ווייזט זיך אויס — דרייסיג אָדער מעהר, פיר־פינף אין אַ שרענגע — ווי אַן אומענדליכע מחנה. און צולעצט מענער — מיט פאַהנען, מיט שטעקענס — און אויפגעהויבענע הענט. די מוזיק שפּילט עפּעס אַ ווילדע מעלאָדיע, איך הער ווערטער — אָדער עס ווייזט זיך מיר אויס אַז איך הער: „עקוע אולאַ אַקאַ־נאַכאַן" — וואו די פּאַלמע דאָרט דער כישוף־גייסט. דער זינגער קוויטשעט, דער באַראַבאַן קלאַפּט, די שטעקעלאַך טאַקען — און די טענצער דרעהען זיך אין טאַנץ: איין טריט אויף רעכטס, איינער אויף לינקס, און אַ וואָרף מיט'ן קערפּער אויף צוריק — ניט קיין טריט מיט'ן פוס אַליין, נאָר מיט'ן גאַנצען לייב. אַלץ עקסטאַ־טישער דער געקלאַפּ, אַלץ הייסער דער געוואָרף פון די לייבער — און באַלד דרעהען זיך אַלע — און איך פיהל, אַז מיינע איי־גענע אברים הויבען זיך אָן צו קרימען — באַלד־באַלד געה איך אין דעם אַפריקאַנער „קאַראָהאָד".

פון דער נאַכט — פון ערגעץ־וואו געקומען — און אַזוי אין דער נאַכט — ערגעץ־וואו פאַרשוואונדען.

„אַט דאָס רופען זיי קאָנגאָ־טאַנץ" — ערקלערט מיר מיין פיהרער. „און דאָס איז נאָך אַ ציוויליזירטע אויסגאַבע פאַר אַ קאַבאַרעט. היינט מאַלט אייך אויס — ווען עס ווערט געטאַנצט אין פעלד — צווישען און פאַר נעגערס — בנאמנות, ניאַניגאַ איז די איינציגע מאַכט צווישען די שוואַרצע אין קובאַ".

„און די שוואַרצע זיינען דאָך אין דער מערהייט! אַ יאָ?"

„געוויס — און דאָס איז טאַקע דער שווערסטער פּראָבלעם פון קובאַ. מען פּרוּווט איהם איגנאָרירען, מען וויל אָן איהם פאַר־געסען. אָבער ער לעבט. די „רעוואָלוציע" אונטער דעם פּרע־זידענט גריו סאַן מאַרטין איז אין תוך געווען אַן אויפשטאַנד פון די שוואַרצע, און דער עיקר פון די מולאַטען. מען האָט איהר אָפּגעשלאָגען — אָבער אויף ווי לאַנג? פריהער אָדער שפּעטער — ווערט קובאַ דאָך אַפריקע אויף שפּאַניש. און ניאַניגאַ וואַרט אויף זיין שעה. און איהר וואונדערט זיך נאָך, פאַרוואָס עס איז אַזוי שווער צו פאַרשטעהן קובאַ?"

איך האָב איהם געוואָלט ענטפערען, מיין קובאַנער פריינט — אַז דאָס איז ניט בלויז אַ קובאַנישער פּראָבלעם — אַז ניאַניגאַ, די כישוף־קולטור האָט רעוואָלטירט איבער דער גאַנצער וועלט —

און מיר צאָהלען דעם פּרייז דערפאַר. אָבער עס איז געווען צו־שפּעט — און איך בין געווען צו־מיד פאַר דיסקוסיעס. די שטע־קעלאַך האָבען מיך פאַשלעפּערט — די שטעקעלאַך פון דעם צע־נומענעם צלם.

6

## דער שולדיגער פון מאַסאַראַ

מיינע אידישע פריינט האָבען מיר ניט געגעבען קיין רוה, זיי האָבען געוואָלט ענטפערס אויף פּראָבלעמען. בעט איך זיך ביי זיי: „מיינע פריינט, קוקט — די שטערען גלאַנצען אַזוי גאָלדיג אין דעם טראָפּישען הימעל — די לופט איז אַזוי ווייך — און איך בין אַזוי מיד פון טראַכטען — לאָזט מיך פאָהרען מיט אייך גלאַט אַזוי — זינגט לידער, זינגט ווי אַמאָל, איהר געדענקט? — „סיבאָ־נעי, אָי טו קיערא" — אָדער דאָס ליד פון דער מולאַטקע..."

אָבער מיינע פריינט ווילען זייער פונט פלייש. און זיי זיינען אויך גערעכט. זיי זיינען איינזאַם אין קובאַ. דאָס לעבען איז אָרים און וואָכעדיג — און זיי ווילען אויך אַביסעל "התעוררות".

זיי זיינען יונג — רעלאַטיוו. דער גאַנצער קובאַנער ישוב איז נאָך — רעלאַטיוו — אַ יונגער, צווישען דרייסיג און פערציג — קוים עלטער. אַ פערציג־יאָהריגער איז שוין דאָרט פון די „זקני קובא". יונג בלוט — טראָפּיש איבערגעקאָכט — און יונג בלוט וויל — דעם אַבסאָלוט.

אפילו דעם אַבסאָלוטען יושר און גלויבען. פרעגען זיי ביי מיר — פינף מענשען אין איין מאַשין — איינער כמעט אויף דעם צווייטען: „זאָגט אונז, ערקלעהרט אונז, מיר קאָנען ניט לעבען אין ספק".

„וואָס פלאָגט אייך אַזוי, מיינע פריינט, וואָס פאַר אַ וועלט־פּראָבלעמען נאָגען אייך? — לאָמיר זיך שוין פלאָגען אינאיינעם".

און זיי רעדען — כמעט אַלע אויפאַמאָל: „דער פּראָצעס ראַדעק, פּיאַטאַקאָוו, ראַסקאָלניקאָוו, טראָצקי, די זיבעצעהן".

עס זיפצט זיך מיר אַרויס טיף און אויפריכטיג. גראַד וועגען דעם האָב איך ניט געוואָלט רעדען, אפילו ניט טראַכטען. דורכגע־לייענט אין די קובאַנער צייטונגען — אַזוי קורץ ווי זיי האָבען

עס דאָ געמאַכט — די נייעס, און דערוויטערט זיי פון מיין באַ־וואוסטזיין. צו שווער — צו משא׳דיג.

אָבער מיינע פריינט שטעהען צו מיר צו. פאַר זיי איז דאָס אַ פּראָבלעם פון אַבסאָלוטען יושר. „ווי קאָן מען לעבען, ווי קאָן מען גלויבען, ווען אַזוינס קאָן פּאַסירען? ווי קאָן מען גלויבען, ווען אַזעלכע גרויסע מענשען זיינען זיך מודה אין אַזעלכע פאַר־ברעכענס?״ — פרעגט ביי מיר איינער פון די מיטפאַהרער — און זיין קול ציטערט פון פאַרהאַלטענעם געוויין.

איך וויל זיך ניט אַריינלאָזען אין חקירות, און סוף־כל־סוף, וואָס ווייס איך מעהר פון זיי? אויך אַפּגעריסען — אויך אַ וויטער — און דערצו פעהלט מיר נאָך בכלל דער רעספּעקט פאַר אַט די „גרויסע מענשען״, פאַר די און פאַר די אַנדערע אויף דער אַנדערער זייט באַריקאַדע.

אָבער — „איהר ווייסט, מיינע פריינט, איך וועל אייך דער־צעהלען אַ קליינע מעשה. זי האָט אַ שייכות צו אייער לאַנד. געכטען בין איך אַרויסגעפאָהרען מיט אַ באַקאַנטען אין איינעם פון די אינטערעסאַנטסטע פלעצער, וואָס קובאַ פאַרמאָגט. איהר קענט דאָך מן־הסתם אַלע דעם אָרט. זיין נאָמען איז — מאַסאַראַ, און עס איז אַ שטאָדט פון משוגעים. איהר ווייסט דאָך — אין פּאַוויליאָן נאָך דעם צווייטען — איינער פאַר גרינגע, אַן אַנדערער פאַר שווערע קראַנקע. קליינע שטיבלעך פאַר משוגעים וואָס זיינען רוהיג און אומשעדליך, הויפען מיט שטייגען פאַר ווילדע. וואו איהר טוט אַ קוק — משוגעים אין זייערע בלויע קיטלען.

„ווי איהר ווייסט, האָב איך אין מיין יוגענט געלערנט פּסי־כיאַטריע און האָב אַ געוואַלדיגען אינטערעס פאַר דעם פאַך. וואו איך קום נאָר — באַזוך איך משוגעים־הייזער, און פאַרשטעהט זיך — איך האָב געמוזט אויסנוצען די געלעגענהייט צו זעהן די באַריהמטע מאַסאַראַ.

„אַ יונגער און פיין־געקליידעטער דאָקטאָר האָט מיך אַרומגע־פיהרט, געוויזען מיר אַלערליי „פּאַלען״. האַלבע און גאַנצע אי־דיאָטען — „מוטיסטען״, משוגעים וואָס ווילען ניט רעדען, און פאַרקעהרט „פּסיטאַקיסטען״ — משוגעים, וואָס האַלטען אין איין רעדען ווי פּאָפּוגייען. געווען עטליכע אינטערעסאַנטע פּאַציענטען

— טראַפּישע וואַריאַנטען פון משוגעת — אָבער איך וויל אייך ניט באַלעסטיגען מיט די דעטאַלען.

„איך וויל אייך נאָר ווייזען איין פּאַציענט — דער וועט אייך פאַראינטערעסירען. מיר רופען איהם „דער שולדיגער פון מאַסאַ־רא". און דער דאָקטאָר פיהרט מיך אַריין אין אַ פּאַוויליאָן. דאָרט — צווישען טעמפּע און גלייכגילטיגע קראַנקע — איינער אויף אַ בעטעל. דער קאָפּ אַראָפּגעלאָזט — אויף די הענט קייטען — „קיינער האָט זיי איהם ניט אָנגעטאָן, ער אַליין האָט זיך געבעטען" — זאָגט מיר דער דאָקטאָר.

„מיר געהען צו איהם צו — ער קעהרט זיך אָפּ. דער דאָק־טאָר נעהמט איהם ביי די פּלייצעס: „העי, כואַן פּעדראָ — זיי דאָך ניט אַזוי גראָב — דאָ קומט צו דיר אַ גאַסט פון אַמעריקע, ער וויל דיך זעהן".

„כואַן פּעדראָ — אַ בלאַסער, מיט אַ שאַרפען שפּאַנישען פּנים —דרעהט־אויס צו מיר דעם קאָפּ, שטרעקט אויס די געפּענטעטע הענט: „גוט — איך בין זיך מודה — איך בין שולדיג — איך האָב איהם גע׳הרג׳עט".

„וועמען?"

„וועמען? — לינדבערג׳ס קינד — דעם פּרעזידענט מעקינלי — איך בין שולדיג — נו, שיסט מיך — איך בעט אייך..."

„איינער פון די מערקווירדיגסטע פּסיכישע אַבנאָרמאַליטעטען, וואָס איך האָב ווען עס איז געזעהן" — זאָגט מיר דערנאָך דער דאָקטאָר אויפ׳ן וועג צוריק. „מיר רופען איהם דער שולדיגער פון מאַסאַראַ — אָדער אַמאָל אויך דער „דאָסטאָיעווסקי", אַ מאַ־ניע פון באַשולדיגען זיך אַליין, פון אויסטראַכטען אויף זיך אַלערליי בלבולים, פון נעהמען אויף זיך אַלע אַחריות׳ן. ער פיהלט זיך פאַראַנטוואָרטליך פאַר אַלצדינג — און דערפאַר — אויך שולדיג אין אַלעמען".

„וואָס איז דער מאָטיוו פון דער קראַנקהייט, וואָס איז איהר הינטערגרונט?" — פרעג איך דעם דאָקטאָר.

„און ער דערצעהלט מיר, אַז דאָס איז אַמאָל געווען אַ פּאָלי־טיקער, מיט אַ גרויסער פאַנטאַזיע און נאָך אַ גרעסערער אַמ־ביציע. ער האָט אַזויפיל געוואָלט נעהמען אויף זיך — ביז די כלי האָט געפּלאַצט. און איצט..."

מיינע פריינט האָבען פאַרשטאַנען דעם משל. זיי זיינען אָבער ניט געווען צופרידען. וואָס הייסט: רוסלאַנד — מאַסאַראַ, וועלט־פיגורען — פאָליטישע מאַניאַקען? זיי האָבען געוואָלט אָנ־הויבען אַ דיסקוסיע, אָבער פלוצלינג האָט איינער פון זיי באַמערקט אַ מאַשין, וואָס איז נאָכגעפאָהרען — און האָט אָנגעשטעלט איהר ליכט אויף אונז. שש... דאָס זיינען „ג׳ס״ חברה, און שטיל אין אויער: „געהיים־פאָליציי פאָהרט אונז נאָך — לאָמיר בע־סער אויפהערען רעדען״.

און איך בין דאָס איינציגע מאָל אין מיין לעבען געווען דאַנק־באַר פאָליציי־אַגענטען — זיי האָבען איבערגעריסען אַן איבעריגען שמועס וועגען פראַגען, וואָס קיינער קאָן ניט פאַרענטפערען — דערוייל.

פעברואַר 21, 1937

# די מוטער רחל פון מעקסיקאָ צווישן די רואינען

שווער צו אָטעמען אין דער שטאָדט. מעקסיקאָ אַזוי הויך, אַז די לופט ווערט שיטער און דאָס האָרץ פּלאַטערט, און יעדער איבעריגער שריט מאַכט מיד. עס גלוסט זיך צו ליגען אין האַלב־שלאָף, ליגען און חלום׳ען וועגן איבעריגע זאַכען, וועגען פאַר־גאַנגענעם, וועגען דעם וואָס איז פאַרשוואונדען ערגיץ־וואו הינטער די בערג, הינטער די ווייסע באַרגשפּיצען, דעם פּאָפּאָקאַטעפּעטל און דעם אישקאַציוואַטל. מערקווירדיגע נעמען. דערמאָנען מיך אין די ווייטע קינדער־יאָהרען, אין דעם דינעם ביכעל פון געאָגראַפיע; נעמען ווי פון אַ לעגענדע אַרויס, אַזוי אומרעאַל, פּאַרוואַלקענט. פּאָפּאָקאַטעפּעטל, אישקאַציוואַטל. אַזוינס קאָן דאָך ניט זיין אין דער ווירקליכקייט. דאָס זיינען דאָך צוגעטראַכטע נעמען, כדי צו מאַטערען קליינע קינדער אָדער רייצען די פאַנטאַזיע פון פּאָעטישע אינגלאָך.

אָבער אָט זיינען זיי, די צוויי ווייס־שימערירענדיגע בערג. קוקען אַזוי ערנסט, אַזוי ממשות׳דיג־ווירקלאָך אַראָפּ אויף דיר. און דאָך, עפּעס ניט פון דער וועלט. צוויי ריזען פון פאַרצייטענס, איבערגעבליבען פון אַ צייט, ווען די וועלט איז נאָך געווען אַנדערש. איך ווייס ניט — פרישער, גרעסער, שוידערליכער אָדער פאַנטאַס־טישער. אַנדערש, יעדענפאַלס.

אָדער אפשר אויך דאָס בלויז אַן איינבילדונג. תמיד אַזוי געווען, שטענדיג אַזוי זיך, די אייגענע תהום־שטילקייט, און בלויז צווישען די שטיינדלאָך ביים וואַסער־ברעג מענשען־מור־ראַשקעס, וואָס לויפען אַהין און אַהער, לויפען, מיהען זיך און ווערען פאַרזונקען אין דעם תהום.

איך בין מיד, אָבער עס לאָזט מיך ניט רוהען. מעקסיקאָ רופט, דער צויבער פון דער אַלטער, סאַגאַ־פאַרפלאָכטענער שטאָדט לאָקט און איז גובר מיין מידקייט.

איך שפּאַן איבער די גאַסען און געסלאָך פון מעקסיקאָ. עס איז הייס. נאָר־וואָס האָט, ווי אין די איצטיגע רעגען־חדשים, אַ גאָס־געטאָן אַ רעגען, אָפּגעפרישט די לופט, און ווען נאָר דאָס

האַרץ וואָלט ניט אַזוי געפלאַטערט, וואָלט עס זיך אַזוי גרינג גע־גאַנגען איבער די שמאָלע, לאַנגע, ווירעדיגע גאַסען פון דער „שטאָדט פון פּאַלאַצען", ווי זיי רופען די הויפּט־שטאָדט אין דער קלינגענדער און רעטאָרישער שפּאַנישער שפּראַך.

און דאָס מאָל איז דאָ זין אין דער פראַזע און ממשות אין דער מליצה. אַ שטאָדט פון גרויסאַרטיגען ווילען און פאַרכאַפּענדער ראָמאַנטיק, פון אַ באַרבאַרישען חלום, וואָס איז געוואָרען ווירק־ליכקייט.

הויך אויף אַ באַרג — דאַכט זיך, די העכסטע, אָדער איינע פון די העכסטע שטעדט פון דער וועלט — איז מעקסיקאָ אַ באַשטע־טיגונג אין אייזען און שטיין פון דעם אַלט־קאַסטילישען, שטאָל־צען וואָרט: „ווער עס וויל — קאָן". אַ קליין הייפעלע שפּאַנישע אַוואַנטוריסטען, הערנאַן קאָרטעס, אַלוואַראַזאַ, בענאָוויזעס, א. אַז. וו., הונגעריג נאָך גאָלד און נאָך מאַכט, האָבען זיך אַריינגעוואַגט אין אַ שווער־צוגענגליך לאַנד, איבער בערג, איבער טייכען, אין טראָפּישער היץ, אין שווינדלענדער הויך, אין אַ גוואַלדיג־אָרגאַני־זירטער מדינה פון מיליאָנען מענשען, מיט אַן אַרמיי, מיט דיס־ציפּלין — אין דעם אַצטעקען־לאַנד, און אין אַ קורצער צייט, פון 1519 ביז 1520, האָבען זיי צעבראָכען די מדינה, צעריסען דאָס לאַנד, חרוב געמאַכט די הויפּטשטאָדט טענאָשטיטואַן, און מעקסיקאָ איז געוואָרען אַ שפּאַנישע פּראָווינץ.

ווי אַזוי דאָס האָט געקאָנט פּאַסירען, וואָס אַזוינס איז גע־שעהן אין אַלט־מעקסיקאָ, וואָס האָט געמאַכט אַזוי גרינג די אַר־בייט פאַר די שפּאַניער, איז אַ רעטעניש און אַ וואונדער. די שפּאַניער אַליין האָבען עס ניט פאַרשטאַנען. די אינדיאַנער — נאָך ווייניגער. בלויז אַ פּאָר הונדערט יאָהר צוריק, און אַלצדינג אין נעפּעל. אמת, די היסטאָריקער דערצעהלען, אַז די אַצטעקען־מלוכה איז געווען גרייט צו פאַלען, ווייל געבויט אויף רויב, גע־וואָלט און קאַסטען־צעטיילונג.

מעקסיקאָ איז נאָך ניט געווען קיין לאַנד מיט אַן איין־אייניציג פאָלק, נאָר אַ מין קאָנטינענט, וואו איין־און־צוואַנציג אינדיאַנישע שבטים, אָדער פעלקער, יעדער מיט זיין שפּראַך, זיינע מנהגים, זיינע טראַדיציעס, האָבען געלעבט אין אַלע מעגליכע פאָרמען פון געזעלשאַפט, פון דעם ריינעם נאָמאַדענטום ביז צום שטרענג־געאָרדענטען און געגלידערטען שטאַט. געווען אָטאָמיס און טאַ־

ראַסקאַס, טשיטשימעקען און טאַלטעקען, מאַיאַס און יאַקיס, טלייס־קאַלטעקען און סאַפּאָטעקען, און נאָך, און נאָך. זיי אַלע מיט דער לעגענדע פון וואַנדערונג און פון פּרעמדקייט. פון ערגיץ־וואו זיינען זיי געקומען. פון ווייטע לענדער, פון לענדער אַהן אַ נאָמען, פון יענער זייט ים. אפשר די רעשטלאַך פון דעם פאַרשוואונדענעם קאָנטינענט — דער אַטלאַנטיס. און מען זאָגט, אַז דער נאָמען פון די אַצטעקען, אַצטלאַן, איז אַ רמז אויף זייער אַטלאַנטישער אָפּשטאַמונג. אָדער פון די ווייטע אַזיאַטישע סטעפּעס אַריבער דעם בערינג גאָלף, נאָהענטע קרובים פון די כינעזער און די ווייטע מזרח־פעלקער. ווער ווייסט?

שבט נאָך שבט איז געקומען און זיך באַזעצט אויף די פעלדער און צווישען די בערג פון דער איצטיגער מעקסיקאָ. ביז די לעצטע זיינען געקומען, די מענשען פון מזרח, די מעשיטוס אָדער די אַצטעקען. נאָמאַדען פון אומבאַקאַנטע מקומות, האָבען זיי זיך אָפּגעשטעלט אויף דער הויך־פּלאַטאָ פון מעקסיקאָ, דאָרט וואו דער „אָדלער האַלט אין זיינע נעגעל די שלאַנג", דאָרט וואו דער נאָפּאַל־בוים בליהט, האָבען זיי געבויט זייער ערשטע שטאָדט, טענאָשטיטלאַן, און פון דאָרט זיך פאַרשפּרייט, צעשפּרייט זייערע אָדלער פליגלען און געוואָרען די האַרען פון מעקסיקאָ.

צוויי הונדערט יאָהר געוועלטיגט מיט אַ פחד אין האַרצען: נייע, ווייסע מענשען וועלען קומען פון דעם מזרח און זיי פאַרטרייבען און ירש'ענען דאָס לאַנד. און זיי זיינען געקומען, די ווייסע מענשען פון דעם מזרח.

די שבטים האָבען זיך אויפגעהויבען קעגען דער הערשאַפט פון מאָקטעזומאַ. פינף הונדערט אינדיאַנער זיינען נאָכגעגאַנגען דעם הייפעלע שפּאַניער. און דער לייב פון קאַסטיליע און לעאָן האָט צעריסען דעם אָדלער פון מאָקטעזומאַ. דערנאָך אָבער זיך אַ וואָרף געטאָן אויף די מיליאָנען אינדיאַנער, און זיי אַלע זיינען געוואָרען די קנעכט פון דעם שפּאַניער און פון זיינע געטער.

און אָט שטעה איך אויף דעם „סאָקאַלאָ", דעם הויפּט־פּלאַץ פון מעקסיקאָ. דער צענטער פון דער שטאָדט. דאָ דער „פּאַלאַץ", דער צענטראַל־זיץ פון דער רעגירונג; דאָ די מעכטיגע קאַטעדראַלע; דאָ אויך דער דענקמאָל פון דעם לעצטען קעניג פון די אַצטעקען — מאָקטעזומאַ, דער לעגענדאַרישער, דער פון קאָרטעס פאַרמאַטערטער.

אויף דעם אייגענעם אָרט געשטאַנען אַמאָל דער פּאַלאַץ פון מאָקטעזומאַ, דער הויפּט־טעמפּעל פון דעם גאָט קעצאַלקאָטו, דער גאָט פון זון און פרוכטבאַרקייט. אָבער דעמאָלט, מיט פיר הונ־דערט יאָהר צוריק, געוועזן נאָך אַן אינזעל, אַ לאַגונע, ווי גאַנץ טענאָשטיטלאַן, ווי ווענעדיג, הייזער אויף הויכע דראַנגען — דער באָדען אַ זומפּיגער, פון גאַס צו גאַס פלעגט מען פאָהרען אויף שיפלאַך, „קאַנוס" — אַ שטאָדט אויף זומפּ.

די שפּאַניער האָבען פאַרשיט די קאַנאַלען, אויסגעטריקענט דאָס לאַנד, פאַרפלאַסטערט עס, פאַרפעסטיגט מיט שטיינער און אויפגעבויט פּאַלאַצען — פּאַלאַצען און קירכען.

שטרענגע שפּאַנישע פּאַלאַצען, יעדער ווי אַ פעסטונג; איבער די טויערען אַ הערב, דער אָפּצייכען פון דעם אַלטען אַדעל פון שפּאַניע, אָדער פון די נייע „קאָנקיסטאַדאָרעס", די איינגעהמער פון דעם לאַנד.

איך געה אַריין אין דער קאַטעדראַלע. ריזיג גרויס, גרוי און פוסט. די קירך איז היינט ניט אין בליה — אין דער רעוואָלו־ציאָנערער רעפּובליק פון מעקסיקאָ. ניטאָ קיין גאָלד און קיין דימענטען, ווי אין די אַלע אַנדערע קירכען פון שפּאַניע; אויך ניט קיין זעלטענע בילדער און סטאַטוען. אויך דער סטיל איז ניט אינגאַנצען קאַטוליש־אייראָפּייאיש. עס פיהלט זיך עפּעס אַ צו־מישונג פון אַן אַנדער סטיל, פון אַן אַנדער לעבענסגעפיהל. מען דאַווענט דאָ מיט די ליפּען צו קריסטוס. צו ישוע פון דעם גליל, אָבער ערגיץ־וואו אין דעם אונטערבאַוואוסטזיין קלינגט אַריין דער נאָמען פון קעצאַלקאָטו און פון וויצליפּאָשטלי, די אַלט־אַצטע־קישע געטער. די נעמען האָבען זיך געביטען, דער מהות איז דער אייגענער, ווי מיט פיר הונדערט יאָהר צוריק.

אין אַ ווינקעל, איבער אַן אַלטאַר, הענגט אַ בילד פון דער מאַדאָנאַ. די „מאַדאָנאַ פון מחילה" הייסט זי ביים פאָלק, און אַן אינטערעסאַנטע לעגענדע שוועבט אַרום איהר.

געלעבט אַמאָל אין מעקסיקאָ, אין דעם זעכצעהנטען יאָהר־הונדערט — דערצעהלט די פאָלקס־מעשה — אַ איד, אַזוי פאַר־עקשנ'ט אין זיין גלויבען, אַז די הייליגע אינקוויזיציע האָט זיך געמוזט אָננעהמען פאַר זיין זינדיגער נשמה און איהם ראַטעווען פון דעם אייביגען גיהנום. האָט מען איהם, פאַרשטעהט זיך, איינ־געזעצט אין דער אונטערערדישער טורמע, וואו די אינקוויזיציע

פלעגט האַלטען איהרע אומגליקליכע קרבנות. דער איד איז אָבער געוועזען אַזוי האַרט און שטאָלץ ביי זיך, אַז ער האָט מיט קיינעם ניט געוואָלט רעדען און זיך ניט מודה זיין אין זיינע זינד. ביז איין שעהנעם טאָג האָט דער איד געבעטען דעם וועכטער, ער זאָל איהם געבען אַ פּינזעל און פאַרבען מיט אַ שטיק לייווענט, ער זאָל קאָנען מאָלען און פאַרברענגען די צייט ביז ער וועט פאַרברענט ווערען אויף דעם שייטער־הויפען. דער וועכטער האָט עס איהם געבראַכט, און דער איד האָט אָנגעהויבען צו מאָלען. און ווי פון זיך אַליין האָט זיך אָנגעהויבען צו מאָלען ביי איהם אַ בילד פון דער מאַדאָנאַ. אַזוי שעהן, אַזוי זיס און מילד, ווי מען האָט עס נאָך קיינמאָל ניט געזעהן אין מעקסיקאָ. די קונסט פון איטאַליע און פון פלאַנדערן, וואו דער איד האָט פריהער געלעבט, האָט זיך פאַרשמאָלצען אין דעם בילד. און ווען דער אינקוויזי־טאָר האָט דערזעהן דאָס בילד, האָט ער זיך ניט געקאָנט אָנגאַפען. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַ מופת, אַ וואונק פון דער מאַדאָנאַ. און זיין האַרץ איז ווייך געוואָרען; אָבער דעם אידען'ס האַרץ אויך. איהם האָט זיין אייגען ווערק געמאַכט פאַר אַ גלויביגען קריסט. מען האָט איהם באַפרייט, דאָס בילד אָבער מיט דעם נאָמען „די מאַדאָנאַ פון דער מחילה" האָט מען אויפגעהאָנגען איבער דעם אַלטאַר אין דער קאַטעדראַלע.

אַ נאַאיווע לעגענדע, אָבער וויפיל בלוט, אידיש בלוט, קלעפּט אַרום איהר, בלוט נאָך ניט אָפּגעווישט פון דער צייט!

* * *

איך געה ווייטער איבער די גאַסען. דאָ איז טאַקובריי, די גאַס וואו קאָרטעס איז אַריין קיין מעקסיקאָ; דאָרט אַנדערע גאַסען מיט אַלטע, קאַטוילישע, שפּאַניש־ריטערליכע און אַלט־מעקסיקאַנישע נעמען.

די „גאַס פון דער מינץ". דאָרט איז דער מוזעי. אַ קליינער הויף, אַ זאַל מיט עטליכע שטיינער. אין די שטיינער איז — אַלט־מעקסיקאָ.

אַ ריזען שטיין פאַרנעהמט דעם הויפּט־אָרט. קיילעכדיג, אַ מאָנאָליט, פון איין בלאָק, דער באַרימטער אַצטעקישער קאַלענדאַר. אַ קונציגע, זעהר קאָמפּליצירטע סקולפּטור. אָדלערס און שלאַנ־גען, מענשען־קעפּ מיט שלאַנגען־האָר, אַרום די פיגורען צייכענס.

אַן אַרכעאָלאָג, וואָס געהט מיט מיר, אַ זעהר פריינטליכער און הויך־געבילדעטער פּראָפעסאָר פון דעם אוניווערזיטעט, דער־קלעהרט מיר די באַדייטונג פון די פיגורען און פון די סימבאָלען. אָבער איך הער זיך צו מיט אַ האַלבען אויער. איך האָב ניט קיין אינטערעס פאַר דעם אַצטעקישען קאַלענדאַר. צייט אין שטיין איז ווייניגער אינטערעסאַנט, ווי צייט אין לעבעדיגע כוואַליעס.

מיר רייצען די שטיין־פיגורען אַרום. שטעהענדיגע, ליגענ־דיגע מיט מערקווירדיגע פּראָפילען, דערמאָנען אין אָריענטאַלישע פיגורען, אין חתים און אַסיריער, און אָפּט אויך אין אַלט־עגיפּטער.

פון וואַנען אָט די טיפען און ראַסען מישונג? אָט אַן עכטער כינעזער לעבען אַן אַהן־ספק׳דיגען סעמיט. איז דאָס טאַקע אמת, אַז דאָ האָבען זיך אַמאָל, אין די צייטען, וואָס זיינען פאַרגעסען געוואָרען, געטראָפען אַלע פעלקער און טיפען פון דער וועלט, אַנט־לאָפענע פון אַן אומגעהייערער קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט איבערגע־האַקט די געשיכטע פון דעם מענשליכען מין?

די שטיינער קוקען איבער מיר אָוועק, אין ווייטע צייטען, הינטער דעם פאָרהאַנג פון דער געשיכטע; אַ פאָרהאַנג, וואָס וועט אפשר קיינמאָל ניט אויפגעדעקט ווערען.

אַ קוק אין דעם היסטאָרישען מוזעי. פּאָרטרעטען פון אַלטע שפּאַנישע „וויצע־קעניגען״: יעדער פּאָרטרעט אַ ראָמאַן, אין יעדען בילד די געשיכטע פון פאַרגאַנגענע יאָהרען, ראָמאַנטישע, נאַאיוו־ברוטאַלע, סאַלאָן־באַרבאַרישע, — דעם אומגליקליכען קיי־זער מאַקסימיליאַנ׳ס, דעם בלאָנדען האַבסבורגער, וואָס האָט באַ־צאָלט מיט דעם לעבען, ווייל ער האָט זיך געוואָלט אויף אַ ווייל אָ שפּיל טאָן מיט דעם גורל פון מעקסיקאָ, און איז דערשאָסען געוואָרען פון די רעוואָלוציאָנערען — מאַקסימיליאַנ׳ס און קיי־זערין קאַרלאָטאַ׳ס פאַרגאָלדעטער הויף־וואָגען, נאָך אַ פּאָר אַזעלכע היסטאָרישע קוריאָזען, און איך האָב גענוג פון דער אַלטער גע־שיכטע פון מעקסיקאָ.

ווידעראַמאָל אויף דער גאַס, אין דער לעבעדיגער, פילפאַר־ביגער, פאָלקסטימליכער, אינדישער, באָרוועסער מעקסיקאָ פון דעם מאַרק, פון די שענקלאָך, פון „טעפּיטע״. „טעפּיטע״ איז דער גנבים־מאַרק פון מעקסיקאָ. ניט ווייט פון די גאַסען „יעזוס מאַ־ריאַ״ און „יעזוס קאַראַנזאַ״ צווישען צוויי יעזוסען איינגעקלעמט, דער מאַרק פון די גנבים. פון די קבצנים, פון אַלע מעסערשטע־

כער און רעוואָלווער העלדען פון מעקסיקאָ. פּאָליציי מיט געלאָ־דענע ביקסען, דעטעקטיווס מיט לויערענדע אויגען פּאָלגען נאָך יעדען מענשען, וואָס וויזט זיך אַריין אַהין. גייגערישע און אומ־פריינטליכע בליקען פון אַלע זייטען. אין דעם ענגען מאַרק שטע־לעכלאַך מיט „אַל דאָס גוטס״, פון „טאָרטיליאַס״, די מעקסיקאַנישע לאַטקעס, וואָס ווערען געגעסען מיט אַלצדינג און צו אַלצדינג, ביז צו „ענטשילאַדאַ״, די געפעפערטע מעקסיקאַנישע שפּייז, און „מאַלע״ — אַלץ מאכלים, וואָס נאָר אַן אייניקעל פון מאַקטעזומאַ קאָן פאַרדייען. דאָ און דאָרט אַ „פּולקעריאַ״, וואו מעקסיקאַנער באַסיאַקעס טרינקען זייער נאַציאָנאַלען געטראַנק, אַ מין ווייסליכע, זיסליכע, בודנע משקה, וואָס זאָל, זאָגט מען, גיך אָנ׳שיכור׳ן, ווען מען טרינקט אויס אַ פלאַש אָדער אַ קריגעל. איך קאָן עס זיך ניט פאָרשטעלען, אָבער מאַלע וואָס, זיי ווערען דאָך פאָרט שיכור!

הייליגע בילדער, אַלטע אַלמאַנאַכען, סאַנדאַלען און אפילו שיך — וואָס געפינט איהר ניט אויף דעם מאַרק! און נאָך מעהר ווי אַ קונה געפינען, געפינט די פּאָליציי, ווען זי וויל נאָר זוכען. מען ווייסט עס שוין אין מעקסיקאָ: ווערט עפּעס ביי איינעם פאַר־פאַלען — אויף טעפּיטע וועט מען עס געפינען.

אַ מעקסיקאַנער אידישער פּאָעט, בערלינער, האָט מיר שפּע־טער שעה׳ן־וויז דערצעהלט די וואונדער פון טעפּיטע, ווי מען שטעכט דאָרט מיט מעסערס פאַר אַ מינדסטען וואָרט, ווי ווילד דאָס לעבען דאָרט. ער האָט אפילו אָנגעשריבען אַ פּאָעמע וועגען טעפּיטע, אָבער, בנאמנות, אויף מיר האָט טעפּיטע ניט געמאַכט אַזאַ גוואַלדיגען איינדרוק. דער „גאַליצקי באַזאַר״ אין קיעוו, צום ביישפּיל, און די מאַלדאַוואַנקע אין אָדעס קאָנען פאַרשטעקען אין פעטשערע צעהן אַזעלכע טעפּיטעס. און ווער שמועסט דער „פלוי־מאַרק״ אין פּאַריז!

די „אַפּאַשען״ שטאַמען טאַקע פון אַרום מעקסיקאָ, אָבער אויך זיי האָבען געמוזט דורכמאַכען דעם לאַנגען וועג פון איראָפּייאי־שער, פראַנצויזישער קולטור, כדי צו ווערען אמת׳ע פּאַריזער „אַפּאַשען״. אפילו אַ גנב איז ניט אינטערעסאַנט, ווען עס איז ניטאָ הינטער איהם די טראַדיציע פון פראַנסואַ וויליאָן, דעם פּאָעט־גנב פון דעם פערצעהנטען יאָהרהונדערט, און זיינע וואונ־דערבאַרע לידער.

און פון „טעפּיטעי" צו ראַזאַריאָ, דער לאַנגער, גרויער גאַס, וואו עס שטעהט איינע פון די עלטסטע קירכען פון מעקסיקאָ, די „סאַנטיסימאַ", אַ בנין ווי אַ פעסטונג, געבויט פאַר דורות, אויף אייביגקייטען. די „סאַנטיסימאַ", די „הייליגסטע", האָט זיך גע־וואָלט באַזעצען אין מעקסיקאָ אויף שטענדיג, „אין עטערנאָ עטער־נאַרום", אין אַלע אייביגקייטען, ווי עס הייסט אין דער קירכען־שפּראַך; אָבער די „אייביגקייט" האָט געדויערט בלויז אַ פּאָר הונדערט יאָהר, אַ שפּאַן, ווייל מעקסיקאָ קאָן ניט פאַרטראָגען די פּרעמדע משא און זי שלינגט זי איין. די „סאַנטיסימאַ" זינקט איין טיפער און טיפער. באַלד וועט פון איהר בלייבען בלויז אַ שפּיץ און אַ נאָמען.

די זומפּען פון טענאָשטיטלאַן פאַרשלינגען דעם שטאָלץ פון אַלט־קאַסטיליע. דער אָדלער באַזיגט דעם לייב. און דאָס איז דער מערקווירדיגער גורל פון מעקסיקאָ. קיין שום קולטור האַלט זיך דאָרט ניט צו־לאַנג. אפילו ניט די מאָדערנע.

און וואָס זיי בויען היינט, איז אויך ניט פון קיום. אָט שטעהט אויף דעם כוּאַרעס פּלאַץ אַ נייער פּראַכט־בנין: דער נאַציאָנאַל טעאַטער, אָדער ווי זיי רופען איהם: דער פּאַלאַץ פאַר שעהנער קונסט. פּאָרפּיריא דיאַז, דער לעצטער „קאַסיק", דער לאַנגיאָהר־ריגער טיראַן פון מעקסיקאָ, האָט איהם אָנגעהויבען. ער איז גע־פאַלען, רעוואָלוציע נאָך רעוואָלוציע, בירגער־קריג, מעק־סיקאָ ווערט איבערגעבויט, און דער טעאַטער איז נאָך ניט איב־גאַנצען פאַרענדיגט. אַ גראַנדיעזער בנין, ווייסער מאַרמאָר פון דרויסען, רויטער און גרינער מאַרמאָר אינעווייניג, איבערטריבען־שעהן, געצאַצקעט, צו־קליין פאַר מעקסיקאָ'ס באַפעלקערונג, גע־בויט מיט דעם אויג אויף דער „קולטור־שיכט" פון מעקסיקאָ. און דאָס איז געווען אין פּאָרפּיריאָ דיאַז'ס צייט אַ גאַנץ קליינע צאָל, קוים אַ טויזענט מענשען; איצט קלאַפּען די מאַסען אין די טירען פון דעם טעאַטער און ניטאָ קיין פּלאַץ פאַר זיי.

אָבער אויך דער נייסטער פּאַלאַץ פון מעקסיקאָ זעצט זיך שוין אויך. אַ פעהלער פון דער אַרכיטעקטור, זאָגט מען, אַ ניט צו־גענוי־באַרעכענטער פּלאַן. מעגליך, אָבער יעדער פּלאַן איז ניט גוט גענוג, ווען דער גרונט איז ניט זיכער, און ווען די תהומות רופען.

מיד. אַ טאָג געהן, און דאָס האַרץ פלאַטערט נאָך מעהר. אויף אַ וויַיל זיך אָפּרוהען צו סאַנבאָרען, דעם אַמעריקאַנישען קאַפע, וואו מען טרעפט פאַרנאַכט „גאַנץ מעקסיקאָ", ד. ה., אַלע טוריסטען און די אינטעליגענץ פון דעם לאַנד. אַ וואונדערליך הויז, „קאַסאַ דע אַסולעכאָס" רופט מען איהם, דאָס הויז פון מאַזאַאיק־ציגלער. אין דעם זאַל, וואו איך זיץ און טרינק קאַפע, האָט צום ערשטען מאָל אייראָפּע זיך געטראָפען מיט דעם וויַיטען מזרח. די ערשטע יאַפּאַנישע שליחים זיַינען געקומען אַהין, מיט צוויי הונדערט יאָהר צוריק, און דער וויצע־קעניג האָט זיי דאָרט אויפגענומען. שפּאַניע האָט דעמאָלט געהאַט אַ מעגליכקייט צו ווערען פאַר יאַפּאַן די אויפשליסערין פון די טויערען. אָבער שפּאַניע האָט געקאָנט בלויז פאַרכאַפּען מיט דעם שווערט, קאָלאָ־ניזירען אפילו; אָבער די קונסט פון בויגיגער דיפּלאָמאַטיע, פון לאַנגזאַמען אַריַינדרינגען, האָט זי קיינמאָל ניט פאַרשטאַנען.

צופיל „קאַבאַלעראָ", צו־שטייף אין זיין „שפּאַנישען צערעמאָ־ניאַל", צו־ווייניג וועלט־מענש.

און אַ כאַראַקטעריסטישער אַנעקדאָט פון אַלט־קאַסטילישער שטייף־ריטערליכקייט. טאַקע דאָ, וואו איך זיץ, אויף דער אַוועניַדא מאַדעראָ, אין דעם קליינעם געסעל, לעבען דעם ברונעם בײם קאַפע סאַנבאָרן, האָט זיך אַמאָל, מיט דריי הונדערט יאָהר צוריק, געטראָפען אַזאַ מעשה: צוויי יונגע, שפּאַנישע קאַבאַלעראָס אין זייערע קאַרעטעס מיט ליווריען און דינער פון פאָרענט און הינטען, האָבען זיך באַגעגענט אין דעם געסעל. וואָגען צו וואָגען, און ניט אַהין, ניט אַהער. דאָס געסעל איז געווען צו־שמאָל פאַר ביידע; איינער האָט געמוזט אָפּטרעטען דעם וועג; אָבער ווער זאָל זיין דער ערשטער? טענה'ט איין „דאָן" מיט צעהן בעמען, אַז זיין יחוס איז עלטער; ענטפערט דער צווייטער „דאָן", אַז ער האָט אין זיינע אָדערען בלוט פון דרייצעהן דורות. אַזוי האָבען זיי געע־טענה'ט און זיך ניט גערירט פון אָרט דריי טעג און דריי נעכט, ביז דער וויצע־קעניג אַליין האָט זיך געמוזט אַריינמישען און מיט סאָלדאַטען צעשיידט די פאַר'עקשנ'טע „דאָנס". זיי וואָלטען נאָך געשטאַנען דאָרט עד־היום. און זיי שטעהען נאָך איצט, און גרויסען זיך מיט אַ לאַנג־פאַרגעסענעם, פאַרוויאַנעטען יחוס.

אָפּגערוהט זיך, און אַוועקגעפאָהרען אין אַ מאַשין צו־גאַסט צו אַ באַקאַנטען, אין דעם נייעם, וואונדערשעהנעם, נאָך האַוואַנאַ־

סטיל־געבויטען פּאַלאַס „היפּאָדראָמאָ״. אַרום עלף ביינאַכט ביי דעם לבנה־שיין, אַ שפּאַציר איבער דעם היפּאָדראָמאָ צו זיך אין האָטעל. די פּאַלמען גלאַנצען אין זילבער, ציפּרעסען שאָקלען זיך, פון די בערג טראָגט זיך אַ קילער ווינט. מיר געהען, איך און דער פּראָפעסאָר פון דעם מוזעי, און רעדען וועגען ווייטע, ווייטע זאַכען: היידעלבערג, פילאָזאָפיע, אייראָפּע. אויף אַ וויילע פאַר־געסען אין דער מעקסיקאַנער ווירקלאַכקייט.

פלוצלינג דערטראָגט זיך פון ערגיץ־וואו אַ לאַנג־געצויגענער, קלאָגענדער טאָן, כמעט ווי אַ געוויין. „וואָס איז דאָס?״ און דער פּראָפעסאָר שמייכעלט: „מן־הסתם אַ קאַץ, אָדער אפשר ערגיץ־וואו אין דער ווייט אַ שאַקאַל, וואָס וואָיעט; אָבער ווען איך וואָלט אייך געוואָלט דערציילען אַ שעהנע לעגענדע, ווי די אַלטע ווייבער שרעקען די קליינע קינדער, וואָלט איך אייך געזאָגט: עס איז די „ליאָראָנאַ״, די קלאָגערין.

„איהר ווייסט, עס איז פאַראַן אַזאַ לעגענדע אין מעקסיקאָ: יעדע נאַכט קומט אַרויס פון די בערג אַ פרוי אין ווייסען — ווייס די קליידער, ווייס דער שלייער אויף איהר פּנים. עס איז די מוטער פון מעקסיקאָ, די געטין סיוואַטל. זי געהט איבער די גאַ־סען פון מעקסיקאָ און קלאָגט: „ווי לאַנג נאָך וועט געדויערען דער בראָך פון מיינע קינדער?״ „וועה צו מיין פאָלק, וואָס איז חרוב געוואָרען!״ אַזוי קלאָגט זי זינט קאָרטעס האָט צעבראָכען די מאַכט פון אַנאַוואַק, די הערשאַפט פון די אַצטעקען. און ווען זי קומט צו דער „פּלאַסאַ מאַיאָר״, דאָרט וואו עס איז אַמאָל געווען אַ טייך מיט טשערעטען, פאַרשווינדט זי ווי אין אַ נעפּעל. און עד־היום, ווען עס דערהערט זיך אַ יללה ביינאַכט, צלמ׳ען זיך די אַלטע מעקסיקאַנערינס און שעפּטשען: „די ליאָראָנאַ״.

„אַ מוטער־רחל מאָטיוו! איהר ווייסט, עס איז עפּעס דאָ אַ מערקווירדיגע עהנליכקייט צווישען דעם גורל פון די צוויי פעל־קער, דעם מעקסיקאַנישען און דעם אידישען״.

און, איהר ווייסט דאָך, ווען צוויי יונגע מענשען שמועסען, דעררעדען זיי זיך צו דעם ענין פרויען, און ווען צוויי דאָקטוירים, דערצו נאָך מיטעליעריגע, פאַררעדען זיך צו־לאַנג, קומט מען אויף אידען, און דאָס איז שוין אַן ענין פאַר אַ גאַנצער נאַכט. און איך בין שוין צו־מיד.

יולי 7, 1934

# די נאַסע קעלערן פון אינקוויזי־ציע און די שווימענדע אינזלען פון גרזאַנג

אַ שלאַקסרעגען. אַביסעל צו־פריה פאַר דעם סעזאָן, אָבער צו מיין מזל האָט די רעגענצייט זיך צוגעאײַלט, און מען מוז פאָהרען — „רעגען אָדער זונשיין" — פאָהרען אין דער אומגעגענט פון מעקסיקאָ, זעהן דאָס לאַנד.

און מיין ערשטע נסיעה איז צו דעם „דעזיערטאָ דע לעאָ־נעס", דער מדבר פון די לייבען.

איך פאַרשטעה אייגענטליך ניט, ווי קומען אַהער לייבען? יעדענפאַלס די לייבען, וואָס מיר קענען — פון דעם זאָאָלאָגישען גאָרטען. אין מעקסיקאָ פעהלען אַ סך פון אונזערע חיות. ניטאָ דער בער — די אינדיאַנער האָבען, דאַכט זיך, אפילו ניט קיין וואָרט דערפאַר. עס פעהלט דאָס פערד — די אַצטעקען האָבען צום ערשטען מאָל דערזעהן אַ פערד, ווען קאָרטעס איז אָנגעקומען מיט זיינע סאָלדאַטען, און זיי האָבען לחתחילה געמיינט, אַז פערד און רייטער זיינען איין באַשעפעניש. עס איז אויך ניט פאַראַן דער לייב. זיי קענען בלויז די „פומאַ", אַ חיה, וואָס האָט אַן עהנליכקייט צו אַ לייב, אָבער איז אַ סך קלענער און „קאַציגער". ווייניגסטענס אַזוי האָב איך איהם געזעהן אין דעם זאָאָלאָגישען גאָרטען.

אָבער לייבען, אָדער פומאַס, אַ מדבר איז דאָס און פון חיות אויך, פון חיות ראַפינירטע און קולטור־פאַרדאָרבענע.

ניט דער היינטיגער „דעזיערטאָ דע לעאָנעס". דער איז גאַנץ אומשולדיג. אַן אינדיאַנער דערפעל, מיט די זעלבסטפאַרשטענד־ליכע באָרוועסע אינדיאַנער, מיט אַ פאָר אָרימע, עלענדע כאַ־לופקעס און אַ שטיקעל רעסטאָראַן פאַר טוריסטען. מערקווירדיג, קוים אַ שעה פאָהרען פון דער הויפט־שטאָדט, פון דעם אַמביצי־עזען „דיסטריקטאָ פעדעראַל", און עס ווייזט זיך אייך אויס, אַז איהר זייט ערגיץ־וואו אין אַ וויטען, פרימיטיוון לאַנד, אָהן אַ ישוב און אָהן קולטור. אפשר איז דאָס דער רעגען, וואָס גיט צו

דער לאַנדשאַפט און די מענשען אַזאַ טונקעלען קאָליר? אפשר זיינען דאָס די שאָטענס פון די שוואַרצע, בלויליכע בערג, וואָס פאַלען אויף דעם שליאַך? אָבער אַלצדינג איז צוויי־דריי טענער ברוינער, טונקעלער, שוואַרצער ווי אין מעקסיקאָ. בפרט די אינ־דיאַנער. אין דער שטאָדט — אויך צום רוב באָרוועסע, אָבער צונויפגעשמאָלצען מיט דער גאַס, מיט דער סביבה, מיט מאַרק און שענקעל. אין דער שטאָדט בלויז אָרימע מענשען, וואָס געהען אָפגעריסען און אָהן שיך. דאָ, אָבער, אויף דעם פרייען פעלד, צווישען די בערג, אין דער „מדבר", זיינען דאָס די „עכטע", די תושבים. זיי זיינען די וואָס באַלאַנגען; די איינציגע, וואָס האָבען אַ שייכות צו באַרג און פעלד, צו דעם בוים „מאַגעו", „דעם הייליגען בוים פון מעקסיקאָ, צו דעם קאַקטוס", צו דעם „אַוואַוועטע", דעם ציפּרעס פון מעקסיקאָ.

זיי זיינען דאָ טונקעלער און טרויעריגער ווי אין דער שטאָדט. אָט געהען זיי, ווי דער אינדיאַנער מנהג איז, אין „גענזעמאַרש", איינער נאָך דעם צווייטען, די פרוי מיט דער משא אויף דעם קאָפּ, דער מאַן געהט איהר נאָך. זייער גאַנג איז אַזוי מערקווירדיג — זיי לויפען מעהר, ווי זיי געהען — גיך, גיך, דער קערפּער פאָר־אויסגעבויגען, גלייך ווי זיי אַנטלויפען פון עמיצען. עס פעהלט זיי דער שטאָלצער, לאַנגזאַמער, כמעט אַריסטאָקראַטישער גאַנג פון דעם נאָהענטען מזרח. אין זייער גאַנג איז פאַראַן עפּעס כינע־זישעס. אַזוי שפּאַנען כינעזער, קאָרעאַנער, אַלע מאָנגאָלען. איז דאָס אויך ראַסע אייגענשאַפטען, אָדער איז דאָס געשיכטע? פיר הונדערט יאָהר פאַרשקלאַפונג, פאָלגען דעם בייטש פון דעם האַרטען מייסטער, פיר הונדערט יאָהר אַנטלויפען און מורא.

אָדער איז דאָס נאָך עלטער, נאָך פון גאָר אַמאָליגע צייטען, ווען די אינדיאַנער אַליין זיינען געווען נאָך פרעמדע אין לאַנד „אַנאַוואַק"?

מיר קומען אָן צו דעם „דעזיערטאָ". אָן אַלטער פראַנציס־קאַנער קלויסטער, האַלב צעשטערט, אָבער די מויערען אַרום דעם הויף, די קירכען־ווענט שטעהען, ווי פון אייזען געגאָסען. די שפּאַניער האָבען ניט געקאָנט בויען באַקוועם און שעהן, אָבער פאַרמויערען און איזאָלירען, דאָס האָבען זיי געקאָנט. זיך און אַנדערע. ווייל דער מאָנאַסטיר אין דער „לייבען מדבר" איז ניט

מעהר, ווי די אַמאָלגיע קאַזעמאַטען פון דער אינקוויזיציע, דער „הייליגער ברודערשאַפט".

אַ קליין אינדיאַנער שייגעצעל פון אַ יאָהר צעהן, ווייזט זיך מיר אויס — צוועלף, זאָגט ער, איז ער אַלט — מיט אויסגעקרימטע פיסלאַך, איז דער אַפיציעלער פירער. „ווי הייסטו?" פרעג איך איהם. „סאַוועריאָ טיבורסיאָ סואַרעס, פּאַראַ סערוויר אַ אוסטע". די לעצטע ווערטער: „איך צו דינען, מיין האַר", מוז צוגעבען יעדעס גוט־דערצויגען שפּאַניש קינד, ווען מען פרעגט ביי איהם זיין נאָמען. און סאַוועריאָ טיבורסיאָ מיט די קרומע פיס־לאַך איז געווען גוט ערצויגען, באַהאַוועגדט אין דער תורה פון פיהרען טוריסטען. ער נעהמט אַ ליכטעל אין דער האַנט, גיט מיר אויך איינס, און מיר לאָזען זיך שפּאַנען איבער די פינסטערע, נאַסע, אונטערערדישע געגג פון דער אינקוויזיטאָרישער טורמע.

שמאָל, אַז אַ מיטעלוואָגיגער מענש קאָן זיך קוים דורכ־שטופּען; נידעריג, אַז איהר מוזט אַנבויגען דעם קאָפּ, ער זאָל ניט אָנשטויסען זיך אָן דעם שטיין. נאַס פון דער וואַסער, וואָס קאַפּעט דורך די לעכער. אין די ווענט אויסגעהאַקט שמאָלע, ני־דעריגע רינוועס, די הויך פון אַ קליין קינד. אַ דערוואַקסענער מענש קאָן דאָרט ניט שטעהן, סיידען אַנגעבויגען אין צווייען. רינגען פון קייטען אַרום זיי. דאָרט זיינען געווען צוגעקאָוועט די אומגליקליכע קרבנות פון דער אינקוויזיציע. אָט אַזוי האָבען זיי געמוזט שטעהן יאָהרענלאַנג, ביז זיי זיינען אַרויס פון דער נעץ און פינסטערניש צו דעם רייץ, און דעם רויטען שיין פון דעם שייטערהויפען, און אַמאָל, זעהר זעלטען, צו זון און „פרייהייט".

דורך דעם לאָך אין דעם שטיין איבער זייערע קעפּ האָט מען זיי אַריינגעוואָרפען זייער שפּייז — אַ שטיקעל ברויט און אַ קרי־געלע וואַסער.

פון צייט צו צייט איז געקומען דער אינקוויזיטאָר מיט דעם קאַט, מען האָט אָפּגעקאָוועט דעם „אַפּיקורוס", ד. ה., דעם אידען אָדער דעם „ניי־קריסטען", אויף אַ וויל און איהם געפיהרט אין דעם חדר פון פייניגונג. און פון דאָרט צוריק, — אַ צעריסענעם, אַ צע'ממית'טען, אַ פאַר'שרפ'עטען און צעקאַליעטשעטען, ווידער צו דעם שטיינערנעם זאַק — אַליין אין דער טונקעלער, נאַסער נאַכט.

סאַוועריאָ טיבורסיאָ דערצעהלט דאָס אַלץ מיט דעם קינדישען, גלייכגילטיגען טאָן פון אַ געניטען „פיהרער". ער פאַרשטעהט

אַליין ניט, וואָסערע טראַגישע, גרויזאַמע ווערטער ער זאָגט דאָ. „ווייסטו, וואָס הייסט אינקוויזיציע, סאָוועריאָ טיבורסיאָ?״ — דאָס אינגעלע ענטפערט פון ערגיץ אַ ווינקעל. מיין ליכטעל איז פאַרלאָשען געוואָרען און איך זעה קוים די שיין. „געוויס, סעניאָר, דאָס איז די רעליגיע פון די „פראַילעס״ (ד. ה., די מאָנאַכען), פּאַראַ סערוויר אַ אוסטע״. אַ שטיק רעליגיעזע פּסיכאָלאָגיע אין די אומשולדיגע ווערטער.

אָבער איך לאָז זיך ניט אַריין מיט דעם קליינעם אינדיאַנער אין קיין ווייטערע שמועסען. עס איז נאָס און גליטשיג. פון די ווענט קאַפּען רעגען־טראָפּען. פאַרגראָבענע זיפּצען גראַבלען זיך אין די שטיינערנע מויערען. און איך אָטעם־אויף פריי, ווען מיר געהען ווידער אַרויף אין דער פרייער לופט.

איך, דער יורש פון דעם פּיין און מאַטערען פון אַמאָל; ער, דער קליינער אורא־ייניקעל פון די געפּאַלענע, באַזיגטע און פאַרשקלאַפטע אינדיאַנער.

אפשר וועלען אונזערע אוראייניקלאַך אויך אַמאָל באַקוקען מיט רחמנות און אומעט אונזערע חורבות, די רואינען פון אונזערע אינקוויזיציע קעלערס, און עפּעס אַ קליינער טיבורסיאָ וועט זיי ערקלעהרען, אַז דאָס איז געוועזען די „רעליגיע פון יענער צייט״.

אַזוי מאָלען אונז די אוטאָפּיע־ראָמאַניסטען, און עס איז מעגליך. יעדער דור איז דער יורש און דער ניט־פאַרשטעהער פון די יסורים און ליידען, וואָס דער דור פאַר איהם האָט איבערגעלעבט. מענשען פאַרגעסען. עס איז זייער גליק.

* * *

„סאָלדאַטען פון פראַנקרייך, פערציג יאָהרהונדערט קוקען אויף אייך אַרונטער!״ — איך האָב געפּרוּאווט האַלטען די באַריהמטע, לעגענדאַרישע רעדע פון נאַפּאָלעאָן, ווען ער איז געשטאַנען פאַר די פּיראַמידען אין מצרים. אָבער עס איז ווייטער ניט געגאַנגען. מיינע באַגלייטער, אַ פּאָר יונגעלייט פון מעקסיקאָ און אַ „סאָשעל וואָירקער״ פון פילאַדעלפיע, זיינען געבליבען קאַלט און גלייכגילטיג. עס האָט זיי ניט „גענומען״. איך האָב מורא, אַז די סאָלדאַטען פון נאַפּאָלעאָן׳ען האָבען זיך אויך ניט שטאַרק באַגייסטערט פאַר נאַפּאָלעאָנס מליצה, אויב ער האָט בכלל געזאָגט אַזעלכע קלינגענדע ווערטער. און דאָס איז אויך אַ גרויסער ספק.

אָבער, פונדעסטוועגן, די פּיראַמידען פון מצרים לאָזען זיך דרש'ענען. עס פּאַסט צו זיי. עס איז אַ טייל פון דער גאַנצער אינסצענירונג. ווייסער מדבר־זאַמד, פון דער ווייטענס פּאַלמען־שורות, און אונטער דער גליהענדער מדבר־זון שוואַרץ־גרויע שטיין־גיגאַנטען, פאַרשפּיצטע, ווי בערג. און צווישען זיי די ספינקס, די לעצטע שפּורען פון אַ פאַרגאַנגענער, סודות'דיגער וועלט, מצבות פון אַ געשטאָרבענער קולטור.

אַלצדינג אַרום און אַרום רעדט צו אונז. און פּרעה פון מצרים דערציילט אונז נאָך פיר טויזענט יאָהר וועגען אונז אַליין. אָבער אין סאַן כואַן טעאָטיוואַקאַן, וואו די מעקסיקאַנער פּיראַמידען, איז אַלצדינג שטום. שטיינער, מצבות, — און ניט מעהר. שטומע מצבות פון אומבאַקאַנטע, פון פרעמדע, פון מענשען אָהן שום שייכות צו אונז.

מען רופט זיי פּיראַמידען, אָבער בלויז ווייל מענשען האָבען ליב אָנצורופען זאַכען מיט באַקאַנטע נעמען. אין עצם זיינען דאָס גאָר ניט קיין פּיראַמידען און האָבען ניט די מינדסטע עהנליכקייט צו די מאָנומענטען פון מצרים.

עס זיינען ריזיגע „באַרג־טישען", „מעסאַס", ווי די אַרומיגע באַרג־טעראַסען, אויסגעלייגט מיט שטיין און ציגעל. די פּיראַמידען פון גיזעה, די מצרים־פּיראַמידען, זיינען סימבאָלען אין שטיין, סימבאָלען פון מענשליכען לעבען, פון מיה און נויט און טויט — „דער אייביגער שטרעבען, וואָס הויבט זיך אָן אַזוי ברייט און שטאַרק אויף דער ערד, און ווערט אַלץ שמעלער, פאַרנאַדעלטער און פאַרענדיגט זיך מיט אַ שפּיץ".

די פּיראַמידען פון טעאָטיוואַקאַן זיינען ריזען־מזבחות, אַלטאַרען פאַר אַ גאָט, אָדער פאַר געטער, וועמעס נאָמען איז אַזוי שווער אויסצורעדען; געטער מיט אַן אומבאַשטימטער פונקציע אין דער וועלט.

מערקווירדיג, ווי קאָמפּליצירט דער פּרימיטיווער מענש קאָן ווערען. וואָס רייכער אַ קולטור, אַלץ פּשוט'ער און קלאָרער איהרע פאָרמען. די גריכישע מיטאָלאָגיע איז אַזוי קרישטאָל־קלאָר, אַזוי איינפאַך, און אפילו די עגיפּטישע לאָזט זיך פאָרמולירען אין וואָרט און אין בילד.

עס איז אָבער כמעט אוממעגליך צו באַנעהמען די אַלט־מעק־

סיקאַנישע מיטאָלאָגיע, צו פאַרשטעהן זייערע סימבאָלען און דעם זין פון זייער רעליגיע.

אָדלערס, שלאַנגען, מענשען־קעפּ מיט שלאַנגען־האָר, חיות מיט פאַנטאַסטישע געשטאַלטען, און אַלצדינג אַזוי איבער אַלע מאָסען, אָנגעלאָדען, איבערטריבען, גיגאַנטיש. אַ רעליגיע פון מורא, פון קינדישען שרעק, אַ רעליגיע אָהן אינטימיטעט.

איך געה אַרויף, איך סאָפּע מיך אַרויף אויף די טרעפּ פון דער הויפּט־פּיראַמידע. דריי הונדערט טרעפּ, וואָס העכער אַלץ שמעלער, אַלץ שווערער צו געהן, אַלץ שווינדלענדער די הויך.

אָט אויף די טרעפּ, דערצעהלט די געשיכטע, פלעגען געהן די כהנים פון ווישטליכאַשטלי, אָנגעטאָן אין זייערע פאַנטאַסטישע בגדים, באַפּוצט מיט פעדערען, און הינטער זיי האָבען סאָלדאַטען געפיהרט די „קרבנות" — געפאַנגענע, וואָס מען האָט מקריב געווען צו דעם בלוטדורשטיגען גאָט, ביז מען איז דערגאַנגען צו דעם העכסטען פונקט, דאָרט וואו עס שפּרייט זיך אויס אַ שטיינער טיש. און אויף דעם באַרג־טיש איז געשטאַנען אַ מזבח, וואו מען פלעגט אויסשניידען די ברוסט מיט אַ מעסער פון אָבסידיאָן, דעם שוואַרצען באַרג־גלאָז, אַרויסרייסען דעם ציטערענדיגען האַרץ און איהם מקריב זיין צו דעם גאָט.

אונטען, אויף די טרעפּ, וואָס פיהרען צום מזבח, זיינען געשטאַנען אינדיאַנער און האָבען געזונגען זייערע טרויעריגע לידער, געשפּילט אויף זייערע דודקעס, געקלאַפּט אין די טאַצען און געטאַנצט זייערע ווילדע טענץ — טענץ אין מאַסקעס־קעפּ פון פאַרצייטיגע, אוממעגליכע חיות אויף פּרימיטיווע מענשען־קעפּ.

איך נעהם־אַרויס מיין אַרכעאָלאָגישען פיהרער־בוך, און לייען דאָרט וועגען די טאָלטעקען, וואָס האָבען אויפגעבויט אָט די פּיראַמידען. באַרבאַריש־קלינגענדע נעמען און אומפאַרשטענדליכע סימבאָלען. און איך פאַרמאַך באַלד דעם בוך. די נעמען זאָגען מיר גאָרניט און די דאָזיגע אינטערעסירען מיך ניט.

פאַרגאַנגענהייט האָט אַ ווערטה בלויז, ווען זי איז אַ ירושה, ווען עס איז פאַראַן אַ פאָדים, וואָס פאַרבינדט. אָבער צווישען אונז און די טאָלטעקען אָדער טשיטימעקען און אַצטעקען איז ניטאָ קיין בריק און ניט פאַראַן קיין פאַרבינדונג. עס זיינען זכרונות, וואָס דערמאָנען גאָרניט.

אַרויפגעדראַפּעט זיך אויף דעם העכסטען עטאַזש. דריי הונ־

דערט טרעפּ. מילד און ווייך איז דער פרישער מאָרגען. פון דעם טאָל טראָגען זיך זיסע, פאַר׳שיכור׳טע גערוכען. דער האָריזאָנט באַרענדערט מיט בערג, בלויז קייטען פון די קאָרדילערען; פון דער ווייטענס זעהט מען די ווייסע טורעמס פון מעקסיקאָ. שטיל און טויט. און אַ געפיהל פון פרעמדקייט און ווייטקייט קומט איי־בער מיר. ווייט פון אַלעמען, וואָס איז „איצט" און „זיי"; פרעמד צו אַלצדינג, וואָס איז „מענשליך". און עס ווילט זיך גלויבען, אַז איך שטעה אויף אַ מצבה פון אַ וועלט, וואָס איז געווען אינגאַנצען אַנדערש, אָהן שום שייכות צו יעדער געשיכטע, צו יעדער מעגליכער ווירקליכקייט.

איך זיץ אויף די טרעפּ און רוה זיך אָפּ. אין מיין האַנט אַ קליין, דין ביכעלע, געשריבען פון אַן אינדיאַנער מיט דעם נאָמען אַברהם לאָפּעז — די לעגענדע פון מעקסיקע. „די מענשען פון דעם מזרח" הייסט דאָס ביכעלע. און ער דערצעהלט דאָרט, לויט אַן אַלטען אינדיאַנישען מאַנוסקריפּט, דעם אַזוי־גערופענעם „קאָ־לאָמביאַנער קאָדעקס", די געשיכטע פון דער וואַנדערונג פון די אַלט־מעקסיקאַנער ערגיץ־וואו פון ווייטע מזרח־לענדער, פון זייער קאַמף און זייער ליידען, פון דעם געהיימניספולען לאַנד נוסאַבי, פון מלכים און כהנים און פון דער אור־אַלטער טראַגעדיע פון אַ פאָלק, וואָס ווייסט ניט פון זיין שורש, בענקט נאָך אַ פאַרגאַנגענהייט ערגיץ־וואו אין די תהומות פון די צייטען. אַ פאָלק, וואָס קאָן ניט דערגעהן צו זיך אַליין.

„איז דאָס ניט מערקווירדיג", פרעגט ביי מיר איינער פון מיינע באַגלייטער, וואָס דער נאָמען פון גאָט איז געווען ביי די אַלט־אינדיאַנער דער אייגענער, ווי ביי די גריכען „טעאָ"? טעאָ־טיוואַקאַן — די וואוינונג פון גאָט, טעאָקאַללי — דער היכל פון גאָט, און באַמערקט דאָס וואָרט „קאַללי", „הויז", פּאַלאַץ — איז דאָס העברעאישע וואָרט „היכל", אַ וואָרט וואָס שטאַמט פון די סומעריער, דעם פאָלק, וואָס איז געווען נאָך פאַר די סעמיטען אין בבל (היכל: „עא קאַלי", דאָס גרויסע הויז): איז יאָ אפשר פאַראַן אַ פאַרבינדונג, אַ פאָדים צווישען אונזער מזרח און דעם מזרח פון די „נוסאַביס"?

איך קאָן איהם ניט ענטפערען אויף דער פראַגע. די שפּראַך־וויסענשאַפט איז נאָך בכלל אין איהרע אָנהויבען. עס איז דערווייל אוממעגליך צו געפינען אַ נאָהענטקייט, אַ פאַרבונדענקייט צווישען

די אַלטע שפּראַכן פון מעקסיקאָ מיט די טויטע שפּראַכן פון דעם מזרח; אָבער ווער ווייסט, אפשר וועט מען אַמאָל דערגעהן דעם סוד פון דער געשיכטע, צוריקגעפינען דעם וועג, ווי מענשען זיינען געגאַנגען איבער דער ערד, די אייביגע אומרוהיגע, די זוכער פון דער כימערע. ערגיץ־וואו זיינען מיר אַלע פאַרבונדען און פאַרקניפּט. מען קאָן נאָר ניט — נאָך ניט — אויפּפּלאָנטערן דעם קנויל.

* * *

אויף דעם וועג צוריק אין שטאָדט אַריין. פון דער וויטענס אַ ווייסער וואָלקען. אַ שטויב־שטורם איבער מעקסיקאָ. כמעט יעדען טאָג אַזוי. פון די טאָלען אַרום דער שטאָדט הויבט זיך אויף אין באַשטימטע שטונדען פון דעם טאָג אַ שטורם פון ווייסען שטויב. אַ שעה־צוויי האַלט ער אָן, און פאַרגעהט. עס איז תמיד שטורם איבער מעקסיקאָ. אפילו ווען בלויז פון שטויב.

ביים אַריינפאָהר אין שטאָדט אַריין — די באַריהמטע קירך פון גוואַדאַלופּע. דאָרט האָט זיך אַמאָל, אין דעם זעכצעהנטען יאָהרהונדערט, באַוויזען צו אַן אינדיאַנערין פון דעם דאָרף גוואַדאַלופּע — אַ „מופת".

זי האָט געקליבען בלומען אין איהר „סאַראַפּע", אין איהר פאַרטוך, וואָס איז ווי אַ קלייד, און אַ וואונדער איז געשעהן: די בלומען פון דער מעקסיקאַנער ערד האָבען אָפּגעדרוקט אויף דעם קלייד פון דער אָרימער אינדיאַנערין דאָס בילד פון דער מאַ־דאָנאַ — אַ מאַדאָנאַ, וואָס זעהט אויס אַזוי עכט־אינדיאַניש, אַ טאָכטער פון דעם לאַנד.

און פון דעם „מופת" איז אויסגעוואַקסען אַ נאַציאָנאַלע לע־גענדע. די גלחים האָבען פאַרשטאַנען דעם ווערט פון דער לע־גענדע און האָבען זי פאַראייביגט אין שטיין, אויפגעבויט אַ קאַ־טעדראַלע פון דער „מאַדאָנאַ פון גוואַדאַלופּע", און דאָס פאָלק האָט אַריינגענומען די מאַדאָנאַ אין זיין אַלטען געטער־פּאַנטעאָן. עס איז געווען צו־וויט פאַר זיי דער גליל אין ירושלים. זיי האָבען געוואָלט אַ קריסטענטום, וואָס זאָל זיין נאָהענט צו קירצאַל־קאָטו און ווישטליפּאָשטלי, און האָבען איהם געפונען.

אַרום דער קירך אַ צוים, און פון דעם צוים אָן, איבער דעם גאַנצען הויף, דורך דער קירך, ביז צו דעם אַלטאַר, געהען מענער און פרויען אויף די קני, האַלטען בלומען אין די הענט, ווייסע,

שמעקענדיגע בלומען און שעפּטשען לאַטייַנישע תּפילות. דריי הונדערט יאָהר, אָדער מעהר, דער אייגענער וועג אויף די קני, דאָס אייגענע געבעט אין אַן אומפאַרשטענדליכער שפּראַך.

מעקסיקאַ בעט ביי דער מאַדאָנאַ — פרייהייט. און ווען דער גלח רידאַלגאַ האָט, אין 1811, אויפגעהויבען די פאָהן פון דער רעוואָלוציע, דעם קאַמף פאַר מעקסיקאָ'ס אומאָפּהענגיגקייט, איז זיין שלאַכט־רוף געווען: „גוואַדאַלופּע". די מאַדאָנאַ האָט גע־האָלפען. מעקסיקאַ געהט — אויף איהרע קני, אין נויט און אין מאַטערניש — צו איהר פרייהייט. צוריק צו איהרע אָנהויבען, אָדער ווייטער אין פאָראויס?

אויף די ווענט פון דער קירך הענגען בילדער — בריוו. אַ בויגען פּאַפּיר, אויף איהם אויסגעמאָלט אַ בעט, אָדער אַ פּאָר קו־ליעס, און אונטען אַ בריוו צו דער מאַדאָנאַ: „אַזוי ווי איך, זינגאַ, אָדער מאַריאַ, ליג שוין יאָהרענלאַנג אין בעט פּאַראַליזירט, בעט איך ביי דיר, סאַנטיסימאַ מאַדאָנאַ, דו זאָלסט מיך אויסהיילען". און די בריוו מעהרען זיך. דער לעצטער און פרישסטער איז פון 1933. „און זיי דערגעהען, די בריוו", זאָגט מיר אַ מעקסיקאַנער, וואָס שטעהט לעבען מיר און לייענט. ער האָט זיך נאָר וואָס אויפ־געהויבען פון די קני, ער פיהלט זיך זעהר געהויבען, און ער איז זיכער, אַז ער האָט אַלצדינג שוין דערגרייכט, די זינד מוחל גע־ווען, זיין בקשה דערפילט, און ער גרייט זיך צו שרייבען דער מאַדאָנאַ פון גוואַדאַלופּע אַ דאַנק־בריוו. פאַר דעם טויער, זאָגט ער, זיצט אַ מאַן, וואָס שרייבט די בריוו. און, „אַי־ אַי, ווי ער שרייבט זיי — די מאַדאָנאַ וועט הנאה האָבען!".

* * *

ווייטער — איבער דער שטאָדט, דערנאָך פאַרקירעוועט מען זיך אויף אַן אַנדער וועג. מיר פאָהרען קיין סאָטשימילקאָ. עס איז די „ווענעציע פון מעקסיקאָ". געווען אַמאָל אַ טעמפּעל פון דער געטין סאָטשימילקאָ, די מאַדאָנאַ פון אַלט־מעקסיקאָ, די גע־טין פון בלומען און פון פרוכט. און אַ טייך דאָרט געווען. האָבען די אינדיאַנער פאַרצייטענס, נאָך איידער די שפּאַניער זיינען גע־קומען, געפלאָכטען אינזלען אויף דעם טייך, אַריינגעשלאָגען פּלע־קער אין דעם טייך־גרונט, באַדעקט זיי מיט געפלאָכטענע צווייגען, באַשאָטען זיי מיט ערד און אויף דער ערד געפלאַנצט בוימער און געבויט הייזער. שווימענדיגע אינזלען אין אַ קינסטליכען קאַנאַל.

דאָרט הוליעט מעקסיקאָ. ריכטיגער, דאָרט ראָמאַנטיזירט זי. שיפלאַך אויף דעם קאַנאַל. ברייטע שיפלאַך, מיט באַלדאַכינען פאַרהאַנגען, אויף די שיפלאַך טישען, בענקלאַך. גאַנצע פאַמיליעס פאָהרען דאָרט און פּראַווען זייערע שמחות. אינדיאַנער פאָהרען פאַרביי אויף קליינע קאַנוס און באַטען־אָן ביר, פולקע, טעקילאַ, די נאַציאָנאַלע געטראַנקען פון מעקסיקאָ; קיכען שווימען, בלו־מען־שיפלאַך פאָלגען אויך נאָך; מוזיקאַנטען שפּילען אַלט־מעקסיקאַנישע ראָמאַנסען — און איך פאָהר, צוריקגעלעהנט אויף אַ באַנק, און זאַפּ־איין אין זיך דעם גרינעם שיין אויף דעם וואַסער, די מילדע זון פון דער נאָכמיטאָג שעה, דעם ריח פון די בלומען און די זיסע, טרויעריג־ווייכע מעלאָדיע פון שפּאַנישע לידער, וואָס דער בלינדער אינדיאַנער זינגער זינגט מיר פאַר — צוואַנציג סענט אַ ליד.

דער אַלטער אינדיאַנער מיט דעם גרויען בערדעל, וואָס פיהרט דאָס שיפעל, שטעהט ווי אַ פאַר׳כישופ׳טע סטאַטוע. קוים־קוים וואָס ער הויבט די האַנט, קוים וואָס דאָס שיפעל גליטשט זיך איבער דעם וואַסער, און פון אַלע זייטען צימבעלט אַלט־קאַסטיליאַ: „אַמאָר״ — ליבע.

איך דערמאָן זיך אָן ווענעציע. לאַגונען, פּאַלאַצען, און „טויט אין ווענעציע״, דער מייסטער־ערצעהלונג פון טאָמאַס מאַן. צוויי בילדער, וואָס זייגען פאַרבונדען: ווענעציע און טויט. ווייל צו־שעהן און צו־זיס ווערט דאָס לעבען אויף די לאַגונעס, און עס ווילט זיך אומקעהרען צו דער ווירקליכקייט, ווענעציע אין איטאַליע אָדער ווענעציע אין מעקסיקאָ.

אָבער פּלוצלינג וועקט מיך אויף פון מיין פאַר׳חלומ׳טקייט אַ באַקאַנטער, צו־באַקאַנטער קלאַנג: „חאַצקעלע, חאַצקעלע, ספּיל מיר אַ קאַזאַצקעלע״. איך קוק זיך אַרום — אויף אַ צווייטען שי־פעל פאָהרט אַ גרופּע אידען, בחורים און מיידלאַך, און אַ ליטוואַק זינגט דאָס טרוקענע ליד פון דער היים.

„אוי, אוי״, זינגט דער ליטוואַק און „אַי אַי״ ענטפערט דאָס מעקסיקאַניש ליד פון דעם צווייטען שיפעל.

און דער „אוי אוי״ איז גובר ביי מיר. ער רייסט מיר אַרויס פון דער פאַר׳חלומ׳טקייט. ווי זאָגט ניצשע: „מען קאָן ניט אַנטלויפען פון אידען״ אפילו ניט צו דער געטין סאָטשימילקאָ.

יולי 14, 1934

# פון וועג

## 1

### די פּילגרים פּאַטערס און נונעס פון פּאָרטוגאַל

שווער שרייבט זיך עס פון וועג. שווער — ווייל צו גרינג. איינער נאָך דעם צווייטען — אומגעבעטען, אומגערופען — קומט איינדרוק נאָך איינדרוק, בילד נאָך בילד, געדאַנק אויף געדאַנק — אויך אויפ׳ן וועג, אויף דער וואַנדערונג. און זיי נעהמען עס נאָך ערנסטער, ווי עס איז אויף דעם רעכטען אמת. פאַר מיר איז דאָס בלויז אַ קורצער שפּאַציר־גאַנג — אַ פאַר וואָכען זיך אָפּרייסען פון דער באַקאַנטער, געוועהנליכער, געוואוינטער סביבה, אַ פויזע. פאַר זיי — פאַר דער אינוועניגסטער, פאַרשלאָסענער וועלט אין מיר — איז דאָס אַ וואַנדערונג, אַ ווייטע, אַ לאַנגע, אַ ברייטע, אַן ערנסטע.

טעג, וואָכען, חדשים האַלטען מיר זי פאַרשפּאַרט. מיר צווינגען זי צו געהן אונזער וועג — און זי פּאַסט זיך צו, טראָגט דעם יאָך, פיהרט אונז, און ווערט געפיהרט פון אונז.

און פּלוצלינג — באַפרייט. אָהן אַ שליאַך, אָהן אַ ציל — עס איז ניט מעהר אונזער וועג, אונזער צייט, עס איז איהר אייגענע וועלט, די וועלט פון אונזער געקאָוועטער, געפּענטעטער נשמה.

און איהר וועג איז תמיד — פון וועג אָהן אַ ציל, אָהן אַ צענטער, גלאַט אַזוי, פאַר זיך אַליין — און ניט פאַר קיינעם. אויבענאויף ריינער קאַפּריז, צופאַל, וואָס די רגע ברענגט. ווי דער וואָלקען אויפ׳ן הימעל, יעדען אויגענבליק אַ נייע געשטאַלט — אַמאָל פּאַטעטיש, אַ מינוט שפּעטער קאָמיש, אַט נאַר־וואָס אַ לייב — און באַלד ווידער אַ קעמעל מיט צוויי הויקערס, און דער־נאָך גאָר אַ צעפּאַטעלטער ריז, וואָס שטרעקט זיינע אָרעמס איבער דעם הימעל. און זיי זיינען דאָס אַלץ — און זיינען גאָרנישט. פאַר אונז — וואָס און ווי מיר קאָנען זעהן. פאַר זיך — בלויז באַוועגונג, בלויז זיין.

און ווייל מען דערנאָך פאַנגען די געדאַנקען און בילדער, ווען

זיי קומען צוריק — פון וועג, באַהאַלטען זיי זיך און לאָזען זיך ניט פענטען אין ווערטער. זיי ווילען ניט אַרויסגעבען זייער סוד. טרעטען צוריק און לאָזען איבער נאָך זיך בלויז שוואַכע שפּורען, סימנים אויף זאַמד.

ווי דער ים, וואָס איך זעה איצט פאַר מיין פענסטער, דער ים ביי „קייפקאָד", ביי דעם שטעדטעל פּראָווינס־טאַון.

אַ מערקווירדיקער ים. זעלטען צו זעהן אַזאַ רעגעלמעסיגקייט אין — בייטען זיך. אָט נאָר־וואָס: יום־טוב׳דיג, רייך, אַ רוישענ־דער, ברויזענדער ים. שטאָל־בלוי ווען די זון שיינט, שטאָל־גרוי, ווען דער הימעל איז פאַרכמורעט. איך קוק אַרויס פון דעם פענ־סטער פון מיין צימער — ביים ברעג פון דעם ים — און עס ווייזט זיך מיר אויס, אַז איך זיץ אויף אַ שיף, אַזוי נאָהנט איז דער ים. פון דער ווייטענס ווייסע און גרויע זעגלען. פישער־שיפלעך אויפ׳ן וואַסער. עס בלויט און ווייסט און שעמערירט פאַר די אויגען. יום־טוב אין דער וועלט. לעבען און אַרבייט צונויפגע־פלאָכטען אין איין אַוואַנטורענדע ווייטקייט — און נאָהנטקייט. אַ פּאָר שעה פאַרגעהן. איך קום צוריק פון די ענגע געסלאָך פון דעם אַלטען, קוריאָזען שטעדטעל, קום צוריק צום ים — און ער איז ניטאָ. פאַרשוואונדען. אונטער מיין פענסטער — פליכעוואַטע זאַמד־דיונעס, געלבליך, מיט שמוציג־גרינע אָדער שוואַרצע פלע־קען — דאָ און דאָרט אַ קאַלוזשע וואַסער, אויפ׳ן זאַמד טויטע פיש, שוואַרצע אָדער ברוינע קעץ, און קינדער לויפען אַרום און שפּילען זיך אויף דעם נאַסען זאַמד. און ערגעץ ווייט־ווייט, עס דוכט זיך ביים האָריזאָנט, הויבט זיך ווידער אָן — ים.

* * *

עס איז אפשר דער פאַסענדסטער אָרט, דאָס בעסטע, סימ־באָלישסטע בילד פאַר פּראָווינסטאַון, פאַר גאַנץ ניו אינגלאַנד, פאַר אַמעריקע.

איך בין דאָ, אַזוי צו זאָגען, ביים קוואַל. דאָ, ניט ביי די זאַמד־דיונעס, ביי דעם פליכעוואַטען ברעג, האָט אַמעריקע זיך אָנגעה־הויבען. אַזוי אָרים, אַזוי באַשיידען, אַזוי גרוי. דאָ — אויף די שטיינער, וואו איך זיץ איצט — האָבען מיט דריי הונדערט און פינף יאָהר צוריק פופציג ענגלענדער אָוועקגעלייגט אַ גרונד־שטיין פאַר דעם גרויסאַרטיגסטען היסטאָרישען עקספּערימענט,

וואָס איז ווען עס איז געמאַכט געוואָרען: שאַפען אַ לאַנד מיט אַ ציל און אַ כונה.

געוויס, ווען מען הערט איצט אויף יעדען שריט און טריט אין אַמעריקע דרשות וועגען די „פילגרים פאַטערס", ווען מען מאַכט אַט די דאָזיגע ערשטע „אַמעריקאַנער" פאַר אַ מין אויסגאַנגס־פונקט פאַר אַ נייער אַריסטאָקראַטיע און פאַלשע פרעטענזיעס — רעאַגירט מען ווייניגער היסטאָריש אויף דער „מעי־פלאַוער" און ווייניגער ראָמאַנטיש.

אָבער דאָ — אויפ'ן אָרט, אין פּראָווינסטאַון, אין פּלימוט, אין די קליינע שטעדט און שטעדטלאַך פון מאַסאַטשוזעטס, אַרום דעם קייפּ־קאָד, אין אַרלינגטאָן, אין קאָנקאָרד א. אַז. וו. — באַקו־מען די נעמען פון די „פּילגרימס" אַן אַנדער קלאַנג, ווערט אַלט־אַמעריקע אַריבערגעטראָגען אין אַ גאַנץ אַנדער אַטמאָספערע.

מען דערזעהט צום ערשטען מאָל אַמעריקע — מיט אַ גע־שיכטליכען הינטערגרונט. וואָס איז אייגענטליך אונז, די וואָס לעבען היינט, די נפקא־מינה צי דאָס פאַרגאַנגענע האָט פּאַסירט נעכטען אָדער מיט הונדערטער אָדער טויזענטער יאָהרען צוריק? טויט דאָ און דאָרט. און דאָס נעכטען געשטאָרבענע איז ניט ווייניגער טויט, ניט ווייניגער „היסטאָריש", ווי דאָס וואָס איז גע־ווען אין חנוכ'ס צייטען.

און דאָך — היסטאָריע מיינט שלום־מאַכען, מיינט אָנערקענען אָהן קשיות, אָננעהמען דעם פאַקט פאַר אַ נאַטור־נויטווענדיגקייט. און וואָס נעהנטער צו אונז — אַלץ ווייניגער ווילען מיר זיך אונ־טערגעבען דעם פאַקט. מען וואַרפט זיך אונטער דעם ווייטען — ניט דעם נאָהנטען.

און דאָס איז טאַקע איינער פון די מאָטיווען פאַרוואָס אַמעריקע רייצט אַזוי שטאַרק צום ווידערשפּרוך. מיר זעהען דעם פּראָצעס, מיר שטעהען אין דער פאַבריק און זעהען — די מעשי בראשית פון דער געשיכטע. און ווייל אַזוי — פעהלט דער רעספּעקט. ערשט אין ניו אינגלאַנד הויבט אָן דער רעספּעקט אַריינצו־גנב'ענען זיך אין דער נשמה — דער רעספּעקט פאַר אַמעריקע. ניט בלויז פאַר איהר גרויסקייט און רייכקייט, פאַר איהרע וואונדערבאַרע וועגען וואָס פיהרען — ווער ווייסט וואו, — נאָר פאַר איהר גייסטיגקייט. איך בין געשטאַנען פאַר דעם מאָנומענט — אין פּראָווינסטאַון, — וואו די ווערטער פון דער ערשטער אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציע

זיינען איינגעקריצט אין בראָנז — און האָב צום ערשטען מאָל פאַרשטאַנען, אין וואָס עס ליגט די גרויסקייט און דער תוך פון אַמעריקע.

זי איז אויפגעבויט אויף גייסט.

איך האָב זיך געפרעגט: פאַרוואָס איז פריהער קיינעם ניט גע־ראָטען צו שאַפען אַזאַ אַמעריקע? עס איז ניט געראָטען גריכענ־לאַנד. עס איז ניט געלונגען רוים — קיינעם ניט. זיי האָבען געהאַט די מעגליכקייטען — און זיי האָבען זיי אויסגענוצט. אָבער דער רעזולטאַט איז געווען אַ נייע באַרבאַריי, וואָס איז ערשט נאָך אַזויפיל מיה און אַרבייט און צרות אַביסעל אויסגעאיידעלט גע־וואָרען. רוים האָט קאָלאָניזירט רומעניע, און וואָס איז רומעניע היינט, צוויי טויזענט יאָהר נאָך טראַיאַנוס? די אייגענע באַר־באַרען, ווי אָוויד האָט זיי באַשריבען — באַשמירט מיט אַביסעל פראַנצויזישער פאַרב. און וואָס איז געוואָרען פון די אַלטע גרי־כישע קאָלאָניעס אין עפעזוס, אָדער גאָר אין אָלביאַ, אין עדיסאַ? טאָטערען וואוינען היינט דאָרט און אוקראַינישע באַרבאַרען — פלאַטאָנ'ס גייסט וועהט ניט מעהר איבער מעליטאָפאָל אָדער אָדעס.

אָבער דער גייסט פון מילטאָן און שעקספּיר, פון וויקליף און פון טשאָסער, פון דער גאַנצער אַנגלאָ־איראָפּייאישער קולטור, וועהט איבער די דיונעס און איבער די בערגלאַך פון ניי־ענגלאַנד.

ווייל אַלעקסאַנדער דער מאַקעדאָנישער און טראַיאַן און גער־מאַניקוס און אַלע גריכישע און רוימישע קאָלאָניזאַטאָרען האָבען געבויט אויף כח, — די פּילגרימען וואָס זיינען געקומען פון ענגלאַנד, אָט די ווינסלאָוס און ברעדפאָרדס און ווהייט און אינגליש און די איבעריגע, וואָס האָבען אונטערגעשריבען די ערשטע פרייהייטס־פאַרפאַסונג וואָס די וועלט האָט ווען עס איז געקענט — האָבען ניט געוואָלט איינעהמען, באַזיגען, עראָבערען, קאָלאָניזירען, נאָר בלויז לעבען — נאָך זייער אידעאַל. זיי האָבען געוואָלט שאַפען אַן אָרט פאַר דער העכסטער קולטור פון דעם איראָפּייאי־שען באַוואוסטזיין.

עס איז געווען זיכער אַ צופאַל, וואָס זייער ערשטער בנין איז געווען אויף זאַמד. גייסט בויט תמיד אויף זאַמד. בלויז כח דאַרף האָבען שטיין. גייסט אָבער איז זאַמד, וואָס ווערט פאַרפעס־טיגט און געבונדען, געבונדענע באַוועגונג.

דר. א. קאַראַלניק

* * *

און דאָס איז אויך אַמעריקאַניש, דער המשך פון די פּילגרימען, זיי זיינען אויך וואַנדערער. דער מאַטעריעלער אָרט, אָט דאָס שטיקעל ערד, דאָס בוימעלע און דער שטיין זיינען פאַר זיי ניט הייליג. מען קאָן זעהן אין פראַנקרייך אָדער דייטשלאַנד דערפער, וואָס זיינען אַלט איבער טויזענט יאָהר, און פויערים וואָס זיצען אויף דער ערד, וואָס זייערע עלטער־עלטער־עלטער־עלטער־זיידעס אין קאַרל דעם גרויסען׳ס צייטען האָבען גע׳ירש׳ענט. און ווען פּראָווינסטאַון וואָלט געווען ניט קיין אַמעריקאַנישע, נאָר אַ פראַנ־צויזישע אָדער אַ דייטשע ירושה — וואָלט דאָס גאַנצע שטעדטעל זיכער געווען אַ נאַציאָנאַלער מוזעי, פאַרצאַמט און פאַרשלאָסען — קיין פרעמדער וואָלט ניט געטאָרט זיך דאָרט באַזעצען. אָבער אין אַמעריקע טליעט פאָרט נאָך ערגעץ־וואו אין דעם אונטערבאַ־וואוסטזיין דער וואַנדערער־גייסט.

און נאָר אין אַמעריקע האָט זיך געקאָנט טרעפען, אַז פּראָ־ווינסטאַון, די פון אַמעריקע, זאָל ווערען אַ רייך־פּאָרטוגעזישע שטאָדט. אויף די גאַסען — אָדער ריכטיגער, אויף דער גאַס פון פּראָווינסטאַון — האָב איך געזעהן — אַחוץ די פאַר באַזוכער און טוריסטען, מייסטענס ניו־אינגלענדער — צוויי מערקווירדיגע גרו־פען מענשען משונה׳דיג אָנגעטאָנענע אַרטיסטען, מאַלער, און נאָך מעהר מאַלערינס, וואָס שטעהען גאַנצע טעג אויף דעם ברעג פון ים און — שמירען אויף די לייווענטען. שמירען — ניט מאָלען. מיר דאַכט זיך, אַז פון די צעהנדליגער „קינסטלער״, וואָס שטעהען דאָרט אין זייערע רויטע, בלויע, גרינע און געלע כאַ־לאַטען — האָט קיינער ניט קיין פונק פון טאַלאַנט. ווייניגסטענס איז דאָס וואָס זיי ברענגען אַרויס אַזוי אָרים אַוויז ווערטלאָז. אָבער זיי האָבען פאַרגעניגען דערפון — מען שטעהט אין מאַלערישע פּאָזען. מען „אַרבייט״, און נייגעריגע טוריסטען שטעהען הינטער דער פּלייצע און קוקען זיך איין. און אַלע זיינען צופרידען. די „קינסטלער״, וואָס זיי האָבען אַן אומזיסטע אויסשטעלונג, און די צושויער — ווייל עס איז תמיד קאָמיש צו זעהן טאַלאַנטלאָזיגקייט מיט פּרעטענזיעס.

אָבער אויף דער אַנדערער זייט פון דער גאַס — צו דער יבשה צו — זעהט מען גאָר אַנדערע פּנים׳ער, אַזוי אומ־אַמעריקאַניש ווי מען קאָן זיך בלויז פאָרשטעלען. כמעט שוואַרץ אָדער געלב־

ליך, בלוי־שוואַרצע האָר, פינקלענדיגע אויגען, ווי פון בראָנז גע־גאָסענע שאַרפע פּראָפילען. און איבער די גאַסען פון פּראָווינ־סטאָון קלינגט אַ שפּראַך, אָנגעזאַפּט מיט זון, שאַרף און מעלאָדיש. דאָס זיינען פּאָרטוגעזען. מיט פינף־און־זיבעציג יאָהר צוריק זיי־נען געקומען אַהער עטליכע פּאָרטוגעזישע פישערס און האָבען זיך דאָרט באַזעצט. און היינט איז כמעט דאָס גאַנצע שטעדטעל, און די פאָרשטעדטלאַך אַרום, ווי טרורא א. אַ., באַוואוינט כמעט אויסשליסליך פון פערעיראַס און וועגעטעס און אַליווערעס און עספּינאָלאַס.

„די יענקיס שטאַרבען אויס אָדער וואַנדערען אויס" — האָט מיר ערקלעהרט איינער פון די פּאָרטוגעזען, נונעס. די יורשים פון די „פּילגרימס" דאַרפען מעהר ניט האָבען די זאַמד־דיונעס פון קייפּ־קאָד. זיי האָבען זיך צעשפּרייט איבער דעם גרויסען, ברייטען לאַנד. זיי וואַנדערען.

„און איהר" — פרעג איך דעם כמעט שאָקאָלאַד־ברוינעם פּאָר־טוגעז — „איהר פיהלט זיך נאָך ווי אַ פּאָרטוגעז?"

„נאָו, סער" — האָט ער מיר געענטפערט מיט שטאָלץ. — „איך בין אַן אַמעריקאַנער. דאָס איז מיין לאַנד — דאָ בין איך געבוירען, דאָס איז מיין היים".

ער רעדט נאָר פּאָרטוגעזיש, אָבער ער איז שוין אַן אַמערי־קאַנער דורך און דורך — אַחוץ אין זיינע דרום'דיג בענקענדיגע אויגען. און דאָס איז אויך אַמעריקע: זי פאַרשיט מיט זאַמד אַלצ־דינג, וואָס ווערט פאַרוועהט אַהער מיט דעם ווינט — און דאָס זאַמד ווערט פאַרוואַקסען און געבונדען — צוגעבונדען און פאַר־וואָרצעלט.

* * *

און ווייטער — איבער דעם קייפּ־קאָד, איבער באָסטאָן — אין דעם האַרץ פון ניו־אינגלאַנד. צו דעם גרינעם פעלד פון אַר־לינגטאָן, וואו דער ערשטער היסטאָרישער שאָס האָט זיך דער־הערט, דער שאָס וואָס האָט געעפענט אַ נייע עפּאָכע אין דער גע־שיכטע פון דער מענשהייט. וואָס האָט געשאַפען די רעפּובליק. צו דער בריק, וואו די פּאָר אַמעריקאַנער פאַרמער האָבען צום ערשטען מאָל באַזיגט די בריטישע סאָלדאַטען. אַרום און אַרום — היסטאָריע. און ווידעראַמאָל היסטאָריע פון גייסט.

דר. א. קאָראַלניק

עמערסאָן, האָטהאָרן, אַלקאָט, הענרי ד. טהאָראָ — אַלץ נע־מען פון אינטעלעקטועלען. אפשר ניט אַזוי גרויס ווי די אַמעריקאַנער מיינען, אָדער האָבען געמיינט. געוויס איז עמערסאָן ניט געווען קיין זעהר טיפער דענקער און האָטהאָרן ניט קיין זעהר גרויסער שרייבער. זייערע ביכער האָבען היינט אַ קנאַפּען ווערט פאַר אונז. אפילו טהאָראָ, דער אָרגינעלסטער און גרעסטער פון דער גאַנצער ניו־ענגלאַנד שולע, איז היינט צו־אַלטמאָדיש און מאַכט דעם איינדרוק פון אַ מיטעלמעסיגקייט. אָבער ניט דאָס איז וויכטיג. וויכטיג איז דער רעספּעקט פון זייער דור פאַר זיי. וויכטיג איז, וואָס זיי, די העכסטע קולטור־טרעגער פון זייער צייט, זיינען געווען אַזוי נאַטירליך אַ פּראָדוקט פון זייער סביבה. פּייך, מילד, „דזשענטל״.

אַ פּראָדוקט פון אַ לאַנגער, רייכער, צו־רייכער פאַרגאַנגענהייט. און דערפאַר טאַקע אָפּגעזונדערט, אָפּגעשניטען פון דער נייער אַמעריקע.

ניו־אינגלאַנד איז געווען צו קולטור־געזעטיגט, כדי צו קאָנען שאַפען די נייע אַמעריקאַנישע וועלט. זי האָט געמוזט צוריק־טרעטען, זי האָט געמוזט פאַרוויאַנען, כדי אַ נייער, פרישער וואַלד זאָל קאָנען זיך צעבליהען.

עדוואַרדס טראַנסצענדענטאַליסט, קאָטאָן, מאַטהערס, די טעאָלאָגען, די דענקער, די פּוריטאַנער, די רעליגיעזע זוכער, עמערסאָן און לאָנגפעלאָו — אַלע האָבען זיי געמוזט זיין, כדי נוגעס פון פּאָרטוגאַל זאָל אויפ׳סניי אַריינטראָגען ניי בלוט און אַביסעל אַלטע באַרבאַריי, און פוןביידע, דעם אַלטען און דעם נייעם, פון באַרבאַריי און קולטור, בויען אויפ׳סניי.

געוועהנליך איז דער גאַנג פון דער געשיכטע געווען: צו־ערשט באַרבאַריי דערנאָך קולטור. אַמעריקע איז דאָס איינציגע לאַנד, וואו דער פּראָצעס איז געווען אַ פאַרקערטער.

אַ לאַנד פון פּאַראַדאָקסען, אַן אַנטיפּאָדען־לאַנד!

אויגוסט 22, 1925

# די שאָקלער פון לבנון

דער באַרג לבנון ניט ווייט פון שרון, אין שכנות פון כנען, עטליכע מייל פון „יעקב׳ס לייטער״. די געאָגראַפיע שטימט ניט? איך קאָן גאָרניט טאָן אַנטקעגען דעם. עס איז דאָך אַזוי. עס שאַדט ניט. מען מיינט עס דאָך ניט אויף דעם רעכטען אמת. עס איז ניט דער לבנון און ניט דער טאָל פון שרון, און אויך ניט דער ריכטיגער כנען. עס האָט בכלל גאָרניט וואָס צו טאָן מיט ארץ־ישראל. בלויז מיט אַ פּאָר שטעדטלאַך אין ניו יאָרק סטייט, אויף דעם גרעניץ פון מאַסאַטשוזעטס און קאָנעטיקוט.

דאָרט, צווישען פּיטספילד און אַלבאַני, אין די בוירקשיירס, צווישען וואַלד־באַוואַקסענע בערג ניט פון די צו הויכע ,מיט שטאָלצע רוקענס, שווערע, אָטעם־פאַרכאַפּענדיגע סטעזשקעס, אָהן אָפּגרונטען, אָהן שווינדלענדע הויכען און פאַרלאָקענדע טיפענישען, נאָר אַזוי געמיטליך היימיש, באַלעבאַטיש, מילד און געמעסיגט — דאָרט ליגט אין אַ טאָל אַ קליין דערפעל. מען רופט עס די „שייקער־ווילעדזש״ דאָס דאָרף פון די „שאָקלערס״. דער גלייכער, געפלאַסטערטער, נייער אויטאָמאָביל־שליאַך פון פּיטספילד קיין אַלבאַני, גלאַט ווי אַ פּאַרקעט, פאַרקערעוועט זיך פּלוצלינג אָן אַ זייט, רייסט זיך אָפּ. אויס פּאַרקעט־וועגען. ניטאָ קיין געפלאַס־טערטער אַספאַלט־שליאַך. אָן אַלטמאָדישער, אָמאָליגער, פּשוט׳ער וועג — שטויב אין זומער, בלאָטע אין דער רעגען־צייט. די נייע וועלט הערט אויף; די אַלטע, גאָר אַלטע הויבט זיך ווידער אָמאָל אָן; ווי אַ קנויל באַגוועל, וואָס איז שוין פאַרשוואונדען, פאַראַרבייט געוואָרען אין אַ געוועב אַזוי אַז מען קאָן שוין ניט מעהר דערקאָנען דעם איינצעלנעם פאָדים. און נאָך ערגיץ אין אַ ווינקעל, ערגיץ לעבען דעם אונטערשלאַג, הענגט אַרויס אַ פּאָר־געסענער, איינזאַמער פאָדים אויס נאַכלעסיגקייט אָדער דערפאַר וואָס דער פאָדים האָט מיט אַמאָל רעוואָלטירט.

אין דעם גאַנצען דערפעל — אַן ערך פון צוואַנציג־דרייסיג הייזער. אַלע פון איין פאַרב. אַלע פון איין סטיל. ווייס און רויט.

צווייגאַרענדיג — די פענסטער מיט אייזערנע גראַטעס, ווי פאַנ־
סיאַנאַטען פאַר יונגע מיידלאַך. אפילו די בלומען פאַר די הייזער
האָבען אַ מיידעלשען סטיל; אָדער טורמעס פאַר פאַרברעכער,
וואָס זיינען שוין אויפ׳ן וועג צו לייטישקייט. עס איז כמעט ניט
בלויז אַ פאַרגלייך: ס׳איז אפשר מעהר ווי אַ ליטעראַריש בילד.
עס איז זעהר נאָהענט צום אמת, צו דעם אייגענטליכען צוועק און
זין פון דעם דאָרף, ווייל אין דעם דאָרף לעבען „שייקערס״, אַ
מערקווירדיגע סעקטע, איינע פון די אינטערעסאַנטסטע וואַריאַציעס
פון דעם אומרוהיגען, זוכענדען, ריטמענרייכען, פראָטעסטאַנטיש־
רעליגיעזען מאָטיוו.

די „שייקערס״, די „קווייקערס״, די „אַנאַבאַפּטיסטען״, די „אַד־
ווענטיסטען״, די „סוועדענבאָרגאַנער״ און נאָך און נאָך — דאָס
זיינען אַלע די לעצטע רעשטלאַך פון דער שטאַרקער רעליגיעזער
דערציטערונג, וואָס האָט אויפגעטרייסעלט די אייראָפּיאישע וועלט
אין דעם זיבעצעהנטען יאָהרהונדערט. מענשען זיינען מיד געוואָרען פון דעם רעליגיעזען שאַבלאָן, פון דעם אויסגעטראָטענעם
וועג, פון דער רעליגיע, וואָס איז געוואָרען אַ פאָליטישע מאַכט,
אַ שותף צו דעם שטאַט, פון דער פאַרגליווערטער דאָגמע. די
גרויסע מאַסע האָט זיך באַרוהיגט ביי דער רעליגיעזער רעפאָרם
פון דעם פראָטעסטאַנטיזם. פון איין פעסטער פאָרם אין אַ צוויי־
טער נאָך אַ קורצען אַנאַרכישען איבערגאַנג. די גרויסע מאַסע
וויל ניט און דאַרף ניט האָבען קיין פרייהייט פון גייסט. זי האָט
ליב ענגשאַפט. זי וויל גרייטע, געבראָטענע טייבעלאַך אין מויל
אַריין, טייבעלאַך פון הימעל. בלויז איינצעלנע, געקליבענע, קאָנען
זיך ניט באַרוהיגען, געפינען זיך שטענדיג אין דעם צושטאַנד פון
גייסטיגער אומרוהיגקייט. זיי זיינען וואַנדערער און געהען אַלץ
אויף מערקווירדיגע, זייטיגע וועגען און פאַרקריכען אָפט אין
מדבריות. און וואָס שטאַרקער דער ווילען צום אמת, וואָס ערנ־
סטער דער פאַרלאַנג צו לעבען טריי צו זיך אַליין — אַלץ משונה׳־
דיגער די פאָרמען. דאָס האַלץ ברענט און פלאַקערט אַזוי שטאַרק,
אַז עס ברענט באַלד אויס, און עס בלייבט גרויע אַש.

ווי ביי די קווייקערס, לכתחילה אַ סעקטע פון פרייע, פון
אַנאַרכיסטיש־רעליגיעזע מענשען, התפעלות, אַ זידענדער ענ־
טוזיאַזם; דאָס „וואָרט פון גאָט״ האָט זיי אַריינגעבראַכט אין

עקסטאַז ; זיי האָבען געציטערט, ממש, קערפּערליך, ווען זיי האָ־בען געדאַווענט און געזונגען זייערע הימנען. זיי האָבען אַזוי געציטערט, אַז מען האָט זיי אָנגעהויבען רופען די „ציטערענדע", די קוויקערס. אָבער באַלד איז דער עקסטאַז פאַרגאַנגען. די אַנאַרכיע האָט אויפגעהערט. ווידער אַ נייע פאָרם, מיט געזעצען, מיט דאָגמען, מיט אַ קירכליכער אָרגאַניזאַציע. די רוהיגע, די קיהלע האָבען זיך איינגעאָרדענט און געבויט שטעדט און געמאַכט מסחר, און רייך געוואָרען.

די הייסערע צווישען זיי האָבען ניט געוואָלט זיך אונטערגעבען. ווייטער זוכען, העכער, טיפער, אפשר וועט דער אמת קומען. און זיי זיינען געלאָפען נאַקעט איבער די וועלדער, אָדער אָנגעטאָן אין מאַנטלען פון גראָבן לייווענט, מיט לאַנגע האָר, ווי די נביאים, זיך אָפּגעזאָגט פון דער וועלט און געפּרעדיגט, גע׳דרשנ׳ט „גאָט׳ס וואָרט".

קאָרג איז זיי געווען וואָס זיי האָבען געציטערט. זיי האָבען זיך נאָך געשאָקעלט, געטרייסעלט, כדי אָפּצוטרייסלען פון זיך די זינד פון דער וועלט, דעם זינדיגען אָדם ; געטרייסעלט פון מורא פאַר גאָט און פאַר ליבע צו איהם. און ניין מענשען פון מאַנ־טשעסטער, אין ענגלאַנד, מיט דער רעליגיעז־עקסטאַטישער, היס־טערישער פרוי, אַנאַ לי, אָן דער שפּיץ, האָבען אָרגאַניזירט (1754) אַ נייע סעקטע, די „גלויביגע". אַנדערע אָבער האָבען זיי גערופען די „שאָקלער", די „שייקערס". און די „גלויביגע" האָבען אָנגע־נומען דעם שפּאָט־נאָמען מיט גדלות. עס האָט זיי געפעלען פאַר־שפּאָט צו ווערען. עס האָט זיי ניט געאַרט, וואָס מען האָט געלאַכט פון זייער גלויבען, אַז אַננאַ לי, די מאַנטשעסטער פרוי, איז די „ענטפּלעקונג", די „ווייבליכע פאַרקערפּערונג פון גאָט". די ניין האָבען געגלויבט. און עס איז געווען גענוג פאַר זיי. זיי האָבען געפונען נאָכפאָלגער און מיטגלידער. מען האָט אָנגעהויבען צו שאָקלען און צו טרייסלען אויף וואָס די וועלט שטעהט. אָבער אין מאַנטשעסטער איז געווען ווייניג פּלאַץ. רעליגיעזע רעפאָר־מאַטאָרען, די אויפטרייסלער און צושאָקלער פון דער נשמה, ווי אויך די אויפטרייסלער פון דער מענשליכער געזעלשאַפט, דאַרפען האָבען פּלאַץ, רוים, רחבת־ידים. און זיי האָבען איהם געפונען אין אַמעריקע. די גאַנצע לי־משפחה, אינאיינעם מיט דער „פאַר־

קערפּערטער" אַננאַ, זיינען אַוועק פון ענגלאַנד און באַזעצט זיך אין וואַטערפליעט, ניו יאָרק סטייט. „אַכט זיינען געבליבען טריי", שרייבט נאַאיוו די כראָניק פון די „שייקערס"; דער ניינטער האָט ניט באַשטאַנען דעם נסיון, ער האָט אין דער ווילדערניש פון דער דאַמאָלסדיגער אַמעריקע אויסגעפונען, אַז גאָט אַנטפּלעקט זיך ניט שאָקלענדיג, ניט אָפּט, און אַז מאַנטשעסטער און אַננאַ לי זיי־נען ניט די איינציגע וועגען צו איהם.

אָבער די געטרייע אַכט זיינען געוועזן פעסט ווי די בערג. זיי האָבען זיך געטרייסעלט און געגלויבט. איין קאָלאָניע נאָך דער צווייטער האָט זיך געגרינדעט צווישען די בערג אין די וועלדער פון ניו יאָרק און מאַסאַטשוזעטס, און דער איינפלוס פון די „שיי־קערס" איז געוואַקסען.

העפּוואָרט דיקסאָן, דער פאַרפאַסער פון דעם בוך „דאָס נייע אַמעריקאַ", זאָגט, אַז די שייקער־אידייען האָבען געהאַט אַ געוואַל־טיגען אומשאַפּענדען איינפלוס אויף דעם רעליגיעזען דענקען פון אַמעריקע. „די שייקערס", שרייבט ער, „זיינען זיכער ניט קיין געלערנטע אָדער קיין באַגאַבטע מענשען; פאַרקעהרט, זיי זיינען זעהר פשוט'ע מענשען; אָבער זיי לעבען אין אַ וועלט פון אידייען און זיינען פעהיג צו ברענגען קרבנות פאַר זייערע אידייען. ווער עס קוקט זיך אַריין אין דעם גרונט פון דער אַמעריקאַנער גע־זעלשאַפט, קאָן זעהן, וואָס פאַר אַ רייכע ווירקונג די דאָזיגע שייקער־ברודערשאַפטען האָבען געהאַט אויף גרויסע מאַסען אין דעם לאַנד".

העפּוואָרט דיקסאָן איז מן־הסתם אַליין געוועזן אַ קוויקער אָדער אַ שייקער, און וואָס ער האָט אָנגערופען „ניי אַמעריקאַ", איז שוין היינט אַן אַמעריקע, וואָס וואַרט אויף דעם מוזעאום אָדער פאַר דעם פאַלמעסער. די נייע אַמעריקע פון היינט, די אַמעריקע פון די אומגעהייערע שטעדט, פון וואָל סטריט, פון גיגאַנטישע אונטער־נעהמונגען, די אַמעריקע פון בראָדוויי און פון קאַרל סענדבורג, פון וואַלדאָ פראַנק און פון וועלט־פּאָליטיק, די אַמעריקע פון סאָ־ציאַלער אומרוהע, פון סטרייקס, פון קאַמף פאַר מאַכט, די אַמע־ריקע פון רוזוועלט און ווילסאָן — האָט זיך אָפּגעטרייסעלט, אָפּגע־שאָקעלט פון די טרייסלער און פון די שאָקלער פון דעם באַרג לבנון אין סטייט ניו יאָרק.

און דאָך — איז דאָס אפשר די אמת׳ע אַמעריקע ? אָדער איז ניט אַמעריקע — „מעין סטריט״ ? נעהמט זיך ניט דער גאַנצער הייסער קאַמף אין דעם היינטיגען אַמעריקאַנער לעבען, דער קאַמף אַנטקעגען די „פרעמדע״, די רעאַקציע אַנטקעגען אַלע נייע אידייען — טאַקע דערפון, וואָס „מעין סטריט״ קאָן זיך נאָך ניט באַפרייען פון דעם באַרג לבנון, וואָס דער גייסט פון אַננאַ לי שוועבט נאָך אַלץ איבער דעם לאַנד ?

„הענט פאַר אַרבייט און הערצער פאַר גאָט״, אַזוי האָט גע־פרעדיגט אַננאַ לי, און דאָס איז אויך דער מאָטאָ פון די שיי־קערס. „גלייכהייט״ אין אַלעמען. גלייכהייט אין אַרבייט, גלייכ־הייט אין אייגענטום, אינדוסטריעלע פרייהייט, גלייכהייט פון די געשלעכטער, דעמאָקראַטיע, לעבען נאָך דער „גאָלדענער רעגעל״, נאָך דעם דרך הישר. דאָס לעבען בכלל — אַ גייסטיגער דינסט. „דאָס לעבען פון דעם גייסט, ניט די פאָרם פון דעם אויסדרוק, איז דער עיקר״. נעהמט אַוועק די אויסערע פאָרמען, ווי, למשל, די נזירות — די שייקערס האָבען ניט חתונה און זאָגען זיך אָפּ פון אַלע תאוות — דעם גלויבען אין אַננאַ לי, דאָס טרייסלען זיך, און פאַר אונז שטעהט אַמעריקע מיט אַלע איהרע אידעאַלען, מיט איהר גאַנצען גייסטיגען, פּאָליטישען און סאָציאַלען אינהאַלט.

דעמאָקראַטיע — אָבער ביז צו אַ געוויסען גרעניץ : אַזוי ווייט ווי דער שכן ערלויבט זי. פרייהייט פון וואָרט און שריפט — אָבער ביז צו געוויסע דאָגמען. ווייטער טאָר מען ניט געהן. גלייכהייט — אָבער אויך די שטרענגסטע דיסציפּלין : די „עלט־סטע״ האָבען אַ רעכט צו באַשטימען וואָס יעדער איינציגער מעג לייענען, וואָס יעדער איינער מעג און זאָל שרייבען. גלייכהייט — אָבער ניט קאָמוניזם, ווי די היינטיגע שייקערס זאָגען. זיי ווילען גאָר ניט איבערבויען די וועלט, זיי זיינען צופרידען מיט איהר. די געשיכטע איז פאַר זיי ניט קיין האַרטער פאַקט, וואָס לאָזט זיך ניט ענדערען ; קיין אַנטוויקלונגס־פּראָצעס, נאָר אַ שטעהענדער טייך. און קעמפט ניט היינט זייער ניי־אַמעריקע אַנטקעגען דעם דאָזיגען שטאַטישען באַגריף, אַנטקעגען דער געג־נערשאַפט פון אַלט־אַמעריקע צו יעדער נייער אידייע, צו יעדער אַנטוויקלונג ?

דר. א. קאַראַלניק

* * *

עס איז געווען אַ זונטאָג, און איך האָב געהאַפּט, אַז איך וועל זעהן די „שייקערס" אויף דער גאַס, אויף דעם פּעלד, אין דער קיילעכדיגער קירך, וואָס שטעהט אינמיטען דאָרף. אָבער מיין זוכעניש איז געווען אומזיסט. דאָס דערפעל איז געווען ווי אויסגעשטאָרבען. די הייזער פאַרמאַכט, פאַרריגעלט. די קירך פאַרשלאָסען. „וואו זיינען זיי, די שייקערס?" האָב איך געפרעגט ביי אַ יונגענמאַן, וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזען פון אַ פענסטער ערגיץ אין אַ שטוב ביים וואַלד, דאָרט וואו דאָס שייקער-דאָרף האָט זיך געענדיגט. „מען קאָן זיי שוין גאָר ניט זעהן", האָט דער יונגערמאַן, אַן אַמעריקאַנער פאַרמער, געענטפערט מיט אַ שמייכעל. „זיי זיינען אינגאַנצען געבליבען צוואַנציג פאַרשוין, אַלע זקנים. זיי אַרבייטען אין זייערע וואַרשטאַטען, מאַכען צוקערקעס און מעדיצין פאַר הוסטען; אָבער זיי זיינען שוין אפילו פאַר דעם צו אַלט. זיי געהען שוין אין דער קירך אויך ניט. זיי שטאַרבען אויס". נו, און איהר זייט אויך אַ שייקער?" „איך?" דער יונגער פאַרמער האָט זיך צעלאַכט, און פון דער שטוב האָט זיך דערהערט אַ יונגער, האַרציגער געלעכטער פון אַ פרוי, און פון הינטער זיין פּלייצע האָט זיך באַוויזען אַ רויטער, קורץ-געשוירענער קאָפּ פון זיין יונג ווייבעל. ווייטער האָב איך שוין ניט באַדאַרפט פרעגען. די ראיה איז געווען צו בולט.

איך האָב אָבער סוף-כל-סוף געפונען אַ שייקער אָדער, ריכטיגער, אַ „שייקערטע", אין דעם קלייטעל, וואו די שייקערס פאַרקויפען זייער צוקערוואַרג און האַנט-אַרבייט. אַן אַלטע פרוי אין אַלט-מאָדישע קליידער מיט אַ שאַרפען, אומסימפּאַטישען, בייזען פּנים, האָט פאַרקויפט פּושקעלאַך מיט „שייקער קענדי" — צו פּרייזען, וואָס וואָלטען דוקא געפּאַסט פאַר דעם ערגסטען הויטשינדער; און קליינע ביכעלאַך איבער די שייקערס און פּאָסטקאַרטען מיט די פאָטאָגראַפיעס פון די „עלטסטע" פון דעם באַרג לבנון.

ווען אַננאַ לי וואָלט געזעהן וואָס עס איז געוואָרען פון איהר שליחות און פון איהר שאָקעל-עקסטאַז, וואָלט זי זיכער חרטה געהאַט, וואָס זי איז אַוועקגעפאָהרען פון מאַנטשעסטער און האָט ניט חתונה געהאַט און געוואָרען אַ מאַמע פון נייע געזונטע קינדער.

כדאי געווען צוויי הונדערט יאָהר ציהען מיט עקשנות אַ לי־ניע; כדאי געווען פאַר מענשען זיך אָפּזאָגען פון אַלעמען, כדי סוף־כל־סוף פאַרקויפען מיר אַ פּושקעלע צוקערקעס פאַר פינף־און־זיבעציג סענט און די פאָטאָגראַפיעס פון די „זקנים״ פאַר פינף.

אַזוי איז הפנים דער סוף פון אַלע אידייען און אַלע פאַנאַטיז־מען. עס איז אַ שאָד, וואָס איך וועל מן־הסתם ניט דערלעבען לייענען דעם פעליעטאָן פון אַ באַזוכער פון דעם „לענין־ווילעדזש״ אין רוסלאַנד — אין הונדערט יאָהר אַרום. דער סוף וועט דאָך זיכער זיין דער אייגענער. אַ קליין דאָרף — מיט צוואַנציג קאָמו־ניסטען, וואָס וועלען פאַרקויפען פאָטאָגראַפיעס — און אַננאַ לי׳ס — פאַרדאָן, ניקאָלאַי לענינ׳ס בילד. ס׳איז אַ שאָד, וואָס איך בין געבוירען געוואָרען צו פריה.

סעפטעמבער 3, 1922

# פון וועג

## 2

### בערג און אינזלען

איך קום זיך שוין באַלד פאַר ווי פישקע דער קרומער, ווען ער האָט אַרומגעפיהרט זיין „פריינד" איבער אָדעס: „וואָס זאָגסטו עפּעס אויף מיין אָדעס?"

וואָס זאָגסטו עפּעס אויף מיין ניו יאָרק? נאָך דער אָרימקייט און דער פלאַכקייט פון מאַסאַטשוזעטס, פון קאָנעטיקוט, נאָך די אַזוי באַשיידענע לאַנדשאַפטען — היסטאָריש אינטערעסאַנט, אָבער מאַלעריש, פאַר'ן אויג אַזוי רייצלאָז — איז דער אַריינפאָהר צוריק אין ניו יאָרק סטייט געוועזן ווי דאָס אַריינקומען פון אַן אָרים, ציכטיג, באַלעבאַטיש שטיבעל אין אַ גרויסען, רייכען פּאַלאַץ.

ברייט און גרויס און שטאַרק — בערג און גרינע וועלדער, גראַניטנע ווענט און שוימענדע, ברויזענדע קאַסקאַדען־וועגען, וואָס בלישטשען ווי אַ געשייערטער דיל — פון אַלע זייטען, אַזוי צו זאָגען פון אַלע פאָרען פון דעם דאָזיגען וואונדערבאַרען ריזען־לאַנד גיסט זיך רייכקייט, ברייטקייט און מאַכט.

איך אַנדערע מענשען. ניטאָ מעהר דער שטילער, דאַרער, מאַגערער און פאַרביסענער ניו־אינגלאַנד־טיפּ, „אַ מענש מיט אַ פאַרגאַנגענהייט", אַ יחסן וואָס איז מקנא און בייזערט זיך באַהאַלטענערהייט און שמייכעלט אַזוי זויער צווישען זיינע דינע ליפּען. אַן אַנדער מענשען־טיפּ: ברייט־ביינערדיג. ברייט־פּלייצעדיג — אַביסעל וואולגאַר אָבער גוטמוטיג. די ראַסע איז מעהר געמישט. דאָס דרום־בלוט, דאָס מזרח־בלוט, דאָס הייסע, אַלטע קעלטישע בלוט רעדט און זינגט. און זעלטען־זעלטען ווען מען דערהערט דעם נידערען, דעם שטילערען קול פון דעם אַלטען יענקי־בלוט.

און מיט אַמאָל דערפיהלט מען אַ מין היימישקייט. ניו יאָרק איז טאַקע אַ פּאָר הונדערט מיילען ווייט — אָבער פאָרט איז עס אַרום ניו יאָרק, צענטרירט אַרום איהר. און ניו יאָרק — יאָ,

וואָס מען זאָל ניט זאָגען, עס איז דאָך די כשוף־שטאָדט, די שטאָדט פון טויזענטער פעדים, וואָס פלעכטען זיך צונויף אין איין מערק־ווירדיגען, איינציגאַרטיגען געוועב. אַ קונסטווערק וואָס ווערט געשאַפען טעגליך פאַר אייערע אויגען.

* * *

אַרום און אַרום אין ניו יאָרק סטייט. איבער די אַדיראָנדעקס — אויף דעם „לייק דזשאָרדזש". די שעהנסטע בערג פון אַמע־ריקע. ניט אַזוי גרויס, ניט אַזוי אימפּאָנירענדיג, ווי די בערג אויף דעם קאָלאָראַדאָ־פּאַסיפיק וועג, אָבער מאָדולירטער, שטי־מונגספולער. דריי רייען — סילועטען. די נאָהנטסטע — צו אונז — גרין, וואַלד־באַוואַקסן. הינטער איהר — אַ געבויגענע, ציהט זיך אַן אַראָפּלאָזענדיגע ליניע — און אויפ׳סניי אַ סילועט. מען זעהט נאָך דעם וואַלד — אָבער דער קאָליר איז שוין שוואַרץ, שוין שטרענג. און דערנאָך — גאָר אין דער ווייטענס — אַן אַנדער סילועט. און מען זעהט שוין גאָרנישט — ניט קיין וואַלד, ניט קיין שטיין — בלויז אַ ליניע, גראַציעז — ווי געפיהרט מיט אַ מאַטאָווע בליי.

אַרום און אַרום, אויף די ברעגען, אויף די קליינע בערגלאַך, אויף קליינע בוימער־באַוואַקסענע אינזעלאַך — הייזער, שטראַלענ־דיג ווייס, רויטע דעכער, גרין־באַפּוצט, אין פאַרבען איינגעטונקען. שיפלאַך נישטערען אַרום. יונגע מענשען, מיידלאַך, בחורים, אַ טייל כמעט אין נאַטור־קליידונג, אַנדערע בלוי־גרין־רויט פאַר־פּוצט — פאָהרען אַרום. אַלע שוויגען. מען הערט ניט קיין גע־זאַנג, קיין פרעהליך געלעכטער. און אין דעם דערקענט מען אַמעריקע.

מען קאָן נאָך ניט געניסען, אָבער פאַרט — אין דער שטילקייט ליגט אַן ענערגיע פון ווילען־געניסען און אַ מין געפיהל פון זי־כערקייט.

* * *

פון לייק דזשאָרדזש — איבער בערג און איבער טאָלען, איבער וועלדער וואָס בויגען זיך איבער דיין קאָפּ און אָטעמען דיר אַריין זייער סוד אין דער שפּעטער גרין־שוואַרצער נאַכט, איבער פאַר־שלאָפענע אַלטע באַרג־שטעדטלאַך, איבער איינזאַמע פעלדער וואָס

ליגען אויסגעשפּרייט מיט אַזאַ רחבות איבער דער רוהיגער ערד — און איבער שטעדט וואָס פּילדערען מיט לעבען, סיראַקיוז, ראָם, ראָטשעסטער, באָפאַלאָ — צו דעם גרעסטען וואונדער פון אַמע־ריקע, צום „ניאַגאַראַ פאַלס". איך האָב שוין איהם אַ סך מאָל געזעהן און זיך תמיד געהיט איהם צו באַשרייבען. איך האָב זיך כמעט געגעבען דאָס וואָרט — עס קיינמאָל ניט צו טאָן.

עס איז צו־פיל — און צו־ווייניג. אייגענטליך — ווי טשעכאָוו האָט אַמאָל באַשריבען דעם ים — איז דאָס ניט מעהר ווי „אַ סך וואַסער". עס פאַלט וואַסער איבער שטיינער — און . . . אָבער אין אָט דעם „און" ליגט דער גאַנצער סוד. און וואָס? אַ וואַסער־פאַל, ווי יעדע אַנדערע גרויסאַרטיגע נאַטור־ערשיינונג. באַלאַנגט צו דער קאַטעגאָריע פון איינדרוקען, וואָס פאַרלירען זייער גאַנצע סטיכישע קראַפט, זייער גאַנצען פאַטאָס. ווען מען וויל זיי אַריבער־פיהרען פון איין סקאַלאַ אויף אַ צווייטער, פון דער ריין־עמאָציאָ־נעלער אויף דעם שפּראַכליך־בילדליכער. און נאַטור־באַשרייבונג איז דאָך — צי מען וויל צי מען וויל ניט — נאַטור־רעטאָריק, סיידען מען באַשרייבט די נאַטור מיט דעם געניטען אויג פון אַ נאַטוראַליסט, מיט דער גענויקייט פון אַ וויסענשאַפטסמאַן, ווי הומבאָלדט אָדער פאַבר אָדער טאָראָ.

מיך האָט ביז אַהער ניט באַפרידיגט קיין איינציגע באַשריי־בונג, קיין איינציגע פּאָעטיזירונג פון דעם ניאַגאַראַ. אפילו דעם דיכטער לענאַו'ס ניאַגאַראַ־ליד גרויס און שטאַרק און פּאָעטיש־טרויעריג ווי עס קלינגט — האָט ניט געקאָנט איבערגעבען דעם מערקווירדיגען איינדרוק, וואָס אָט דער וואַסערפאַל מאַכט אין דער ווירקליכקייט.

און איך וויל אויך ניט פּרואווען.

ווער קאָן איבערגעבען אין ווערטער. איינצוימען אין בילדער וואַסער־פונקען? אָדער דעם ווייסען נעבעל וואָס הויבט זיך אויף פון דער טיף? אָדער די מיסטיק פון דעם רעגענבויגען וואָס נעהמט אַרום ווי אַ בריק פון שעהנסטע דימענטען, לייכטענדיג אין דער זון — דעם וואַסערפאַל, דאָרט וואו ער איז אַמשטאַרקסטען?

אָדער ווי קאָן מען אויסמאָלען די אינדיווידואַליטעט פון יעדען וואַסערפאַס באַזונדער, ווען ער פאַלט אַראָפּ? וואָרים עס איז ניט

איין ליילאַך וואַסער וואָס באַדעקט די שטיינערנע וואַנט. פעדים זיינען עס, געקרייזעלטע, געפלאָכטענע. איינער אַ גרינליכער, דער צווייטער זילבער־ווייס, דער דריטער בלישטשענדיג, און ווי־דער אַן אַנדערער גרוי.

און יעדער פאַלט באַזונדער — און אַלע קומען זיך צונויף אונטען — אין איין איינציגען גלייכמאָכענדיגען שוים — אין איין זילבער־גרויען טומאַן.

אָט בין איך שוין ווידער ביי דער מאָראַל — ביי דער חקירה, און איך דערמאָן זיך, אַז דוקא אין דעם מאָמענט, ווען איך האָב זיך איינגעקוקט אין דעם ניאַגאַראַ פאַל האָט מיר געפיקט אין מוח אַ וואָרט — דאָס וואָרט פון קאַרלייל: „שוטינג דאַון דהי ניאַגאַראַ״.

אַ וואָרט און אַ בילד. אַ מיסטיש געפיהל פון נאָהנטקייט צו אָט די וואַסער־פאַסען, וואָס ווערען געבוירען אין דער הויך — אין דעם ברייטען פלאַך — זונדערען זיך דערנאָך אָפּ אויף אַ וויילע. פיהרען אויף אַ רגע אַן אייגען־קאָלירטען לעבען און דערנאָך — אָפּגרונט. ווייסער טומאַן, ווייסער שוים און קראַפט — בלויז עלעמענטאַרע קראַפט אָהן פעדים.

און צום צווייטען מאָל האָט זיך דערמאָנט קאַרלייל, ווען איך האָב דערזעהן ביינאַכט — די ניאַגאַראַ „באַלויכטונג״. עס איז זיי — מיר דאַכט זיך, אַז דאָס זיינען די קענעדער — איינגעפאַלען צו „אילומינירען״ דעם וואַסערפאַל. און זיי האָבען אויפגעשטעלט פראָזשעקטאָרען מיט גרינע, רויטע און בלויע לאַמטערנעס און מען מאַכט קונצן — און מען „פאַרבט״ די וואַסערען. און דער וואונעדרבאַרער ניאַגאַראַ ווערט — אַ קוני־איילאַנד! אַ נייע באַר־באַריי פון געשמאַק. מיר פאַלען אויך אַרונטער — מיט דעם ניאַ־גאַראַ. פאַלען אַרונטער — אָבער ניט אין דער טיף. פלאַך — פלאַך!

* * *

און ווייטער. אַ טאָג און אַ נאַכט טאַנצט די מאַשין. וואַלד־לופט פאַר׳שיכור׳ט. בלעטער שפּרינגען נאָך פון די בוימער — און מיר לויפען צו דער אַמעריקאַנישער ווענעדיג: אַלעקסאַנדריאַ בעי, די טויזענט אינזלען.

די ווענעדיג פון אַמעריקע — זאָגט דאָס רעקלאַם־ביכעל.

און עס איז ניט קיין גוזמא. פאַרקעהרט. שעהנער, גראַנדיעזער פון ווענעדיג. דאָרט שמאָלע לאַגונעס, דאָ אַ ברייטע בוכטע. דאָרט ענגשאַפט, דאָ ברייטקייט. אינזלען איבער'ן וואַסער, און אויף יעדער אינזעל אַ פּאַלאַץ.

אָבער — דאָרט זיינען עס: די פּאַלאַצען פון דאָזשען, דאָרט איז פון דער ווייטענס סאַן־מאַרקאָ; דאָ — די פּאַלאַצען פון אַזאַ גביר אָדער אַן אַנדערען, מענשען מיט גאַרנישט, אַחוץ געלט. און פון דער ווייטענס: אַ האָטעל. און קוקענדיג אויף די דאָזיגע אינזלען, אַרומפּאַרענדיג צווישען זיי אין דעם מאָטאָר־שיפעל — האָב איך געזוכט איין קליינינקען אינזעלע, אַזוינס וואָס איך האָב אַמאָל געזעהן אין זשענעווע: די אינזעל פון רוסאָ.

אַ שטיין אין מיטען וואַסער, אויפ'ן שטיין אַ בוים — אונטער דעם בוים פלעגט זיצען רוסאָ און טראַכטען!

און דאָס איין און איינציגע אינזעלע איז טייערער, ליבער, שטימונגספולער, ווי אַלע טויזענט אינזלען פון אַלעקסאַנדריאַ בעי.

און גראָד אַזאַ אינזעלע — אַן אינזעל פון שעפערישען גייסט — האָט אַמעריקע נאָך ניט.

אויגוסט 23, 1925

# מצפה

אַרומגעגאַרטעלט מיט אָקעאַנען, אַרומגעפּרענזעלט מיט בערג, באַשאָנקען און באַהאַנגען מיט אַלץ וואָס די נאַטור האָט נאָר אַוועקצוגעבען — רייך און אָרים, פּרוכטבאַר און וויסט, טראָפּיש און אַרקטיש — זידענדיג ווי אַ קעסעל און שטיל ווי אַ הייל, קאָכענדיג ווי אַ הייסער גייזער און קאַלט ווי דער אייביגער רייַנער שניי — אָט אַזוי האָט זיך אויסגעשטרעקט, אויסגעלייגט, אויסגעצויגען דאָס מערקווירדיגע, איינציגע לאַנד — וואָס הייסט אַמעריקע.

אַ לאַנד וואָס איז באַשטימט געוואָרען צו זיין אַ רעזערוואואַר פון מענשען, פון פעלקער, אַ מין מוזעאום פון דער וועלט, אַ לאַנד ניט בלויז פון „זיבען פעלקער", ווי די אינדיאַנער האָבען זיך אַמאָל גערופען, נאָר פון זיבען מאָל זיבען — פון פעלקער און ניט פון שבטים, פון אינדיווידואַליזירטע, גייסטיג, פיזיש, שפּראַכליך און קולטורעל פאַרשיידענע מענשען־גרופּען — און געוואָרען אַ לאַנד פון איין פאָלק, פון איין שפּראַך, פון איין לעבענס־פאָרם. אַ לאַנד וואָס האָט זיך אָנגעהויבען מיט אימפּעט, מיט לעגענדאַרישער קראַפט, מיט אַוואַנטיורע — און געוואָרען צוביסלאַכוייז אַ לאַנד פון אונטערדריקטע אינסטינקטען און פאַרגרויענדיגער, אויסווירענדיגער פּראָזע. און דאָס איז אפשר דאָס גרעסטע, דאָס פאַרכאָפּענדיגסטע אין אַמעריקע. און דאָס אַליין איז כדאי — אַז „מען זאָל זעהן אַמעריקע", ווי עס הייסט אויף אַלע רייזע־ביוראָ־ און טוריסטען־אַגענטורען אַנאָנסען, אין אָט די פאַרלאָקענדע, שפּאַנענדע פּראָספּעקטען און פלאַם־קאָלירטע בראָשורען, וואָס רופען דעם מענשען אויף ווייטע וועגען, אין די מרחקים.

„זעהן אַמעריקע" הייסט זעהן אַן אומגעהויער רייכע, פאַרשיידענאַרטיגע, פאַרבען־געזעטיגטע וועלט מיט אַ גרויען שלייער פון אַן איינטאָניגער מענשהייט באַהאַנגען אַרום איהר. זעהן אַמעריקע מיינט — זעהן דעם וואונדערבאַרען קאַמף וואָס מענשען פיהרען אַקעגען דער נאַטור און זיגען — אָדער ווערען באַזיגט.

* * *

מען זאָגט, אַז „ניו יאָרק איז נאָך ניט אַמעריקע". עס קאָן זיין, אַזוי זאָגען אַמוועניגסטענס אַלע וואָס וואוינען ניט אין ניו

יאָרק. זאָגען עס מיט קנאה, מיט אַ באַהאַלטענעם פאַרלאַנג צו זיין אַמאָל אין דער דאָזיגער „ניט־אַמעריקאַנישער“ שטאָדט — און מיט אַ מין שנאה צו דעם מזרח־ריז, וואָס האָט אַרויפגעשטעלט זיין גאָלדענעם קנאָפּל אויף דעם מאַרק פון אַמעריקע.

עס קאָן זיין — אָבער מען דאַרף הפנים לעבען זעהר לאַנג אין דער „ווירקליכער אַמעריקע“, כדי צו פאַרשטעהן וואָס דאָס מיינט אייגענטליך — אַמעריקע. און ווען מען לעבט שוין דאָרט זעהר לאַנג — ווערט מען אַזוי פאַרשטיינערט און פאַרביינערט, אַזוי פאַרקליינשטעדטעלדיגט, אַזוי פּראָווינציאַליזירט, אַז מען פאַר־לירט בכלל יעדען באַגריף פון גרויסקייט און ווייטקייט. וואָרים סוף־כל־סוף איז אין אַמעריקע גיטאָ קיין חילוק פון טעמפּעראַמענט און טראַדיציע, פון היסטאָרישע זכרונות אָדער אייגען־געפאַרבטע שטרעבונגען, ווי למשל אין דער קליינער דייטשלאַנד, וואו צווישען בייערן און פּרייסען שטעהט אַ וואַנט פון ראַסע, אָדער צווישען דרום־פראַנקרייך און צפון־פראַנקרייך, וואו אַלצדינג איז פאַרשיי־דען, אפילו די שפּראַך.

אין אַמעריקע איז בלויז אַן אונטערשייד צווישען דער גרויסער און דער קליינער שטאָדט, אַן אונטערשייד אין גראַד און ניט אין עצם. קוואַנטיטעט און ניט קוואַליטעט. עס קאָן זיין, אַז עס וועט אַמאָל אַנדערש ווערען. עס איז מעגליך, אַז אין צוויי דורות וועט דער מענש פון נעוואַדאַ אָדער מאָנטאַנאַ, פון קאַליפאָרניע אָדער ניו־מעקסיקאָ זיין אינגאַנצען פאַרשיידען פון דעם מענשען אין שי־קאַגאָ, פילאַדעלפיע אָדער ניו יאָרק. אָבער דערווייל איז עס בלויז אַ קאָלאָניזאַציע, דערווייל געדענקט נאָך יעדער „וועסטערנער“ זיין מקור, זיין אַמאָליגע היים — געדענקט זי פון זיינע אייגענע אי־בערלעבונגען אָדער פון דעם וואָס די מאַמע דערצעהלט. און ער איז נאָך אַלץ אַ גאַסט אין די ווייטע איינזאַמקייטען פון אַמעריקע.

איינזאַמקייטען. זיי הויבען זיך אָן אין אַמעריקע — כמעט אָהן אַן איבערגאַנג. עפּעס פּלוצים, ווי די נאַכט אין די טראָפּישע לענדער, ווי שטעדט ביי די ראַנדען פון אַ מדבר.

זיי הויבען זיך אָן אייגענטליך נאָך שיקאַגאָ. ביז אַהין, אָט די לאַנגע שטרעקע פון ניו יאָרק ביז שיקאַגאָ, קאָן מען דורכפאָהרען מיט פאַרמאַכטע אויגען. ווי איבער אַ ים. כוואַליעס, איינע ווי די אַנדערע, איינע אַזוי גרוי ווי די צווייטע. אַמאָל דערהויבט זיך

איינע, לויפט אַרויף מיט אַן אימפּעט אויף דעם רוקן פון די קלע־נערע, און ווערט באַלד צוריבען — און ווידער איינטאָניקייט.

און שיקאַגאָ אַליין? ווי אָפּט איהר זאָלט ניט קומען אַהין — דאָס אייגענע. הייזער, לאַנגע גאַסען, קוימענס, וואָס רויכערען; שוואַרצע פאַבריקען, וואַכעדיגע מענשען, אַ וואַכעדיגער הימעל. פון יאָהר צו יאָהר קומען צו נייע הייזער, שעהנע אָדער העסליכע, גרויסע אָדער קליינע נייע גאַסען, נייע מענשען. ווייטער געצויגען, אַהן אַ שיעור, און עס נעהמט אייך אַרום אַ מין טרויעריגע, פאַר־קלעמענדע שטימונג: צו וואָס? וואָס טוען מענשען אין אַזאַ מוראַשקע־הויפען? איך האָב אפשר אין דער גאַנצער וועלט ניט געוואָלט אַזוי שטאַרק די זינלאָזיגקייט, די וואַכעדיגקייט, די מו־ראַשקע׳דיגקייט פון דעם לעבען, ווי אין שיקאַגאָ.

ניו יאָרק האָט כאָטש ים, האָט פעלזען, האָט קאַפּריזען. שי־קאַגאָ איז אַזוי „געשעפטסמעסיג״, אַזוי האַרט ביי דער ערד.

אַ גרויסע פלאַך, וואָס ציהט זיך, ציהט זיך אַהן אַ סוף. פון אַלע זייטען ערד, פעלד, אויף די פעלדער זאַנגען, כוואַליעדיגע, גרינע, געלע. דאָ און דאָרט אַ הייזעל — ווייס, שימערירענדיג אין דער לבנה־נאַכט און גרוי־ווייסליך בייטאָג. מיר פאָהרען אַרויס פון דער אינדוסטריע־וועלט, און טיף אַריין אין דער אידיליע פון פעלד, אייאָוואַ, נעבראַסקאַ. דאָס אויג קאָן ניט דערקענען דעם חילוק, וואו ענדיגט זיך אילינאָי און וואו הויבט זיך אָן אייאָוואַ, און פאַרוואָס איז דאָ דוקא נעבראַסקאַ? אָבער אַזוי איז דאָס. עס איז אייגענטליך קיין נפקא־מינה ניט. וואָס איז אין אַ נאָמען? עס האָט אפשר אַ באַדייטונג פאַר קאָנגרעס וואַהלען און פּאָליטישע קאַנדידאַטען; אָבער פאַר דעם זייטיגען, פאַר דעם פשוט׳ען מענ־שען איז דאָס אַלץ איינס: ערד — שמעקעדיגע, ברייטע, פרוכט־באַרע ערד.

סטעפּען. אָבער אָהן דעם ריטם פון די רוסישע סטעפּען. איך ווייס ניט, פאַרוואָס עפּעס איז דאָרט אַן אַנדער קלאַנג, אַן אַנדער שטימונג אזו אַן אַנדער ריח. אָרימער, אָבער חנ׳עוודיגער. עס געהט דאָרט דער באַן לאַנגזאַמער, און לאַנגזאַמער געהט אויך דער מענש. אויף די שוואַרצע אָדער געלע פעלדער זעהט מען דאָרט שווערע וואָגענס מיט איינגעשפּאַנטע אָקסען. מען הערט פון

דער ווייטענס אַן אומעטיג ליד, פון ערגיץ געהט אַ דינער רויך פון אַ קוימען.

עס איז גאָרניט — אַ שטריך, אַ וואונק; אָבער הינטער דעם פיהלט זיך אַן אַלטע, טיף־פאַרוואָרצעלטע וועלט. די ערד האָט דאָרט איהר מיסטיק.

אָבער אין אייאָווא און נעבראַסקאַ זעהט מען ניט קיין אָקסען און ניט קיין פויערים אין לייוועטנענע העמדער. עס לויפען „פאָרדען" אויף די וועגען צווישען די פעלדער, אין די הייזער ביי־נאַכט ברענען עלעקטרישע לאָמפּען; דאָ און דאָרט אַ שטעדטעלע מיט די אייגענע אַנאָנסען־שילדען און בילדער, ווי אין ניו יאָרק אָדער אין באָסטאָן: ריגלי'ס טשואינג גאָם, סיגאַרעטען, אונטער־וועש און נאָך אַזעלכע זאַכען. און איהר פיהלט, אַז די ערד איז דאָ אויך בלויז אַ ווארשטאַט, אַ מין פאַבריק, וואו מען אַרבייט אָפּ אַ באַשטימטע צאָל שטונדען אַ טאָג. זי איז ניט דער אכזריות'־דיגער האַר, וואָס ציהט אַריין דעם מענשען, פענטעט איהם און פאַרצויבערט איהם.

ווייטער — קיין מערב. און פלוצלינג דערזעהט איהר פון דער ווייטענס, ביים האָריזאָנט, טונקעלע סילועטען, ווי אַ געבראָכענע ליניע, ווי בלאָנדען, שפּיצען — קוים־קוים וואָס מען באַמערקט זיי. דאָס אויג פאָלגט נאָך דער ליניע, ביז עס ווערט מיד. און ווען איהר עפענט זיי ווידער אויף, נאָך אַ נאַכט, דערזעהט איהר פאַר זיך שוין ניט מעהר קיין סילועטען, נאָר אַ ממשות'דיגע, מאַסיווע, גרויסאַרטיגע קייט פון בערג. מיר פאָהרען אַריין אין די „ראָקיס" — קאָלאָראַדאָ איז פאַר אונז.

* * *

דאָס ערשטע, וואָס עס וואַרפט זיך אין די אויגען, ווען מען פאָהרט אַריין קיין דענווער, קאָלאָראַדאָ, איז אַ גרויסער בויגען פאַר דעם וואָקזאַל, מיט אַ מערקווירדיגער אויפשריפט: מצפה. „דאָס איז אַ העברעאיש וואָרט, וואָס באַטייט, „זייט געגריסט", ער־קלערט אַן עלטערע פרוי, וואָס זיצט ביי דעם אינפאָרמאַציע־טיש אויפ'ן דענווערער וואָקזאַל, איינעם אַן אַמעריקאַנער, וואָס פרעגט ביי איהר די באַדייטונג פונ'ם וואָרט.

די קענטעניש פון דער דאָמע אין העברעאיש זיינען, הפנים, ניט אַזוי שטאַרק, כמעט ווי פון אַן אַמעריקאַנער רעפאָרם־ראַביי.

אָבער עס איז ניט איהר שולד. עס איז ניט איהר שולד, וואָס די היינטיגע מענשען פון דענוּוער האָבען שוין אַליין פאַרגעסען דעם זין, דעם סימבאָל, וואָס ליגט אין דעם אַלטען העברעאישען וואָרט מצפה. זיי פאַרשטעהען שוין אַליין ניט, פאַרוואָס זייערע פאָטערס האָבען איהם אויסגעקליבען פאַר אַ סימבאָליסטישער באַגריסונג.

„והמצפה, אשר אמר יצף ה׳ ביני ובינך כי נסתר איש מרעהו״, „גאָט זאָל צוזעהן צווישען אונז, ווען מיר וועלען זיין פאַרבאָרגען איינער פון דעם צווייטען״. אַזוי האָט אַמאָל געקלונגען דאָס וואָרט אין דעם מדבר, אין דער איינזאַמקייט פון דעם מזרח, און אַזוי ווידער אַמאָל האָט עס געקלונגען אין דער נייער איינזאַמקייט פון דעם מערב.

דער טויער צו די איינזאַמקייטען, דער אַריינגאַנג צו די בערג, וואו מענשען זיינען מיט זיך אַליין און מיט דער אייזערנער, שטיי־נערדיגער, שטילער, גרויסאַרטיגער נאַטור. איינער פאַרבאָרגען פון דעם אַנדערען; איינער אָפּגעטיילט פון דער צווייטער; אָבער אין שטענדיגען קאַמף און אין סכנה. און צווישען איינעם און דעם צווייטען, צווישען די איינזאַמע, וואָס טרעטען אויף די פעלזען — זעהט צו גאָט.

אַ שעהן בילד, שטאַרק און אינטים. אָבער עס איז געבליבען דערפון בלויז אַ וואָרט, וואָס האָט שוין פאַרלוירען דעם זין און דעם מיין. אין אַ קורצער צייט האָבען שוין מענשען פאַרגעסען וואָס „מצפה״ איז. געבליבען בלויז ווי אַן אָנדענק פון אַ צייט, וואָס האָט זיך פאַרענדיגט פאַר דער צייט, נאָך איידער זי האָט אויסגערייפט.

דער טויער צו דער ראָמאַנטישער אַמעריקע, וואָס לעבט שוין בלויז נאָר אין די ביליגע ביכלאַך, אין די צעהן־סענטיגע מואווי־פילמס; אָבער דאָך דער טויער צו דער ראָמאַנטיק פון דעם לאַנד — עס עפענען זיך די בערג.

* * *

אָבער איידער איך האָב דערזעהן די בערג פון די שטאַרקע, האָב איך געמוזט זעהן דעם באַרג פון די קראַנקע. דר. ספּיוואַק פון דעם דענוּוער סאַניטאַריום האָט מיך כמעט געצוואונגען דערצו. האַלב־ווילענדיג, האַלב פון אַ מין פליכט־געפיהל האָב איך מיין ערשטען באַזוך אין די בערג פון קאָלאָראַדאָ אָפּגעגעבען די קראַנקע.

דר. א. קאַראַלניק

אַ קאָלאָניע פון לונגען־קראַנקע. ריין און ציכטיג און רוהיג. אַ שטעדטעל פאַר זיך, מיט קיכען, ביבליאָטעקען, מיט אַ שוהל, אפילו מיט וואַרשטאַטען. איהר מערקט גאָר אָפּט ניט, אַז דאָס זיינען קראַנקע. בלויז די אויגען, וואָס גלאַנצען צו שטאַרק, און דער קאָליר פון די באַקען זאָגען דעם געניטערען באַאָבאַכטער, אַז דאָס זיינען מענשען, וואָס קעמפען פאַר זייערע לעבענס.

עס קאָן זיין, אַז דאָס איז די שאַרפע לופט, דאָס שאַרפע ליכט פון דער זון; אָבער איך האָב דאָס מאָל ניט געהאַט דעם פיינ־ליכען, טרויעריגען געפיהל, וואָס נעהמט מיך אַרום יעדעס מאָל, ווען איך קום אַריין אין אַ האָספּיטאַל, אפשר דערפאַר, וואָס דער קראַנקער אַליין פיהלט זיך דאָ זיכערער, שטאַרקער, וואָס ער גלויבט מעהר. זיי פיהלען זיך מעהר אין אַ קאָלאָניע, ווי אין אַ קראַנקען־הויז. און די אַטמאָספערע איז אויך ווי אין אַ קאָלאָניע. עס איז בלויז אַ שאָד, וואָס די מענשען האָבען ניט די מעגליכקייט צו בלייבען זייער גאַנץ לעבען אין דער סביבה פון די בערג, וואָס זיי מוזען זיך אומקעהרען אין די דומפּע גאַסען פון די גרויסע שטעדט.

די דאָקטוירים פון דעם סאַנאַטאָריום האָבען מיר דערצעהלט, אַז דאָס איז זייער הויפּט־פּראָבלעם. זיי ווייסען, אַז די קראַנקע טאָרען ניט אומקעהרען זיך אַזוי גיך אין זייער אַלטער סביבה; אָבער זיי קאָנען גאַרניט טאָן אַנטקעגען דעם. עס איז אַזוי אויך שווער אויסצוהאַלטען דעם סאַנאַטאָריום מיט דעם בודזשעט, וואָס זיי האָבען. די צאָל פון די קראַנקע וואַקסט, דער בודזשעט וואַקסט נאָך מעהר — און די מיטלען הינקען אונטער.

* * *

אָפּגעטאָן מיין חוב, אָפּגערעדט מיט די קראַנקע, געזעגענט זיך מיט זיי און מיט דער אַדמיניסטראַציע פון דעם סאַניטאַריום, און מיט אַ ריינעם געוויסען אַוועק — אין דער איינזאַמקייט פון די פרייע בערג, אין קאָלאָראַדאָ ספּרינגס, צום „פּאַיק׳ס פּיק״, צו דעם באַרג פון אייביגען שניי. רוה, שטילקייט, יום־טוב. און עס ווילט זיך דערוויל ווידער שווייגען, שווייגען ווי דעמאָלט אין די בערג. דערוויל.

אָקטאָבער 4, 1924

# דער באַרג פון זבולן

וואָס ציהט אייגנטליך דעם מענשען צו די בערג? פאַרוואָס שטעלען זיי איין זייער לעבען, כדי אַרויפצוקלעטערען אויף די הויכע שפּיצען, וואו עס איז קאַלט, וואו דער אייביגער שניי גלאַנצט אין דער זון? איינער נאָך דעם אַנדערען קלעטערען זיי, די אַוואַנטיורען־זוכער, אויף דעם עווערעסט, אויף די העכסטע שפּיצען פון די אַלפּען, אויף דעם טשימבאַראַזאָ, אומעטום וואו עס איז דאָ די העכסטע סכנה און כמעט אַ זיכערער טויט.

ווען מען זעהט אין דער שווייץ, ווי גאַנצע מחנות טוריסטען שלעפּען זיך אַרויף ממש מיט מסירות נפש אויף דעם מאָן־בלאַן, אויף דעם שאַמוני, אויף די הויכע שניי־און אייז־ריזען; ווי זיי בינדען זיך צו איינער צום צווייטען, און אַלע אינאיינעם צו דעם באַרג־פיהרער; ווי זיי מאַטערען זיך, ווי זיי אָטעמען מיט מיה, אַרבייטען אַזוי שווער און ביטער, שטעלט זיך תמיד די פראַגע: צוליב וואָס? וואָס דאַרפען זיי עס? איז דען ניט אנגענעהמער, גרינגער, צו זיצען אויף די שעהנע טעראַסען פון מאָנטרע, אָדער אין דעם גרינעם טאָל פון דער ראָן, וואו עס אָטעמט זיך אַזוי גרינג, וואו עס שמעקען בלומען, וואו עס זינגט די ערד און ענט־פערט דער טייך?

און וואָס זעהט מען דאָרט, אויף די הויכע בערג? וואָס קאָן מען דאָרט זעהן, אַחוץ שניי, אַחוץ אייז, אַחוץ אַ קאַרגער אַ שטרענ־גער כמעט אַ טויטער נאַטור?

אַלע ווייסען עס — די פאָרשער, די געאָלאָגען, ווי די גע־וועהנליכע טוריסטען, און דאָך ציהט עס זיי אַלע, ציהט ווי מיט אַ מאַגנעט צו די בערג. עס וואַקסט אויס, ווי עס הייסט אין סטאַ־טוט פון דעם בריטישען אַלפּיניסטען־קלוב: „אַ געפיהל פון גע־מיינשאַפט צווישען אַלע די, וואָס האָבען אין זייער לעבען פאַרזוכט דעם טעם צו קלעטערען אויף די הויכע בערג, האָבען געהאַט דעם אייגענעם תענוג, די אייגענע מיה און די אייגענע סכנות".

פאַרגעניגען? דאָס געהן אויף די בערג אַליין איז ניט קיין פאַרגעניגען. אַ שווערער, אַ מיהזאַמער באַרג־אַרויף. עס שלאָגט גיכער דאָס האַרץ, עס אָטעמט זיך אַלץ שווערער, וואָס העכער מען קומט; עס שווינדעלט פאַר די אויגען, ווען מען קוקט אַראָפּ; עס זינגט דאָס בלוט אין די אויערען. אָט, דאַכט זיך, גענוג! גענוג הויך, גענוג געזעהן, ווייטער קאָן שוין מעהר ניט זיין. נאָך אַ פּאָר פעלזען, נאָך אַ העכערער שטיין, נאָך מעהר ווילדקייט און בייזקייט און צודריקענדע, איבערמענשליכע גרויסקייט. איהר זייט מיד. דער גאַנצער גוף רופט צוריק, אין דעם היימישען טאָל; אָבער עס רופט אין אייך, עס שרייט אין אייך: העכער, העכער, ביז צום העכסטען שפּיץ!

דאָס אויג קוקט אַלץ אַרויף. און וואָס גרעסער די סכנה, אַלץ מעהר ציהט עס אייך, אַלץ גרעסער די לאָקונג. איך בין אַמאָל, אין אַ זומער נאַכט, געשטיגען אויף אַ באַרג אין דער שווייץ, דעם ניזען ניט קיין זעהר הויכער באַרג, מען געהט אַרויף צופוס אין אַ פינף־זעקס שעה. איך בין געגאַנגען אַ גאַנצע נאַכט אין דער שטילער מערקווירדיגער, פאַרקלעמענדער איינזאַמקייט — איינער אַליין, כדי צו זעהן ווי די זון געהט אויף; און אַ גאַנצע נאַכט, מיד ווי איך בין ניט געווען, האָט מיך געפיהרט דער פאַר־לאַנג: דערגרייכען דאָס העכסטע! אין דער פינסטער האָב איך פאַרלוירען דעם וועג, אַראָפּ פון דעם אויסגעטראָטענעם שליאַך. איך האָב געמוזט קלעטערען איבער פעלזען, איבער געפאַלענע בוימער, אָנהאַלטען זיך אָן שטעכענדיגע צווייגען, מאַכען אַלערליי אַקראָבאַטישע קונצען, כדי ניט צו פאַרלירען דעם גלייכגעוויכט. איך האָב אַליין ניט געקאָנט פאַרשטעהן, ווי אַזוי עס קומט צו מיר אַזאַ אומגעריכטע געשיקטליכקייט, אַזאַ בויגיגקייט, אַזאַ קראַפט פון צופאַסען זיך; אָבער דער אינסטינקט האָט מיך געפיהרט. און דער אינסטינקט האָט מיך אויך ניט געלאָזט אומקעהרען זיך. העכער, העכער — האָט עס געזונגען אין מיר — און איך האָב געפאָלגט דעם געזאַנג.

עס איז אפשר ניט בלויז די וואַנדערלוסט אַליין, ניט בלויז די לאָקונג, וואָס יעדע סכנה האָט אין זיך; עס איז נאָך עפּעס מעהר: די ליבע צו דעם איבעריגען, צו דעם וואָס איז גוצלאָז. וואָס דאַרף מען זיי האָבען, אָט די נאַקעטע שטיינער? וואָס

גיבען זיי אונז? און דאָס וואָס זיי גיבען אונז אַמאָל, גאָלד און זילבער, אייזען און קופּער — מיט וויפיל מיה, מיט וואָס פאַר קרבנות גיבען זיי עס אונז? און דאָך, טאַקע ווייל זיי זיינען „אי־בעריג״, טאַקע ווייל זיי שטעהען אַליין פאַר זיך, אָהן שום שייכות צו אונז, אָהן שום באַציהונג צו אונזער וועלט, צו אונזער מענש־ליכער נויט ציהט עס אונז צו זיי, ווי אַלצדינג, וואָס איז אומ־פאַרשטענדליך; ווי אַלצדינג, וואָס איז שטאַרקער, ווי מיר.

* * *

עס איז מיר דאָסמאָל ניט געווען באַשערט צו שטייגען אויף די בערג, ווי אַמאָל אין דער שווייץ, איינער אַליין, אויף מיין אייגענער אַחריות און אויף גאָט׳ס גענאָד; איינער אַליין — אַנטפּלעקען פאַר זיך די בערג. עס האָט מיר געפעהלט צייט. דער ריטם פון דעם אַמעריקאַנישען לעבען האָט מיך פאַרכאַפּט; דער ווילען, איבערצולעבען אַלצדינג, אפילו די איינזאַמקייט פון די בערג, אין געזעלשאַפט, אָרגאַניזירט, אַלץ אויף גיך.

פון קאָלאָראַדאָ ספּרינגס, דעם וואונדערבאַרען שטעדטעלע מיט די לאַנגע ציכטיגע גאַסען, מיט דער ריינער באַרג־לופט און דעם קרישטאָל־לויטערען וואַסער, האָט אונז, אַ גאַנצע גרופּע טוריסטען, אַוועקגעפיהרט אַן אויטאָמאָביל אויף איינעם פון די העכסטע בערג אין אַמעריקע אויף איינעם פון די העכסטע שפּיצען פון די ראָקיס, דעם „פּאַיק׳ס פּיק״. פּאַיק׳ס שפּיץ. ווי האָב איך מקנא געווען דעם אַלטען זבולן פּאַיק, וואָס האָט מיט יאָהרען צוריק דער ערשטער „ענטדעקט״ דעם באַרג, דער ערשטער געהאַט דעם מוט אַרויפצוקלעטערען ביז צו דעם ווייסען, שניי־באַדעקטען שפּיץ. און איך האָב זיך אויסגעמאָלט: עס איז געווען פּונקט אַזאַ פריה־מאָרגען ווי דעמאָלט, ווען איך בין געפאָהרען אין דעם באַקוועמען פּירס־עררראָו; אַ זומער טאָג; בלוי און ריין דער הימעל, בלישטשענדיג די ערד. אָט איז ער אַרויסגעפאָהרען אויף זיין אייזעל, אויף דעם „בורראָ״, פון קאָלאָראַדאָ ספּרינגס. אין אַ פּאָר שעה אַרום — אַן אינדיאַנער דאָרף. מאַניטו. אַ דאָרף אין פעל־זען. רויטע פעלזען מיט מערקווירדיגע, פאַנטאַסטישע פאָרמען, ווי אויסגעשניצטע, אויסגעקאַרבטע; שטיינערנע ווענט, וואָס ווייזען אויס ווי אַלטע מויערען, ווי ווענט פון עפּעס אַן אַסירישען פּאַלאַץ. די וואַסערפאַלען האָבען אויסגעטאָקט פיגורען, און זיי זעהען אויס

ווי היעראָגליפֿען, ווי חיות, ווי אויסגעמאָלטע געשטאַלטען. אָט איז אַ הייל, די הייל פון די ווינטען. אַ לאַבירינט, אַ טונעל אין אַ באַרג. און אין דעם לאַבירינט — די משונה׳דיגסטע פיגורען. פון אויבען און פון אונטען וואַקסען שטיינער; סטאַלאַקטיטען־סטאַלאַגמיטען; ווי אַ שטיינערנער גאָרטען, באַהאַנגען און באַפּוצט. פון אַ סטעליע הענגט אַראָפּ ווי אַ מין הענגלייכטער, ווי וואַקסענע ליכט — האַרטע, גלאַנצענדיגע, אויסגעטאָקטע. אין אַ ווינקעל, אויף אַ נאָסליכען שטיין, אַ צווייגעל — רויטליך פון אַ גרין־געפאַרבטען שטיין. ממש ווי קאַטאַקאָמבען. אָבער קאַטאַקאָמבען פון לעבען. די ערד פיהרט דאָרט אַן אייגענע עקזיסטענץ; זי וואַקסט דאָרט פון זיך אַליין, טרייבט איהר אייגענאַרטיגען, מערקווירדיגען, קינסטלערישען שפיל. אויבען — גיט זי אַלצדינג אַוועק; אויבען — האָט יעדע גרעזעלע אַ ווערט און אַ נוץ. אונטען — דאָרט ערלויבט זי זיך דעם לוקסוס צו זיין נוצלאָז. גלאַט אַזוי — אַ לעבען אָהן אַ צוועק.

אַרויס פון דער הייל, און ווידער סטעזשקעס צווישען פעלזען. העכער — און מיר געהען אַריין אין אַ פּאַרק פון שטיינער, רויטע שטיינער. צוויי רויטע פעלזען עפענען זיך פון טויערען. רויט דער שטיין, גרין די ערד און בלוי דער הימעל. אַרום און אַרום רויטע פעלזען. איינער פאַנטאַסטישער פון דעם צווייטען. איינער זעהט אויס ווי אַ בער, דער צווייטער ווי אַ אָדלער, קעפּ פון חיות און פון מענשען. די אינדיאַנער האָבען דעם דאָזיגען שטיינער־פּאַרק גערופען „דער גאָרטען פון די געטער“. אַזוי זאָגען היינט די ווייסע. זיי דערצעהלען אַ סך זאַכען וועגען די אינדיאַנער, וואָס זיינען אויסגעטראַכט. אָבער אפילו ווען אויסגעטראַכט, איז דאָס אויך אמת. אַזאַ מין „גאָרטען“ פּאַסט ווירקליך פאַר אינדיאַנישע געטער!

העכער. די בערג עפענען זיך און פאַרמאַכען זיך. מען דאַרף זוכען אַ וועג. די אינדיאַנער האָבען איהם געפונען. מיר געהען אַריין אין דעם „יוטאַ־פּעס“, אויף דעם שליאַך, וואָס די יוטאַ־אינדיאַנער האָבען אויסגעטראָטען אין די גרייז־גרויע אַמאָליגקייטען.

צווישען די פעלזען — פון די בערג רינט אַ טייכעל. רינט און זינגט. רינט און שפּילט זיך אין דער לופט. אויף איין אָרט

פאַלט ער אַראָפּ מיט אַ פרעהליכען געפילדער און, פאַלענדיג, ברעכט ער די שטראַלען און נעהמט אַן דעם קאָליר פון אַ רעגען־בויגען. עס איז שטיל. ניט קיין שאָרך. פון צייט צו צייט לויפט איבער דעם וועג אַ מין בערג־וועווועריקל, מיט אַ גרוי פעלכעל, מיט אַ לאַנגען, געדיכטען עק און גרויסע, קאָמישע אויערען. לויפט דורך ווי אַ גרויער שאָטען — פון אַ פעלז־שפּאַלט ערגיץ אַריין אין אַ תהום.

שטיל. אָבער עס הערט זיך ווי אַ געזאַנג אין דער לופט. עפּעס קלינגט ערגיץ. עפּעס רופט. איז עס דער באַרג, איז עס דאָס בלוט? און העכער, העכער.

דער וועג ווערט שווערער. די סטעזשקע אַלץ געדיכטער. אַ שלאַנג פון שטיין. אין דער שטילער לופט הערט זיך דער טריט, און אַ ווייטער עכאָ ברענגט איהם צוריק.

פון אַלע זייטען שטיינערנע ווענט. און וואָס מען געהט העכער, אַלץ העכער ווערען זיי. אָט זיינען מיר שוין אַזוי הויך, אַז ווען מען קוקט אַראָפּ, זעהט מען שוין בלויז רוים. מיר זיינען שוין ביים „תהום", ביים „באָטאָמלעס פּיט", עלף טויזענט פינף הונדערט פוס הויך. עס שווינדלט פאַר די אויגען. עס ציהט אַראָפּ. אָט, דאַכט זיך, לאָזטו זיך אַראָפּ און פאַלסט — פאַלסט ווי אויף פליגלען — אַראָפּ. מען מוז פאַרמאַכען די אויגען, מען מוז זיך אָנטאָן אַ כח אָפּרייסען זיך פון דעם תהום.

און העכער, ווייטער געגאַנגען. עס ווערט קאַלט. אַ שאַרפע לופט, פאַרפרוירענע ערד. דאָ און דאָרט שניי. און אָט — פערצעהן טויזענט הונדערט און צעהן פוס אין דער הויך — איז דער שפּיץ, „דער פּיק". שניי און אייז. פון דער הויך זעהט מען שוין ניט קיין ערד. מען זעהט בלויז אַנדערע בערג, ווענט פון שטיין און באַרגשפּיצען.

עס פאַרכאַפּט דעם אָטעם. עס פאַרקלעמט אין דער ברוסט. דאָס האַרץ שלאָגט ווי אַ האַמער. אַ מידיגקייט נעהמט אַרום. און מען מוז צוריק־אַראָפּ אין טאָל. עס איז שווער אין דער הויך.

* * *

איך בין מקנא געוועזן דעם אַלטען זבולון. ער האָט געהאַט דעם תענוג פון „סכנה". ער האָט ריזיקירט. ער האָט ענטדעקט.

דר. א. קאָראַלניק

איך האָב דעם אייגענעם וועג דורכגעמאַכט אַזוי באַקוועם, אַזוי פּראָזאַאיש, אַזוי גיך. איין טרייסט איז מיר געבליבען — איך האָב געזעהן דאָס אייגענע ווי זבולן. מעהר האָט ער אויך ניט געקאָנט דורכלעבען. ניט מעהר, בלויז לאַנגזאַמער, ניט אינטענסיווער; בלויז מיט ווייניגער אימפּעט און מיט מעהר סכנה.

אָדער אפשר דאָס אויך ניט. פון אַזאַ ריסק, ווי פאָהרען מיט אַ משוגע גיכען שאָופער אין אַן אויטאָמאָביל אויף די שמאָלע סטעזשקעס ביי אָפּגרונטען, האָט דער אַלטער זבולן און אַלע אַמאָ־ליגע באַרג־אַנטדעקער זיכער ניט געוואוסט.

יעדע צייט האָט איהרע אַוואַנטיורעס. און ווער ווייסט, ווער עס האָט גרעסערע: מיר אָדער די וואָס מען באַזינגט אין עפּאָסען און אין ראָמאַנסען? און אין דער פּראָזאַ איז אפשר מעהר פּאָעזיע ווי אין זייער עפּאָס. יעדענפאַלס מעהר ריטם. דער ריטם פון אַ צו ווילדקייט זיך רייסענדער נאַטור.

אָקטאָבער 5, 1924

# ביי דעם מלאך מאַראַני

וואָס פאַר אַ מערקווירדיגע פלאַנצען זיינען אויסגעוואַקסען פון די קערענדלאַך וואָס די נביאים האָבען פאַרזעצט?

צי איז עס אַמאָל איינגעפאַלען דעם כהן יחזקאל בן בוזי, אין דעם לאַנד פון כשדים, ביים טייך כבר, אַז אַן ערך צוויי און אַ האַלב טויזענט יאָהר שפּעטער וועט געבוירען ווערען אַ מענש אין דעם שטעדטעל שרון, אין דעם שטאַאַט ווערמאָנט, אין ניו־ענגלאַנד, וואָס וועט נעהמען איינע פון זיינע פּאָעטישע מליצות און מאַכען פון איהר אַ גלויבען, און שאַפען אַ סעקטע און בויען אַ שטאָדט, מיט אַ „משכן", מיט אַ טעמפּעל, בויען זי צווישען בערג, כמעט אין אַ מדבר, אויף די ברעגען פון אַ געזאַלצענעם וואַסער, פון אַ מין „ים המלח"?

יחזקאל בן בוזי הכהן האָט זיך אַמאָל אין זיין פאַנטאַזיע אַ לאָז געטאָן און האָט אַנגעשריבען די ווערטער: „און עס איז גע־ווען גאָט'ס וואָרט צו מיר: און דו מענשען־זוהן, נעהם דיר איין האָלץ און שרייב אויף איהם פאַר יהודה און די בני ישראל זיינע חברים, און נעהם דיר איין האָלץ און שרייב אויף איהם פאַר יוסף דעם בוים פון אפרים און דאָס גאַנצע הויז ישראל זיינע חברים", א. אַז. וו. (יחזקאל ל"ז). עס איז געוועזן אַ פּאָליטישע דרשה, אַ נביאות, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות צו יהודה און ישראל, צו דער פּאָליטיק פון די שבטים צווישען זיך. מעהר האָט אפילו יחזקאל ניט געמיינט.

עס וואָלט איהם, דעם פאַנטאַזיפולסטען פון אַלע נביאים, זיכער מעהר ווי פאַרוואונדערט, ווען מען וואָלט איהם דערצעהלט, אַז עס וועט קומען אַמאָל אַ צייט און עס וועט אויפשטעהן אַ מענש פון ענגלישען שטאַם, מיט דעם נאָמען יוסף, און באַציהען די דאָ־זיגע ווערטער אויף זיך, און וועט די ווערטער אַזוי אויסטייטשען, אַז זיי וועלען באַקומען גאָר אַן אַנדער זין און אַז ער וועט אויף דעם סמך ווערען אַליין אַ נביא, אַ גרינדער פון אַ רעליגיע; און אַז עס וועלען זיך געפינען הונדערטער טויזענטער מענשען, וואָס וועלען איהם גלויבען און נאָכגעהן איהם און ליידען מיט און פאַר איהם — און דערגרייכען — אין זיין נאָמען.

יחזקאל וואָלט זיכער געלאַכט מיט זיין ביטערען געלעכטער.

אָבער עס איז אַ פאַקט. אַ זעהר פעסטער, זעהר זיכערער, זעהר ממשות׳דיגער. מען דאַרף בלויז אַריינפאָהרען אין דעם שטאָט יוטא, כדי צו זעהן, ווי פרוכטבאַר און ווי מעכטיג עס איז געווען דאָס וואָרט פון אונזערע נביאים. מען דאַרף בלויז אַריינפאָהרען קיין „ציון״, ווי די „הייליגע״ רופען די שטאָדט, אָדער „סאָלט לייק סיטי״, ווי די „גוים״ רופען זי. עס איז זיכער איינע פון די אינטערעסאַנטסטע שטעדט פון דער וועלט; אפשר דער איינ־ציגער רעליגיעזער צענטער, וואָס איז נאָך פאַראַן. ירושלים, רוים, מעקאַ, בענאַרעס — זיי זיינען צענטערען פון רעליגיעס, אָבער פון רעליגיעס, וואָס זיינען שוין אַזוי פעסט, אַזוי אַלט, אַזוי שטאַרק, אַז זיי האָבען שוין אָנגעוואָרען דעם ריין לאָקאַלען כאַ־ראַקטער. די אָנהויבען זיינען אַזוי ווייט, די קוואַלען זיינען שוין פאַרשאָטען — די געשיכטע איז שוין לעגענדע.

אָבער סאָלט לייק סיטי, אָבער דער מאָרמאָנישער ציון איז נאָך יונג. אַלצדינג איז דאָרט פריש — די טראַדיציע, די אמונה, דער קאַמף, די ענערגיע. די גאַנצע רעליגיע איז נאָך ניט קיין הונדערט יאָהר אַלט.

שוין פון דער וויטענס, ווען איהר פאָהרט אַריין אין דעם טאָל, וואו „ציון״ שטעהט, זעהט איהר אין דער הויך שוועבען אַ גאָלדענע פיגור, אַ מלאך מיט אַ טרומייט. עס איז דער מלאך מאָראָני, וואָס האָט אַנטדעקט דעם נביא יוסף סמיט די „הייליגע לוחות״, געבראַכט איהם דעם בוך פון מאָרמאָן.

קוים וואָס איהר פאָהרט אַריין אין שטאָדט, אַזוי צו זאָגען, ביים טויער, פיהלט איהר תיכף, אַז דאָס איז „געהייליגטע ערד״. דאָס ערשטע וואָרט וואָס איהר הערט שוין אויפ׳ן וואָקזאַל, פון דעם אומפאַרמיידליכען „פיהרער״, פון דעם טעקסי־טרייבער, פון יעדען היימישען און פרעמדען, איז: „דער טעמפעל״? עס איז דער נאַטירליכער צענטער, די אַנציהונגס־קראַפט, דער עצם פון דער שטאָדט.

עס איז געווען זונטאָג. שטיל און רוהיג, ממש ווי שבת אין אַן אַלטער אידישער שטאָדט. אין אַ פּאָר מינוט האָט מיך אַ טעקסי געבראַכט צום „טעמפעל״. אַ לאַנגע, שטיינערנע וואַנט פון רויטע ציגעל. דורך אַן אייזערנעם טויער געהט מען אַריין אין אַ גרויסען, קוואַדראַטישען הויף, ריין און ציכטיג באַפּוצט מיט בלומען, מיט פאָנטאַנען, באַפלאַנצט מיט שעהנע, הויכע בוימער. אין דעם הויף

אַ גאַנצע רייע פון געביידעס: רעכטס אַ גרויסער ווייסער קלויס־טער, געבויט ווי אַ פעסטונג, אַזוי הויך און פאַרשלאָסען און שווער צוגענגליך; לינקס, אַנטקעגען איהם, אַ מערקווירדיגער בנין פון רויטען האָלץ, אַ ריזען־שאַלאַש מיט אַ בלוי־שוואַרצען קופּעל פון צין איבער איהם. עס איז דער „טאַבערנאַקל". דער „משכן", דער רעליגיעזער צענטער פון די „לעטער דעי סעינטס", אָדער ווי מען רופט זיי געוועהנליך, די „מאַרמאַנען". אַזוי רופען זיי די „דזשענטיילס", די „גוים" — זיי אַליין רופען זיך די „הייליגע". ניט מעהר און ניט ווייניגער.

עס איז געוועזן נאָך פריה; דער גאָטעסדינסט האָט זיך אָנ־געהויבען ערשט צוויי אַזייגער. איך האָב געהאַט צייט אַרומצו־קוקען זיך, באַטראַכטען די אויסערליכקייטען פון דער דאָזיגער מערקווירדיגער אינסטיטוציע. דער מלאך מאַראַני איז געווען צו הויך. איך האָב געקאָנט זעהן נאָר פון דער ווייטענס. דער קלויסטער אַליין איז פאַרמאַכט. מען עפענט איהם קיינמאָל ניט, סיידען אין גאָר גרויסע יום־טובים, און דאָס בלויז פאַר „מאַרמאַנען פון הויכען גראַד". מיר „גוים" קאָנען איהם קיינמאָל ניט זעהן פון אינוועניג.

מיר „גוים"! עס איז אַ מערקווירדיג געפיהל, זיך אויך אַמאָל גאַנץ אומשולדיגערהייט, גאַנץ אומגעריכט פיהלען אַלס אַ „גוי". ווען קאָן עס אַ איד נאָך דערלעבען? וויפיל וואָלט אַן אַמעריקאַ־ניזירטער איד אַוועקגעגעבען דערפאַר, אַז מען זאָל איהם ערגיץ גאַנץ ערנסט — און ניט בלויז על פי טעות און אויך ניט אויס העפליכקייט — אָננעהמען פאַר אַ גוי, און בפרט נאָך, ווען דאָס טרעפט מיט אַ דייטשען אידען? און דאָ, אין דעם הויף פון „ציון", קומט עס אָן אַזוי גרינג. דער בלאָנדסטער אַריער, דער פּראָטעס־טאַנטישסטער, „נאָרדישסטער" יענקי איז ניט מעהר „גוי" פאַר די „הייליגע", ווי דער איד מיט דער לענגסטער קאַפּאָטע און דער גע־בויגענסטער נאָז. זיי זיינען דאָביידע גלייך.

— אַזוי האָט געזאָגט יוסף סמיטה פון שרון — ווערמאָנט — און אַזוי גלויבען די „הייליגע" פון דער געזאָלצענער „ציון".

אָט שטעהט אין מיטען גאָרטען די סטאַטוע פון דעם „נביא" אַליין. און לעבען זיינער די סטאַטוע פון זיין ברודער — דער „עדות", דער מיט־מאַרטירער — היירים סמיטה.

צוויי יונגעלייט — אין פראַקען, מיט הויכע קעלנער און אַלט־

מאַדישע קראַוואַטען, פון דער הויזענקעשענע הענגט אַראָפּ אַ קייטעל פון אַ זייגער.ביידע שטעהען פאַרקעמט, פיין פריזירט — טיפּישע אַדוואָקאַטען פון באָסטאָן אָדער ניו יאָרק מיט הונדערט יאָהר צוריק.

עפּעס גלויבט זיך ניט אויף דעם ערשטען קוק — אַז דאָס זיינען אַ מין משה ואהרן, אַז דער יונגערמאַן אין פראַק, מיט דעם קייטעלע, מיט די לאַנגע הויזען איז אַ „נביא״, אַ גרינדער פון אַ רעליגיע, אַז צו איהם איז עס געקומען אַ מלאך — לאַז זיין אפילו אַז ניט קיין געהויבענער, אַ פערט־קלאַסיקער, ניט קיין גבריאל ווי צו מחמד׳ן, ניט קיין מיכאל און ניט קיין מטטרון ווי צו די מקובלים, אַ מלאך וואָס ווערט גאָר ניט דערמאָנט אין דעם מלאכים־רעגיסטער — אָבער פאָרט אַ מלאַך!

מיר שטעלען זיך געוועהנליך פאָר אַ „נביא״, און בפרט אַ גרינדער פון אַ רעליגיע, אַ זקן מיט אַ ווייסער באָרד און לאַנגע האָר, אַ מאַנטעל איבער די פּלייצעס, אַ שטעקען אין דער האַנט — און איבער׳ן קאָפּ אַ טעלער — אָדער הערנער פון ליכט, אויף די פיס סאַנדאַלען. אפילו מיקעל אַדזשעלאָ, וואָס האָט — אויף זיינע באַריהמטע פרעסקאָס אין דער סיקסטינישער קאַפּעלע אין דעם וואַטיקאַן — אַזוי שטאַרק „פאַר׳גוי׳עוועט״ די נביאים — האָט זיי אויך אויסגעמאָלט ווי אויסערגעוועהנליך שעהנע, גרויסע, לאַנג־לאָקיגע געשטאַלטען. און דאָ — אַ יונגערמאַן מיט אַ הויכען קאָל־נער, אַ „פאָטער־מערדער״ — ווי די דייטשען רופען אַן אַזאַ קאָל־נער, וואָס שפּאַרט אָן כמעט ביז צו די אויערען — און אַ גאַנץ פיינעם שניפּס! אָבער יעדער ספק ווערט בטל, ווען מען קומט אַריין אין דעם „משכן״. דאָרט פאַרגעסט מען אָן דעם קאָלנער און די לאַנגע הויזען פון דזשאָסעף סמיטה דזשוניאָר — מען געדענקט בלויז זיין „נביאות״.

וואָס נעהנטער צו צוויי אַזייגער — אַלץ מעהר מענשען האָבען זיך אָנגעהויבען שיטען פון אַלע זייטען. אַלט און יונג, פרויען און מענער, רייך און אָרים געקליידטע. גאַנצע מחנות, מיט ביכלאַך אין די הענט, מיט פרומקייט און זונטאַגדיגקייט אויף די פּנים׳ער. אַלץ „הייליגע״.

ווען איך בין אַריינגעגאַנגען אין דעם טאַבערנאַקעל — האָב איך שוין כמעט ניט געקאָנט געפינען קיין ליידיגען פלאַץ. און אין דער ריזען־געביידע קאָנען אַריין באַקוועם עטליכע טויזענט

מענשען. אויך זעהר ווייניג „פרעמדע״, ווייניג „גוים״. כמעט אַלע מיט פרומע פנים׳ער, ערנסט און בלאַנד. דער דייטשער טיפּ איז שטאַרק בולט. דער אַלט־מאַדישער דייטשער טיפּ. איך האָב אין דעם רונדען „משכן״ יענעם זונטאָג געזעהן מעהר געלע, בערשטעל־דיגע וואַנצעס, ווי אין אַ גאַנץ יאָהר אין ניו יאָרק.

איך האָב זיך אַוועקגעזעצט אַנטקעגען דעם „מזרח״, דעם ריי־זיגען בעלעמער. דאָרטען זיצען די „עלטסטע״, די הייליגסטע פון די הייליגע, די „זקני ציון״. מענער און פרויען — און יונגע מיידלאַך. צי די מיידלאַך זיינען אויך אַלטע הייליגע — האָב איך ניט געהאַט קיין צייט אויסצוגעפינען. אָבער איינס האָב איך יאָ געזעהן — אַז זיי זיינען גאַנץ שעהן, און זיי זינגען נאָך שעהנער. ווייל דער „משכן״ האָט אַן אָרגאַן, איינעם פון די בעסטע וואָס איך האָב געזעהן — אַחוץ אפשר דעם וואונדער־שעהנעם אָרגאַן אויף דער פּלאַזאַ פון סאַן דיעגאָ, אין דרום־קאַליפאָרניע; און אויך אַ גרויסאַרטיגען כאָר. דער דיריגענט — אַ דיקער, דייטש אויס־זעהענדער באַוואַנצטער מאַן, אין אַ פּרינץ אַלבערט, קומט אַרויף. נאָך איהם קומען די איבעריגע כלי־קודש. דער „פּרעזידענט״ פון דער „קירך פון די הייליגע״ — אויב איך האָב ניט קיין טעות — איז איצט איינער אַ מר. גרענט, אַן אַלטער מאַן מיט אַ מערקוויר־דיגען פּנים, אין אַ פּראַק, מיט אַ שימערירנדיג ווייס געפּרעסטען העמד — מיט עפּעס אַן אָפּצייכען אויף דעם פּראַק. ער האַלט זיך שטייף און שטאַלץ — קוקט זיך קוים אום, גריסט זעלטען, זיצט מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגען. אַ לעבעדיג בילד פון אַ מאַרמאָ־נישען פּויפּסט. דריי שטענדערס — איינער העכער פון דעם אַנ־דערען — אין איין ליניע. ווייזט אויס — נאָך דעם סדר פון היי־ליגקייט. אַחוץ דעם אָרגאַן, דעם כאָר און די „זקנים״, קיין שום צייכען פון אַ „הייליגען הויז״. און זיכער ניט פון אַ קריסטליכען. ניטאָ קיין צלם, קיין בילד. עס פעהלט אפילו די טראַדיציאָנעלע ביבעל — וואָס ליגט אויפ׳ן טיש אפילו ביי די עקסטרעמע פּראָ־טעסטאַנטישע סעקטעס. מען זעהט — עס איז אַ רעליגיע פאַר זיך — מיט דעם קריסטענטום בלויז אַלס אַ מין נאָכשלעפּעניש, אַ טראַדיציע, וואָס מען האָט ניט קיין מוטה זיך אָפּצוזאָגען פון איהר.

דער גאָטעסדינסט הויבט אָן. סענאַטאָר סמיטה, איינער פון די הויפּט־עלטסטע, עפענט איהם מיט אַ „תפילה״. איינע פון די פּאָ־ליטישע תפילות, וואָס מען הערט ביי אַלע קאָנווענשאָנס אין אַמע־

ריקע. ער רעדט צו גאָט ניט אַקוראַט פון דער רעפּובליקאַנישער פּאַרטיי און פון די קומענדע וואַהלען, אָבער מען זעהט, אַז ער ווינקט אונטער צו גאָט און גיט איהם אַנצוהערענישען. ער דער־צעהלט איהם, אַז דאָס לאַנד איז גרויס און רייך און בעט איהם אַכטונג געבען, אַז עס זאָל זיך האַלטען אין דער מעלה.

נאָך סענאַטאָר סמיטה קומט אַרויף אַ בישאָף — און הויבט אָן זיין פּרעדיגט. אַ מערקווירדיגע דרשה, גלייך ווי גערעדט ניט פאַר דעם עולם — נאָר פאַר מיר, פאַר די איבעריגע פאַר „גוים", וואָס זיצען אין דעם רונדען, רויטען געצעלט און הערען זיך איין און קוקען זיך איין מיט פאַרוואונדערטע אויגען.

דער בישאָף האָט ניט גע'דרש'ענט קיין מאָראַל, קיין רעליגיע — ער האָט געהאַלטען אַ לאַנגע, פּלפּול'דיגע, טעאָלאָגישע רעדע צו באַווייזען, אַז יוסף סמיטה איז טאַקען באמת געווען אַ נביא און אַז דער בוך מאָרמאָן איז אַ הייליגער, גאָט־געגעבענער בוך.

ער האָט אויפ'סניי דערצעהלט די גאַנצע מערקווירדיגע גע־שיכטע פון דעם מאָרמאָניזם: ווי צו דעם יונגען, פינף־און־צוואַנציג־יאָהריגען יוסף סמיטה, אין אַ שטעדטעל פון ניו יאָרק סטייט, וואוהין זיינע עלטערען האָבען זיך אַריבערגעקליבען, איז איין שעהנעם טאָג — אין דעם יאָהר 1825 — געקומען אַ מלאך — דער מלאך מאָראָני — און האָט איהם דערצעהלט, אַז ערגיץ אונטער אַ שטיין, ביים באַרג קומאָראַ, ליגען צוויי גאָלדענע לוחות — מיט געטליכע סודות. יוסף סמיטה איז געגאַנגען אַהין, אויסגע־גראָבען די לוחות — געבראַכט זיי אַהיים. זיי זיינען געווען באַ־שריבען מיט עגיפּטישע העראָגליפען, און די שפּראַך פון דעם כתב איז אויך געווען עגיפּטיש, אָדער עפּעס אַן אַנדער אַלטע שפּראַך. יוסף סמיטה — וואָס האָט אפילו ענגליש אויך קנאַפּ געקענט, האָט דאָס ווייניג וואָס געאַרט — ער האָט מיט דער הילף פון רוח הקודש און דעם גוטען מלאך איבערזעצט אָהן שום מיה די לוחות.

די לוחות האָט דער מלאך צוגענומען. אָבער דאָס בוך — דאָס הייליגע בוך מאָרמאָן, איז געבליבען. און כדי מען זאָל חלילה ניט מיינען, אַז יוסף סמיטה דזשוניאָר האָט די גאַנצע מעשה אויס־געטראַכט — האָבען זיך דריי עדות גע'חתמ'עט אויף אַ פּאַפּיר. זיי האָבען אַליין געזעהן אי די לוחות אי סמיטה'ן ביי דער אַרבייט. דריי עדות — אַזויפיל האָבען פריהערדיגע נביאים און לוחות־איבערזעצער ניט געהאַט. און געה גלויב ניט, אַז אַזעלכע

בכבוד׳יגע בירגער פון פעיעט, ניו יארק, ווי דייוויד וויטמער, אליווער קאלדער און מארטין העריס, האבן אליין עדות געזאגט!

סמיטה איז געווארן א „נביא״ — מיט אפאסטאלען, מיט תלמידים, מיט א סעקטע און אן אייגענער קירך. עס האבן זיך אנגעהויבן די רדיפות און די וואנדערונגען. צווערשט אין נאוואו — אין איליניאי, דערנאך אין מיזורי, ביז יוסף סמיטה און זיין ברודער הייראם זיינען דערשאסען געווארן פון א מאב אין קארטאזש — מיזורי.

די „גוים״ האבן ניט געוואלט גלויבן אין דער נביאות פון יוסף סמיטה, זיי האבן זיך מתקנא געווען אין דער מארמאנישער „מעהרצאל פון ווייבער״, ווי די „הייליגע״ דריקען זיך אויס, און די מארמאנען האבן געמוזט וואנדערען אין דער מדבר. זיי האבן געפונען א גוטען ארגאניזאטאר און פיהרער — בריגהעם יאנג — און ער האט זיי דערפיהרט קיין „ציון״.

דאס איז די געשיכטע. איהר גלויבט נאך אלץ ניט? ס׳טייטש — דונערט דער בישאף — און יחזקאל ל״ז? און די נביאות אין דעם אפאקאליפס? וואס וועט איהר זאגען דערצו? און אויב גאט האט זיך אנטפלעקט פריהער — פארוואס ניט שפעטער? פאר־וואס זאל יוסף סמיטה ניט זיין קיין נביא?

קיינער האט דעם בישאף ניט געענטפערט אויף דער פראגע. אפילו ווען עס וואלט געווען דערצו א געלעגענהייט — וואס קאן מען ענטפערען אויף אזא פראגע? פארוואס ניט? אויב הונדער־טער מיליאנען מענשען גלויבען אין דעם, אז גבריאל האט זיך אנטפלעקט צו א פאסטוך אין מעדינא, אויב הונדערטער מיליאנען מענשען גלויבען, אז א אידישער יונגערמאן פון גליל איז גאט׳ס לייבליכער זוהן — פארוואס זאלען ניט הונדערטער טויזענטער מענשען גלויבען, אז יוסף סמיטה האט געפיהרט געשעפטען מיט דעם מלאך מאראני?

איי די לוחות? איי דער מערקווירדיגער אינהאלט פון דעם בוך מארמאן? ווער ווייסט? עס איז דאך אן אלטע טראדיציע, אז די עשרת השבטים זיינען פארוואגעלט געווארען קיין אמעריקע — אפילו מנשה בן ישראל, אין זיין „מקוה ישראל״, האט אין דעם געגלויבט — און אויב שוין עשרת השבטים — דאן איז שוין אלצ־דינג מעגליך.

אפגעזאגט זיין דרשה — איבערצייגט די פרומע צוהערער אין

אמת פון מאָרמאָניזם — האָט זיך דער בישאָף אָװעקגעזעצט. דער דיריגענט מיט די געלע װאָנצעס איז אַרויף. דער אָרגאַן האָט גע־שפּילט, דער כאָר האָט געזונגען, צװיי שעהנע סאָליסטקעס האָבען געזונגען די סטראָפען פון דער הימנע, דער עולם האָט ערנסט און פרום מיטגעזונגען. אַ שעהנע הימנע, מעהר חקירה װי פּאָעזיע, מעהר געדאַנק װי ליריק, אָבער מוזיקאַליש און קלוג.

דער מענש איז פריי. גאָט איז שכל. אַזוי איז די גרונט־דאָגמאַ פון די מאָרמאָנען. „גאָד איז אינטעלידזשענס". אמת — מען האָט ניט באַדאַרפט װאַרטען ביז 1825 און אויף דעם מלאך מאָראָני כדי צו דערגעהן דערצו, אָבער װאָס קאָן מען ערװאַרטען עפּעס אַנדערש פון מענשען, װאָס שטאַמען פון די „לאַמאַניטען" אָדער יארעדיטען אָדער גאָר אינגאַנצען פון די עשרת השבטים?

„גאָט איז שכל" — דרש'ענט דער אַמעריקאַנער בישאָף אויף ענגליש. גאָט איז אַ גוט געשעפט — דרש'ענט אַ צװייטער מאָר־מאָן — אַ יונגער דייטש אין אַ ספּאָרט־סװעטער, אין דעם קלע־נערען „משכן" — פאַר דער דייטשער געמיינדע. און באַװייזט עס מיט ציטאַטען פון שילער און פון מאָדערנע דייטשע שרייבער. און די דייטשען אין „ציון" זיצען, דרעמלען אונטער, כאַפּען זיך אויף פון מאָל צו מאָל און שאָקלען מיט'ן קאָפּ: שילער — הויפּטמאַן — יוסף סמיטה — דער מלאך מאָראָני — ציון — אַלצדינג צע־שװימט ביי זיי אין מח. איינס בלייבט ביי זיי אין קאָפּ: „גאָט איז אַ גוט געשעפט". בפרט נאָך דער גאָט פון די מאָרמאָנען. ער, פאָדערט אַזוי װייניג און איז מתיר אַזויפיל — אפילו אַ סך װיי־בער. איי די „גוים" לאָזען ניט — מילא, דעראויף איז מען אין גלות! אָבער „ציון" װעט נאָך אויפגעריכט װערען. דער מלאך מאָראָני איז נאָך ניט פּענסיאָנירט. דער „אמת מציון" — פון דער געזאַלצענער ציון אין יוטאַ — לייכט אויף פאַר די אויגען פון דער װעלט. אַזוי זאָגען די מאָרמאָנישע מיסיאָנערען אין זייערע בלע־טער, און צום באַװייז — פאַרגילדען זיי איצט אויפ'סניי די אַביסעל פאַרטונקעלטע סטאַטוע פון דעם מלאך — העט, העט אויף דעם שפּיץ טעמפּעל!

יחזקאל בן בוזי הכהן האָט הפנים געהאַט אַ שטאַרקען הומאָר!

אָקטאָבער 7, 1924

# מדבר

ערד, ניט קיין פּאַרזייהטע, פאַרשאָלטענע ערד. זאַמד און הימעל און הייסער ווינד. אַ שרעק־וואָרט. יעדען פון אונז איינ־געבאַקען אין זכרון. פון קינדהייט אָן. פון טויזענטער יאָהרען דערצעהלט אַ פאָלק זיין גרעסטע ערפאַהרונג, זיין גרעסטע ערלע־בעניש: פערציג יאָהר וואַנדערען אין דער מדבר. אַ וועלט איז פאַרבייגעגאַנגען פאַר זיינע אויגען, אָנגעזעטיגט מיט נסיונות, ווי קיין שום אַנדער פאָלק, אָבער דאָס ערשטע ליידען איז גע־בליבען אין זכרון שטאַרקער — דער מדבר.

און יעדער פון אונז האָט כאָטש איינמאָל אין זיין לעבען גע־האַט אַ שטורמישע בענקשאַפט נאָך דעם מדבר. דערפיהלען אַליין, אויף זיך, אַליין איבערלעבען אָט דאָס, וואָס די לעגענדע דערצעהלט; פאַרזוכען דאָס שווערסטע, דעם טעם פון איינזאַמ־סטער איינזאַמקייט, פון איינער־אַליין־זיין, התבודדות. יעדער זוכט זי אויף זיין אופן. איינער אויף די בערג, דער צווייטער ערגיץ אין אַ פאַרוואָרפען ווינקעל, דער דריטער אין דער גרויסער, דער ריזיגער שטאָדט. עס איז אמת, די שטיינערנע, די מויערדיגע, די מענשען־טריפענדע שטאָדט איז די גרעסטע איינזאַמקייט, גיט דעם שאַרפסטען טעם פון מדבר. אָבער מען דאַרף שוין זיין צו איינ־געשרומפּט און איינגעשנורט אין זיך אַליין, כדי ניט צו באַמערקען דאָס לעבען אַרום זיך, ניט פאַרשלונגען ווערען פון איהם. טייל זיך אָפּ פון זיי, וויפיל דו ווילסט, דיינע אויערען זיינען פול מיט קלאַנגען, דיינע אויגען ווערען מיד פון זעהן.

און התבודדות ווערט אַלץ שווערער און שווערער; מיר הויי־בען אָן צו פאַרגעסען איהר טעם און איהר זין.

עס בלייבט פאָרט נאָך דער אַלטער, דער איינציגער מיטעל: מדבר. כאָטש אויף אַ ווייל, אויף איין־איינציגען, פאַרבייגעהענדען אויגענבליק. נשמה־ערלעבענישען זיינען ניט צייטליך. איין רגע איז רייכער פון גאַנצע יאָהרען.

* * *

עס האָט מיר אַ טיאָכקע געטאָן דאָס האַרץ, ווען איך בין אָריינגעפאָהרען צום ערשטען מאָל אין דעם מדבר. צום ערשטען מאָל אויף מיין לעבען. אין אייראָפּע האָב איך קיינמאָל ניט גע־האַט קיין געלעגענהייט דערצו. דאָרט זיינען דאָ אַ פּאָר שטרעקען לאַנד, ניט קיין באַזעצטע, ניט קיין פּאַרזייהטע. די „לינעבורגער היידע" אין דייטשלאַנד, די „בעלאָוועזשעסקאַיאַ פּושטשאַ" אין ווייס־רוסלאַנד. אָבער דאָס זיינען ניט קיין מדבריות. גלאַט ניט קיין פּרוכטבאַרע פלאַכען ערד. קיינער פאַרבינדט ניט מיט זיי ניט דעם באַגריף, ניט די שטימונג — מדבר.

אָדער די סיבירישע „טאַיגאַ". טאָג נאָך טאָג פאָהרט איהר פאַרביי וויטע שטרעקען, באַדעקט מיט קליינע בוימער, אַזוי גע־דיכט, אַזוי שוואַרץ, אַז עס ווייזט זיך אויס, אַז עס איז איין שוואַר־צער וואָלקען, וואָס האָט זיך אָוועקגעלייגט מיט זיין גאַנצער משא אויף דער ערד. גרויער הימעל קאַלט און כמורנע. און אויך אַזוי כמורנע און אומעטיג ווערט אויף דעם האַרצען. און ווידער אַמאָל פאַרשווינדט די מדבר־שטימונג. ניט פון אַזאַ קאַלטער, טרויערי־גער וואַלד־וויסטעניש האָבען געקאָנט אַרויסקומען זוניגע געדאַנ־קען. ניט אין אַזאַ מדבר האָט זיך צופלאַקערט די מענשליכע פאַנטאַזיע.

אָבער אָט איז אמת'ער מדבר. קוים וואָס איהר פאָהרט אַרי־בער פון קאָלאָראַדאָ קיין יוטא, הויבט זי זיך אָן. בערג־שטיינער, הימעל און ערד. נאַקעטע בערג, נאַקעטע ערד. די איינזאַמקייט און די שטילקייט ווערט פון צייט צו צייט געשטערט. פּלוצלינג וואַקסט אויס, ווי פון אונטער דער ערד, אַ הויכער קוימען, אַ שאַכט, אייזענווערק, קוילען־גרובען, נאַפטאַ־קוואַלען. נעבען זיי אַ שטעדטעל. הינטער דעם ישוב אַ „רענטש".

אויף די בערג — גרויע כוואַליעס: שעפּעלאַך, וויכער גרויער סאַמעט. אויף דער מאַגערער ערד — טשערעדעס פון בהמות; דאָ און דאָרט — אַ טאַבון פערד, אַ רייטער מיט אַ ברייטען קאַפּע־ליוש און מיט אַ רויטער פאַטשיילע איבער'ן האַלז. אַ קנאַפּ לע־בען. מענשען האָבען זיך נאָך ניט אונטערגעגעבען. זיי רייסען נאָך אַרויס פון דער ערד וואָס זיי קאָנען. זיי האָבען נאָך ניט געבויגען דעם קאָפּ פאַר דעם מדבר.

אָבער אָט פֿאָהרען מיר אַריבער איבער דעם מערקווירדיגען, פּופּצעהן מייל לאַנגען, שמאָלען בריק איבער דעם „סאָלט לייק״, דעם באַריהמטען, פֿון אינזשעניער־שטאַנדפּונקט וואונדערבאַרען „קאַט־אָפֿ״ — מיר זיינען אין נעוואַדאַ. די סיערא־נעוואַדאַ נעמט אונז אַרום. בערג מיט אַלט־שפּאַנישע, ראָמאַנטישע נעמען. „סאַנגרע די קריסטאָ״, דאָס בלוט פֿון קריסטוס — מיט זיין ווייסען קאָפּ קוקט אַריבער צו אונז. עס איז אַ נייע פֿאָרם בערג. ניט צו הויך, ניט דערדריקענד־גרויסאַרטיג. נעהנטער צו אונז — און מענשליכער, און דערפֿאַר אויך אַזוי פֿאַר׳חלומ׳ט־טרויעריג, אַזוי מערקווירדיג־פֿאַרבענקט.

די בערג פֿאַרשפּאַרען ניט דעם האָריזאָנט. אַלצדינג איז ברייט, ערד און הימעל. ברייט די ערד, און הויל און שטיל. קיין בוים, קיין חיה, קיין מענש, גאָרנישט. בלויז נידעריג ביי דער ערד — קלומפּען פֿון שוואַרץ־גרינעם „סיידזשבראַש״. גלייך ווי די ערד וואָלט זיך געשעמט צו זיין נאַקעט. די אָרימע ערד דעקט זיך צו דעם אַלטען לייב מיט שמאַטעס, מעהר אָפּדעקענדיג ווי פֿאַרדענקענדיג, אָבער פֿאָרט שמאַטעס. אַ רמז אויף אַ מלבוש.

דער נעוואַדאַ מדבר. אַזוי הייסט עס. אַזוי האָט מען עס אַקצעפּטירט. עס הענגט דאָך אַלץ אָפּ פֿון דעם, ווי מענשען באַשטימען ביי זיך. האָט מען איינגעשטימט, אַז דאָס איז אַ מדבר, ווערט עס אַ מדבר, גיט מען אויף יעדען פֿאַרזוך זיך דאָרט באַזעצען, אַרויסרייסען איהם פֿון דער געפֿאַנגענשאַפֿט, באַפֿרייען איהם פֿון דער וויסטקייט און איינזאַמקייט. איינער פֿון די אַמעריקאַנער אויספֿאָרשער, וויליאַלמור סטעפֿאַנסאָן, דער אַרקטישער רייזענדער, האָט עס ניט לאַנג צוריק געזאָגט: „מענשען האָבען באַשלאָסען, אַז סאַהאַראַ אָדער גאָבי, די גרעסטע מדבריות אין דער וועלט, זיינען פֿאַראורטיילט צו זיין מדבריות, און זיי ווילען זיך אפֿילו ניט נעהמען די מיה אויסצוגעפֿינען צי עס איז טאַקע אַזוי״. אין נעוואַדאַ האָט מען געהאַט מען געפּרואווט. עס איז ניט געגאַנגען. די עטליכע אייזען־ און זילבער־גרובען, וואָס מען האָט דאָרט געפֿונען, האָבען זיך אויסגעשעפּט. די פּאָר שטעדט, וואָס האָבען זיך דאָרט געגרינדעט אויף גיך, ווערען ליידיג, ווי צום ביישפּיל, גאָלדפֿילד וואָס האָט שוין געהאַט אַן ערך פֿון צוואַנציג טויזענט איינוואוינער, און האָט איצט, דאַכט זיך, ניט מעהר פֿון עטליכע

הונדערט. די באַפּעלקערונג וואַקסט ניט. פאַרקעהרט. עס ווערט דאָרט אַלץ ווייניגער מענשען. מען צופאָהרט זיך. דער מענש וויל ניט, קאָן ניט קעמפען אַנטקעגען דעם מדבר.

פון צייט צו צייט אַ קליין שטעדטעל — ביים טייכעל. אַלע טייכלאַך זיינען דאָרטען איין טייך, און אַלע טראָגען זיי דעם נאָמען „הומבאָלדט". דער נאָמען פון דעם גרויסען געאָגראַף אַלעקסאַנדער פאָן הומבאָלדט, שוין כמעט פאַרגעסען אין דער וועלט, שווימט פּלוצלינג ווידער אַרויף, ווערט אַ רעאַליטעט. הומבאָלדט טייך, הומבאָלדט בערג. איך ווייס ניט פאַרוואָס — איז עס די פּאָעזיע פון די יוגענט־זכרונות, אָדער טאָקע די שעהנקייט פון אַלעקסאַנדער פאָן הומבאָלדט׳ס באַשרייבונגען, וואָס דערמאָנען זיך מיר, דער הומבאָלדט נאָמען דערוועקט עפּעס אַן אייגענאַרטיגע שטימונג: ווייטע פּלאַכען, וואַנדערונגען איבער אומבאַקאַנטע, נאָך ניט אויסגעפאָרשטע, סודות׳דיגע לענדער. און די נעמען: נעוואַדאַ, קאָרדילערען, אָט די אַלטע, שעהנע שפּאַנישע נעמען באַקומען אַ נייעם רייץ. כמעט ווי אַ מיראַזש אין דעם מדבר.

עס איז ניט מעהר קיין צוג, ניט קיין פּולמאַן־וואַגאָן, ניט קיין באַקוועמער שטול אויף אַ גלאַז־באַשיצטען באַלקאָן, אין דער וויסטע, ביים ראָד פון די געצאַקטע בערג סילועטען. שפּאַנישע גלחים, די „פּאַדרעס", די מיסיאָנערען אויף זייערע קליינע אייזלען, שאשאָנע־אינדיאַנער מיט פעדערען און רויטע שאַלען, און ערגיץ דאָרט אַ קאַראַוואַן, אַ דייטש מיט אַ פּאַרוק אויף דעם קאָפּ, מיט קורצע זיידענע הויזען און ווייסע, לאַנגע זיידענע זאָקען, שיך מיט זילבערנע פּראַזשקעס, רייטענדיג אויף אַ פערד. אַלעקסאַנדער פאָן הומבאָלדט אויף זיין פאָרשונגס־רייזע.

עס קאָן זיין, אַז דעמאָלט האָט אויך דער מדבר אַנדערש אויסגעזעהן, גרויסאַרטיגער, גרויזאַמער, איינזאַמער און — אין איהר אָרימקייט — רייכער. ער איז דעמאָלט געוועזען אַ צוועק פאַר זיך, ניט בלויז אַ דורכפאָהר.

* * *

אַן אַנדער מדבר. גליהענדע, געלע זאַמד, און גליהענדיגע זון. דער מאָהאַווע מדבר אין אַריזאָנאַ, צווישען דרום קאַליפאָרניע און ניו־מעקסיקאָ. קוים וואָס מען פאָהרט אַרויס פון לאָס אַנדזשע־

לעס, אין די בערג פון סאַן־בערנאַרדינאָ און סאַן־כאַצינטאָ הויבט ער זיך אָן. אַן אַנדער מדבר, ווי אין נעוואַדאָ. אַ דרום־מדבר, אַ מזרח־מדבר. אַט אַזוי האָט באַדאַרפט אויסזעהן דער מדבר פון די פערציג יאָהר וואַנדערונג. אַט אין אַזאַ מדבר זיינען געלאָפען די אַמאָליגע הייליגע און נביאים. און אין אַזאַ מדבר האָט גע־קאָנט ברענען דער דאָרען פון אמונה — ברענען און אָנצינדען די גאַנצע ערד. איז אין נעוואַדאָ די ערד אַ פאַרשעהמט־נאַקעטע, אָן אָרימע, מיט שמאַטעס באַדעקטע, איז זי אין מאָהאַווע־מדבר אָהן בושה. נאַקעט, ניט קיין גרעזעל; אפילו ניט קיין דערנער: בלויז זאַמד, געלע, הייסע זאַמד. פריי, ברייט, עס פאַרשטעלט גאָרניט די פּערספּעקטיווע. וואוהין דו קומסט — הימעל, געלקייט; שטראַלענדע ווייטקייט בייטאָג און טיפע שוואַרצקייט — מיט שטערען־לאָמפּען באַלייכט — ביינאַכט.

איך האָב נאָך אין ערגיץ ניט געזעהן אַזאַ נאַכט־הימעל, ווי אין דער מדבר מאָהאַווע. ניט בלוי, ניט מילד. שוואַרץ ווי פעך, ווי אַ שוואַרצער קופּאָל, און אויף איהם שטערען, גרויס, ווי מען זעהט זיי קיינמאָל ניט אין דעם ישוב, און אַזוי נאָהענט. קאָנט האָט באמת באַדאַרפט האָבען אַ געוואָלטיגע מדבר־פאַנטאַזיע, כדי צו קאָנען זאָגען זיין באַריהמט וואָרט: „דער געשטערענטער הימעל איבער מיר, דער מוסר־געזעץ אין מיר". וואו האָט ער אין זיין גרוי־הימעלדיגען, בלײ־הימעלדיגען, בלאַס־שטערענדיגען קעניגס־בערג געקאָנט זעהן אַ „געשטערענטען הימעל"? ערשט אין דער מדבר ווייסט מען, וואָס דאָס מיינט: די שטערען פון דעם הימעל — ערשט דאָרט באַקומען זיי אַ לעבעדיגע ווירקליכקייט. ניט אומזיסט זיינען די פעלקער פון דער מדבר געווען „עובדי כוכבים", שטערען־דינער. עס האָט גאָר אַנדערש ניט געקאָנט זיין. איך בין יענע נאַכט, אין דעם מאָהאַווע־מדבר, אַליין עס שיעור ניט געוואָרען.

* * *

מען זאָגט, אַז אין דעם מדבר פון אַריזאָנאַ קומען פאַר מי־ראַזשען. עס וואַקסען פּלוצלינג אויס פאַר די אויגען וואונדער־באַרע בילדער: גרינע אָאַזיסען, שטעדט, בלויע טייכען, רייטער און שיפען. איך האָב עס ניט געזעהן. מען דאַרף ניט געהן אַזש אין דעם מדבר, כדי צו זעהן מיראַזשען. מיר זעהען זיי טאָג־איין

דר. א. קאָראַלניק

טאָג־אויס, מיר רופען זיי קונסט, ליטעראַטור, פילאָזאָפיע, רעליגיע אָדער גאָר ליבע. אָבער דאָס וואָס איך האָב יאָ געזעהן אין דער געלער מדבר איז געווען ניט־וויניגער איינציגאַרטיג, ווי דער שעהנסטער מיראַזש. איך האָב געזעהן די נאַטור, ווען זי שפילט זיך, און „אַמוזירט זיך". זי האָט גענומען אַ מדבר פון זאַמד און געמאַכט פאַר אַ מערקווירדיגען מוזעי. זי האָט באַמאָלט און באַפוצט די מדבר־פלאַכען. „באַמאָל־טער מדבר", „פיינטעד דעזערט", רופען עס די אַמעריקאַנער. אַזוי האָבען זי אויך גערופען די אינדיאַנער פון דער געגענד, די האָפּי, די זוני און די נאַוואַהאָ אינדיאַנער. פון אַלע זייטען רויטע שטיינער, ווי טישען; פעלזען, שטיקלאַך בערג, פלאַך און אויסגע־קיילעכדיגט ביי די ראַנדען ווי מזבחות אויף אַן אומגעהייערען פעלד. די פעלזען אויסגעצאַצקעט, יעדער אויף אַן אַנדער אופן, יעדער אַנדערש באַמאָלט, דער גרונדטאָן רויט, אָבער דאָ און דאָרט צומישונגען פון אַנדערע קאָלירען. אַ קאָמבינאַציע פון פאַרבען, אַ פאַרבען־אָרגיע.

עס האָט זיך געוואָלט אָפּשטעלען ביי די דאָזיגע רויטע מזבחות, בלייבען אין דעם מדבר, פאַרלענגערען די התבודדות. אָבער דאָס לעבען האָט גערופען. דאָס נייע, גיכע, טומעלדיגע.

פון איין מדבר אין דעם צווייטען; פון דעם באַמאָלטען, מיט רויטע מזבחות באַדעקטען, מיט אַ שטערענטיכעל איבער דעם קאָפּ — אין אַ צווייטען; מיט שטיינערנע ווענט און אַ בלאַסען הימעל, און רויק און אומעט. און אין ביידע דער אייגענער קול: קול קורא במדבר — דער קול פון דער איינזאַמקייט, וואָס רופט נאָך זיך.

אָקטאָבער 12, 1924

# פנימ׳ער אין ים

1

רייזען זאָלען און קאָנען נאָר צוויי מינים מענשען — די גאָר געלערנטע און די גאָר פּראָסטע; די וואָס ווייסען אַלצדינג, וואָס מען קאָן וויסען, און די וואָס ווייסען גאָרניט. פאַר מיטעלע, פאַר די, וואָס האָבען שוין פאַרלוירען זייער קינדיש־ נאַאיווע באַציהונג צו דער וועלט און נאָך ניט דערגרייכט די באַציהונג פון פאַר־שטעהן, זיינען די וועגען פאַרמאַכט. ווי אומעטום, ווי בכלל אין לעבען. וואָרים דער „מיטלערער", דער מיטלעמעסיגער, איז צו־פרידען. ער כאַפּט אַ וואָרט, און פרעגט ניט מעהר. ער שעהמט זיך צו פרעגען, ער וויל גאָר ניט נאָכפאָרשען. ער מיינט, אַז ער ווייסט. בלויז דער, וואָס ווייסט גאָרניט, פרעגט — און דער, וואָס ווייסט מעהר פון אַלע.

איך האָב זיך צוגעקוקט אויף מיין רייזע צו מיינע מיטריי־זענדע, און האָב זיך געוואונדערט: צי זיינען אָט די דאָזיגע יונגע פּאָרלאַך, וואָס האַלטען זיך תמיד ביי די הענט; אָט די עלטערע דאַמען, וואָס לייענען אַ גאַנצען טאָג דעטעקטיוו־ראָמאַנען; אָט די יונגעלייט, וואָס שאַרען זיך צו אַזוי אימפּעטיג — און מיט ער־פאָלג — צו די אינגערע, אָדער עלטערע, מיידלאַך און פרויען, וואָס פאַהרען פון ערגעץ קיין ערגעץ — זיינען זיי אַלע אַזעלכע „פילאָזאָפען"? פילאָזאָפען טאָרען זיך ניט וואונדערען, זאָגט אַן אַלטער מאמר. עס איז ניט ריכטיג, אָבער אַ גוטער אויסרייד איז עס. ניט וואונדערען זיך הייסט ניט פאַרוואונדערען זיך, הייסט ניט באַוואונדערען. און דאָס הייסט ווייטער — זיין ניט נייגעריג, ניט וועלען וויסען.

און ס׳איז דאָך געווען וואָס זיך צו וואונדערען. אויף יעדען טריט אַ נייע פראַגע, אַ נייער חידוש. אַ נייער וואונדער. און איך האָב אַזוי מקנא געווען די אמת׳ע רייזענדע, וואָס קומען צו דער נאַטור מיט פולע כלי־זין, אָנגעוואָפּענט מיט וויסען און מיט אינ־סטרומענטען; רייזענדע, וואָס קאָנען לייענען דעם בוך פון דער נאַטור, רייזענדע, ווי אַלעקסאַנדער פאָן הומבאָלדט. ער האָט

הונדערט און צוואַנציג יאָהר צוריק באַזוכט די אייגענע געגענדען, געזעהן די אייגענע נאַטור, און ווי האָט ער זי געזעהן! זיין רייזע־באַשרייבונג, דאָס באַריהמטע בוך „וויו דע קאָרדילער”, די קאָר־דילער בילדער, די בענדער פון זיין „וואַיאַזש”, זיינען נאָך עד־היום דאָס בעסטע, וואָס איז געשריבען געוואָרען איבער די וועסט־געגענדען. אַלצדינג האָט דער גרויסער פאָרשער געזעהן — מענשען און זייער לעבען, אַלטע מאָנומענטען און זייער באַדייטונג, אַלטע נאַטור און איהר מיין. ווייל זעהן איז ניט בלויז קונסט. דער דיכטער לענאו איז געווען אין אַמעריקע, און האָט געבראַכט פון דאָרט אַ שוואַכע פּאָעמע איבער דעם „נאַיאַגאַראַ”; לאפקאדיא הערן האָט אָפּגעלעבט כמעט אַ לעבען אין יאַפּאַן און האָט איבער־געלאָזט בלויז סענטימענטאַלע איבערדערצעהלונגען פון אַלטע יאַ־פּאַנער לעגענדעס. און לאָטי איז געווען אין דער גאַנצער וועלט און האָט געבראַכט מיט זיך ליבע־מעשה׳לאַך.

זעהן איז וויסען. זעהן איז פאָרשטעהן. און אויב צו וויסענ־שאַפט דאַרף מען האָבען פאַנטאַזיע, האָט פאַנטאַזיע אָהן וויסענ־שאַפט קיין ווערט ניט. מיל־שטיינער אָהן קערנער.

גראַד אויף דער איצטיגער רייזע האָב איך געפיהלט ווי שוואַך, ווי פאַרפעהלט אונזער גאַנצע בילדונג איז אָוועקגעשטעלט גע־וואָרען. מען גיט אונז בלויז שאָטענס פון ווערטער, ניט בילדער פון זאַכען. מען שטאָפּט אונז מיט ליטעראַטור, און מען לאָזט כמעט ניט איבער קיין פּלאַץ פאַרווירקליכקייטען. מען לערנט אונז אויס פון יוגענט אָן ניט צו וואונדערען זיך; מען דערצעהלט אונז, אַז עס איז גאָר נישטאָ קיין נייעם אונטער דער זון, און מיר געהען אַרום מיט פאַרמאַכטע אויגען, אפילו דאָרט וואו מען זאָל און מען דאַרף זיך וואונדערען, דאָרט וואו פאַרוואונדערונג מיינט באַרייכערונג. די נאַטור דערצעהלט אונז, אָבער מיר פאַרשטעהען ניט איהר שפּראַך.

2

אַ הייל ביי לאַהאָיאַ, אַ שטעדטעלע לעבען סאַן דיעגאָ, הונדערט און פינף־און־צוואַנציג מייל פון לאָס־אַנדזשעלעס. אַ שעהן, אי־דיליש שטעדטעלע ביים פּאַסיפיק. רוהיג און שטיל, ווי פאַר־כישוף׳ט. קליינע הייזעלאַך — אין סטאָקאָ, גאַסען און בלומען, פּלעצער פאַרברעמט מיט פּאַלמען. אַ שטעדטעלע פון אַ לעגענדע.

אַ קינסטלער־קאָלאָניע. וואָס די קינסטלער שאַפֿען דאָרט, ווייס איך ניט. איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געזעהן קיין קינסטלער פֿון לאַהאָיאַ; אָבער מיר דאַכט זיך אויס, אַז וואָס זיי זאָלען ניט שאַפֿען, דאַרף טראָגען אויף זיך דעם חותם פֿון וואונדער, פֿון מערקווירדיגער שעהנקייט, פֿון פֿאַרקערטער „מעשה־בראשית״, אַזוי ווי די הייל פֿון לאַהאָיאַ, איינער פֿון די גרעסטע חידושים וואָס איך האָב געזעהן.

אַן אויסגעהיילטער שטיין. מען געהט אַראָפּ הונדערט און צוואַנציג טרעפּ, און מען איז אין ים. אַרום און אַרום וואַסער. דער פּאַסיפיק, דער אַזוי־גערופענער „שטילער״, איז דאָרט נאָך שטילער ווי געוועהנליך. דער ים דרימעלט. אַ פֿאַרשלאָפֿענע כוואַליע שלאָגט זיך אָן די שטיינער און געהט תיכף צוריק. איהר שטעהט אויף די שטיינער, אָטעמט איין דעם זאַלץ פֿון דעם ים. די כוואַליע גנב׳עט זיך אַריין, רינגלט אַרום דעם שטיין. איהר שטעהט ווי אויף אַ אינזעל. אָבער די כוואַליע קעהרט זיך באַלד אום. אַ קוק געטאָן אויף דעם וואונדער און צוריקגעגאַנגען — דעם וואונדער פֿון דעם גרויסען אויסגעהיילטען שטיין. די נאַטור האָט דאָרט געמאַכט מיט זיך אַליין אַ שפּאַס. זי האָט איבערגע־דרעהט די יוצרות. געוועהנליך איז די נאַטור זעהר פּעדאַנטיש. אַלצדינג איז אין אָרדנונג, לויט דעם טעקסט־בוך פֿון געאָלאָגיע. גראָבט וואו איהר ווילט און איהר וועט זעהן אומעטום דאָס אייגענע: אונטען, גאָר טיף, מינעראַלישע לאַגער; העכער — קאַלך־ליים; נאָך העכער — קוילען. אַזוי ווי דער סדר איז. צוערשט דאָס ניט־אָרגאַנישע, דערנאָך — דאָס אָרגאַנישע; צו־ערשט — די „טויטע״ מאַטעריע, דערנאָך — דאָס „לעבען״. און קוילען זיינען דאָך ניט מעהר ווי פֿאַרשטיינערט לעבען פֿון אַמאָל, די פֿלאַנצענוועלט פֿון פֿאַר־מענשליכע צייטען.

אין דער הייל פֿון לאַהאָיאַ איז דער סדר פֿאַרקעהרט. אויבען — מינעראַל, קאבאַלט, קופּער, אייזען; דערנאָך — גראַניט, ליים, און גאָר צולעצט — שוין כמעט אין ים — קוילען.

ווי אַזוי איז דאָס געוואָרען? פֿאַרוואָס האָט זיך פּלוצלינג, און גראָד דאָ, איבערגעקעהרט אַ באַרג? דער פֿיהרער, אַ יונגערמאַן, וואָס חזר׳ט נאָך ווי אַ פּאַפּוגאַי אַ פּאָר פֿראַזען, וואָס ער האָט אויס־געלערענט אויף אויסענווייניג, פֿאַרפֿלאָנטערט מיך נאָך מעהר. ער באַנוצט זיך מיט הויכע, וויסענשאַפֿטליכע ווערטער — טערציער

פעריאָד, מעזאָצען, פליאָצען, קעמברישער פעריאָד, א. אַז. וו. ער וואַרפט אַריין אַ פּאָר כעמישע פאָרמולאָס, און פרעגט אַלץ: „איהר פאַרשטעהט מיך?" און וואַרפט אַריין די פראַגע: „האָט איהר אַן אידייע אין געאָלאָגיע אָדער אין כעמיע?" און איך שעהם זיך ניט צו זאָגען, אַז איך האָב ניט. איך ווייס דאָך, אַז ער האָט נאָך וויניגער.

אָבער אָט ווייזט ער מיר אויף דעם פעלז, און זאָגט זיך אָפּ: דער פּראָפעסאָר אַזוי־און־אַזוי, וואָס האָט דער ערשטער אַנטדעקט די דאָזיגע הייל, האָט דעם פעלז אַ נאָמען געגעבען „דזשימי'ס פעלז". פאַרוואָס? „ווייל ער זעהט אויס ווי דער פּנים פון דזשימי". „ווער איז דער דזשימי?" „איהר ווייסט ניט ווער דזשימי איז געווען?" פרעגט ער מיך צוריק פאַרוואונדערט; און רופט מיר אָן אַ נאָמען פון אַ וואָדעוויל־אַקטיאָר, וואָס איז געווען באַריהמט, ווי ער זאָגט, מיט פינף־און־צוואַנציג יאָהר צוריק. דעם נאָמען האָב איך ניט איינגעהערט, און איבערפרעגען האָב איך ניט געוואָלט. דער פיהרער האָט שוין סיי־ווי־סיי געקוקט אויף מיר מיט פאַראַכטונג. ניט וויסען ווער דזשימי איז געווען? איהר מעגט ניט וויסען ווער לאַיעל, דער געאָלאָג, אָדער דאַרווין איז געוועז, אָבער דזשימי'ן מוז אַ „קולטור־מענש" קענען, און די פּאָר אַמעריקאַנער, וואָס זיינען געווען מיט מיר אין דער הייל, האָבען טאַקע געוואוסט. יעדענפאַלס האָבען זיי געמאַכט אַזאַ פּנים.

מילא, איינער אַ דייטשער אינזשענער, האָט מיר דערצעהלט, אַז אין דייטשלאַנד ווייזט מען ביי דעם עקזאַמען די סטודענטען דאָס בילד פון דעם געניאַלען פיזיקער הערץ. דערקענט דער סטודענט ניט דאָס בילד, מיינט עס, אַז ער האָט ניט קיין באַגריף פון פיזיק. און אין לאַהאָיאַ מוז מען דערקענען „דזשימי'ס פּנים". און דער ים קוקט, און שמייכעלט. וואָס זיינען איהם דזשימי'ס וויצען אַנטקעגען דעם אומגעהייערען וויק, וואָס די שטיינער האָבען געמאַכט?

3

אָדער דער וואונדער פון קאַטאַלינאַ. כמעט אויך אַ וויק. די נאַטור איז בכלל זעהר שפּאַרעוודיג, ווי דער באַריהמטער קנעפּעלמאַכער אין איבסענ'ס „פּער גינט". געהט אַרום אַ קנעפּעל־מאַכער און זאַמעלט אָפּגעריסענע, אָפּגעניצעוועטע קנעפּלאַך, און

גיסט זיי איבער אויף נייע. אָפּגעטראָגען אַ שטיקעל צייט דאָס ביסעל לעבען דערנאָך ווידער אַריין אין דער פאַבריק און אי־בערגעגאָסען, איבערגעשמאָלצען.

אָבער אויך דער קנעפּעלמאַכער פאַרזעהט אַמאָל אַן אַלט קנעפּעל. און עס וואַלגערט זיך ערגעץ — ביז אַ צייט.

איך ווייס ניט אַקוראַט וויפיל עס געדויערט ביז די נאַטור נוצט־אָפּ איהרע קנעפּלאַך. וואָס איז די נפקא־מינה — הונדערט טויזענט יאָהר צי אַ מיליאָן? דער פּראָצעס איז דער אייגענער. אָבער אַמאָל פאַרגעסט זי אויך און מישט צענויף אַלט מיט ניי. זי באַהאַלט, הפּנים, אויך „סואווענירס״.

און אַזאַ „סואווענירס״ האָט זי זיך איבערגעלאָזט אין קאַטאַלינאַ איילענד, אַן אינזעל עטליכע און צוואַנציג מייל פון סאַן־פּעדראָ, אָדער ווי די לאָס־אַנדזשעלעסער האָבען ליב צו זאָגען, פון דעם האַפען פון לאָס־אַנדזשעלעס. אַ שעהנער אינזעל — בערג, איינ־געטונקען אין בלויע, ווייסע הייזער, געלע געצעלטען, קלינגענדע שפּאַנישע און לעגענדאַרישע נעמען: קאַטאַלינאַ, וואַלאָן, אַוואַלאָן, די אַלט קעלטישע לעגענדע פון קעניג אַרטור, ים־מיסטיק. און פּלוצלינג: „ריגלי׳ס טשואינג גאָם״. דער נייער אַוואַלאָן באַ־לאַנגט ניט צו דעם קעניג אַרטור, נאָר צו דעם קעניג פון טשואינג גאָם. ער האָט איהם אָפּגעקויפט. ווען דער אַלטער מכשף מערלין וואָלט דאָס פאַראויסגעזעהן!

אָבער אָט זעצט איהר זיך אַריין אין אַ שיפעל מיט אַ גלעז־זערנעם באָדען און פאָהרט אַרויס אין ים. און אַלצדינג פאַר־שווינדט. ניט בלויז ריגלי, נאָר אפילו קעניג אַרטור און זיין אַוואַלאָן. אַ נייע וועלט שטעהט אויף פאַר אייך — אַן אַלטע וועלט. אַ וואַלד אין ים. אַ לעבעדיגער וואַלד. דאָס שיפעל באַ־ריהרט די קרוינען פון די בוימער, ריזען מיט גרויסע בלעטער, מיט אומגעהייערע צווייגען, ווי אויסגעשטרעקטע הענט, מעכטיג מיט דעם כח פון אַמאָליגע צייטען, די צייטען, ווען אַלצדינג אויף דער ערד איז געווען אַזוי גיגאַנטיש; צייטען, ווען עס איז געווען בלויז איין געזעץ: מאַכט.

און צווישען די בוימער — פיש; פיש, וואָס זעהען אויס ווי שווערטען; פיש, וואָס שפּרינגען און פליהען ווי פויגעל; פיש, וואָס זיינען פאַרבליבען אויך אַלס סואווענירען פון אַמאָל. די חיות פון פאַרצייטנס, די אומגעהייערע מאַמוטען, די דינאָזאַווערן און

פלעזיאָזאַווורען, זיינען שוין פאַרשוואונדען פון דער ערד. פון צייט צו צייט געפינט מען אין די פאַרפרוירענע לענדער זייערע ריזען־ביינער. זיי האָבען זיך ניט געקאָנט צופאַסען צו דער נייער ערד. אָבער די פיש זיינען פאַרבליבען אין דעם לעבעדיגען מוזעי, וואָס איז פאַרבליבען ביי קאַטאַלינאַ, און ווייסען גאָרניט, אַז זיי זיינען אין אַ מוזעי. זיי לעבען. אפשר די איינציגע, וואָס וואָלטען גע־קאָנט דערצעהלען — אָבער זיי זיינען שטום.

און צווישען די בוימער, אין דעם קלאָרען וואַסער, אויף דעם גרונט פון דעם אָקעאַן — אַ פּנים, אַ מענשליך פּנים. אַ מערק־ווירדיג פאַרב — בלייך און בלויליך. אַ פּנים אָהן אַ גוף. אָט דאָרט, צווישען די פיש מיט די שווערטען, אין די פערלמוטער־געפאַרבטע צווייגען פון די זיך־שאָקעלדיגע בוים־קרוינען. איז דאָס אויך פון אַמאָל? דער פּנים פון דעם „אָדם קדמון”, אָט דער סודות־מענשען פון דער אַלטער לעגענדע, וואָס איז פאַרבאָר־גען ערגעץ אין די ערד־טיפענישען, אויף דער פאַרטרוקענער אינ־זעל אַטלאַנטיס — דער מענש, וואָס האָט אין זיינע הענט דעם שליסעל צום וועלט־סוד?

אויגען פון אויבען קוקען זיך אייך אין אויגען פון אונטען, און זוכען זיך צו דערקענען. און קאָנען ניט. צו ווייט איז דער וועג — צו טיף.

„לוק, לוק, דזשאַסט לאַיק עי מיראָר!” דערהער איך אַ קול פון אַ מיידעל לעבען מיר, און איך זעה, ווי זי נעמט אַרויס מיט אַ שמייכעל דעם פודער־פושקעלע און פאַרווייסט זיך אויף גיך די נאָז. איך טו אַ קוק אַראָפּ — און אַפּנים אין דעם אָפּגרונט טהוט דאָס אייגענע. אַ נימפע פון פאַרצייטענס — פודערט זיך די נאָז.

און איך דערקען דאָס פּנים צווישען די צווייגען: עס איז מיין אייגענס. דאָס בין איך דער לעגענדאַרישער אָדם הקדמון, וואָס לעבט אין דער אַטלאַנטיס. און איך צולאַך זיך — מיין פּנים אין ים לאַכט אויך.

זיינען אַלע „סודות” אַזוי פּשוט? אָדער איז אין יעדער פּשוט'קייט אַ סוד? און ווער ווייסט, אפשר איז עס דאָך געווען דער אָדם הקדמון, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט אויף אַ וויל? מען דאַרף דאָך טיף, טיף אַראָפּשטייגען, ביז צום לעצטען גרונט, כדי איהם צו דערזעהן!

4

פּנימ׳ער אין ים — אַ ים פון פּנימ׳ער. עס איז אפשר דאָס שטאַרקסטע, וואָס מען זעהט, ווען מען פאָהרט. איך האָב אָפט געטראַכט דערפון, וואָס פאַר אַ וואונדערבאַרע טעמע פאַר אַ קינסטלער: „וואָס איך האָב ניט געזעהן", ריכטיגער, וואָס איך האָב בלויז געזעהן, איינמאָל, אויף אַ רגע, און ניט מעהר. מיט יאָהרען צוריק האָט אין דער ליטעראַרישער וועלט אָנגעמאַכט אַ רושם אַ בוך, וואָס האָט געהייסען: „בריף, וואָס האָבען ניט דערגרייכט". דאָס בוך פון אַ דאַמע, דער פרוי פון אַ דיפּלאָמאַט אין כינאַ. אַ גוט בוך, אָבער דעם רושם האָט געמאַכט ניט אַזוי פיל דער אינהאַלט, ווי דער נאָמען פון דעם בוך, „בריף, וואָס האָבען ניט דערגרייכט". שוין אין דעם נאָמען אַזוי פיל שטימונג, אַ שאַרף פון ווייטע פליגלען, אַ שאָטען פון פאַרבייאַיילענדען לעבען. אַ סימבאָל. ניט־דערגרייכטקייטען, ניט־דערלעבטקייטען.

איך בין פאַרבייגעפאָהרען שטעדט, שטעדטלעך. איינזאַמע, פאַרוואָרפענע, שטעהען אַליין אין דער ווייטער וועלט. אומפאַרשטענדליכקייטען. אַ שטעדטעל ווינעמאקא. ערגעץ אין דער מדבר פון נעוואַדאַ. פינף מינוטען דאָרט געשטאַנען, פינף מינוטען איינגעזאַפּט אין זיך די לופט פון אַ פרעמדען לעבען. אַ פרוי פיהרט אַ וועגעלע מיט אַ קינד, אַ מאַן געהט צו דער אַרבייט, אַן אויטאָמאָביל פאָהרט אויף דעם וועג. פון ערגעץ געהט אַ רויך. אין די פּאָר מינוט בין איך אַ טייל פון דער סביבה, אַ סילועט צווישען די סילועטען. אין די פינף מינוט לעב איך מיט און אין ווינעמאקא. און אויף דער זעקסטער מינוט — אויס, פאַרשוואונדען, אויף אייביג. קיינמאָל, קיינמאָל וועט עס זיך ניט צוריקקעהרען. קיינמאָל וועל איך ניט זעהן דאָס אייגענע מיט די אייגענע אויגען. ניט איך ווינעמאקא, און ניט ווינעמאקא מיך.

לעבען, וואָס דערגרייכט ניט; לעבען, וואָס פליהט פאַרביי. פינף מינוט, פינף יאָהר — אַ גאַנצער לעבענסוועג: סילועטען, וואָס יאָגען זיך צום תהום; בילדער, וואָס פאַרגעהען — רויך. ערגעץ בלייבט עפּעס. ערגעץ — אָבער וואו?

אָקטאָבער 26, 1924